אליהו רייזמאַן

## וואַקסט־זשע, קינדער

וואַקסט־זשע, קינדער, ווי די בלומען.
פרוכטבאַר איז ביי אונדז דער באָדן,
ס׳איז אַ דור אין פלאַם פאַרגאַנגען,
טרייסט זיין אַש מיט אייער קומען.

וואַקסט ווי זאַנגען אויף די פעלדער,
ווי אין הימל קלאָרע שטערן —
ס׳איז אַ דור מיט רויך פאַרשוווּמען,
זאָל פון אייך אַ נייער ווערן!

אויף די ליפּלעך יידיש לשון,
שוואַרצע אייגלעך, שוואַרצע קרויזן,
מיט אַ יונג און פריש געלעכטער —
וואַקסט־זשע, קינדער, ווי די רויזן!

איר זאָלט וואַקסן, ליבע קינדער,
שטאָלצע יידן, פרייע מענטשן —
ווען דער הימל און די ערד אייך,
ווי די טאַטע־מאַמע בענטשן.

ביי דעם האַמער און דעם אַקער,
ביי מאַשין, ביים סערפּ דעם שאַרפן,
ביי דער זעג און ביי דער קעלניע,
ביי דער ביקס, מען זאָל נישט דאַרפן...

קינדער שטערן, קינדער זונען,
וואַקסט ווי שוואָמען נאָך) אַ רעגן,
זאָל דאָס ליכט פון אייער קומען,
שיינען העל אויף אַלע וועגן!

ש. לאַסטיק

# צוריק צו דער אַרבעט

אויפֿן הויף איז מיט יעדן טאָג אַלץ רוישיקער געוואָרן. די קינדער, פֿאַרברוינטע פֿון זון און ווינט, זענען צוריקגעקומען פֿון די קאָלאָניעס און לאַגערן, ווו זיי האָבן פֿאַרבראַכט די וואַקאַציע־צייט. יעדער איז געווען פֿול מיט פֿרישע איינדרוקן און האָט וואָס שנעלער געוואָלט דערציילן זיינע חברים ווו ער איז געווען און וואָס ער האָט דאָרט טשיקאַוועס געזען. פֿאַר גרויס אומגעדולד איז מען זיך אַריינגעפֿאַלן אין די רייד און ס'איז געוואָרן אַ טומל.

איטקע, די שילערין פֿון פֿינפֿטן קלאַס, מיט דעם שיין־אויסגעפּרעסטן ר'ויטן קראַוואַט און צייכנדלעך אויפֿן אַרבל פֿון איר גרויען סקויטן־אוני־פֿאָרם, האָט דאַן, ווי די עלטסטע צווישן זיי, זיך אָפּגערופֿן:

— קינדער, איר רעדט אַלע מיטאַמאָל און מען הערט דעריבער קיינעם נישט. אויב איר ווילט, וועל איך זיין די לערערקע און וועמען איך וועל הייסן דער וועט דערציילן.

— גוט! — האָבן די קינדער מסכים געווען.

— אויב אַזוי — האָט זיך אָפּגערופֿן איטקע — זאָל דערציילן מאָטעלע, ער איז דער ייִנגסטער.

די קינדער האָבן זיך אויסגעזעצט אין אַ ראָד.

מאָטעלע איז געווען ביים ים. דערציילט ער וועגן פֿאָרט אין גדיניע:

— גרויסע שטאָלענע הייבערס מיט לאַנגע שנאָבלען, ווי ביי בושלען, הייבן אויף שווערע פּעק מיט סחורות, אַפֿילו אויטאָס!... אַ שטאָלן קעסטל צעעפֿנט אַ ברייט מויל, ווי אַ היפּאָפּאָטאַם, און נעמט אָן אַ באַרג מיט קוילן, דרייט זיך פֿאַמעלעך אויס צו דער שיף, צעעפֿנט ווידער דאָס מויל און שפּייט אַריין די קוילן אין שיף אַריין... און די שיפֿן זענען גרעסער פֿאַר אונדזער הויז — ריזן גאַנצע!

און ער גיט צו:

— איך האָב זיך געבאָדן מיטן טאַטן אין ים. אָך, ווי קאַלט דאָס וואַסער איז דאָרט און עס גלאַנצט מיט די שענסטע קאָלירן!... איינמאָל, ווען מיר האָבן מיט אַ מאָטאָר־שיפֿל שפּאַצירט אויפֿן ים, האָט מיר אַזוי געקלאַפּט דאָס האַרץ... דאָס שיפֿל האָט ווי אַ ווילדע ציג געשפּרונגען איבער די הויכע כוואַליעס, און ס'האָט זיך מיר געדוכט, אַז אָט־אָט פֿאַל איך אַריין אין וואַסער.




ס'איז נישט קיין שפּילעכל דער ים! — דערקלערט מאָטעלע ערנסט. — די כוואַליעס זענען דאָרט העכער פון אַ גרויסן מענטש און אַזעלכע בייזע, אַז אַ שוים שפּריצט אַזש פון זיי...

— מאָטעלע — רופט זיך אָפּ איטקע — אויף היינט גענוג. איצט זאָל אונדז דערציילן כאַנעלע.

כאַנעלע האָט זיך אויפגעשטעלט און אָנגעהויבן:

— און איך בין געווען אין נידערשלעזיע. אין שקלאַרסקע פּאָרעמבע. דאָרט איז אַזוי שיין! הויכע, הויכע בערג מיט שפּיציקע סקאַלעס איז צו זען אַרום. ווען מען גייט אַרויף אויף אַ באַרג און מע קוקט אַראָפּ אין טאָל אַריין, דוכט זיך אויס, אַז די הייזער זענען קיין הייזער נישט, נאָר שפּילמישן אין קאָפּ, ווען איך האָב אַראָפּגעקוקט... און רווישיקע טייכלעך לויפן פון די בערג... און אין די אַרומיקע שטעטלעך זענען פאַראַן קוואַלן, וואָס היילן מענטשן.

מיר האָבן דאָרט אויך באַזוכט אַ פאַבריק פון קרישטאָל, ווו עס אַרבעטן פּאָליאַקן, דייטשן און יידן...

איטקע האָט געזען, אַז כאַנעלע קלייבט זיך נישט אַזוי גיך צו ענדיקן, האָט זי איר איבערגעריסן:

— גענוג, כאַנעלע, זעץ זיך. זאָל איצט דערציילן יאַנעק. ער קאָן דאָך שוין נעבעך נישט איינזיצן אויף אַן אָרט. זעט נאָר, ווי אומגעדולדיק ער איז...

יאַנעק איז באַקאַנט געווען אין הויף אַלס אַ שטיפער, פריילעכער דער־ציילער און איבערקרימער. די קינדער האָבן שטאַרק ליב געהאַט צו הערן יאַנעקס מעשׂיות. און איידער ער האָט נאָך אָנגעהויבן דערציילן, האָבן שוין די קינדער געשמייכלט.

— איך וועל אייך דערציילן וועגן אַ מיידעלע, פּעלע. פּעלע איז גע־ווען ביי אונדז אין גרופּע. אירע אויגן זענען געווען ווי פּאַרוויינט. אַזוי האָבן זיי געגלאַנצט. זי איז טאַקע אויך געווען אַ ביסל אַ צעקראָכענע, אויף אַלץ געקרימט מיט דער נאָז, אָפט געוויינט, קיין זאַך איז איר נישט געפעלן, און אַלץ האָט איר געשראָקן. בעבלעך, פּאַסאָליעס הייסט עס, עסט זי נישט. גיין אין וואַלד אַריין — וויל זי נישט. איר שרעקט דער וואַלד ... מיט ד ע ר חברטע וויל זי נישט שטיין אין איין ריי, ווייל זי איז אויף איר באַליידיקט... בלויז איין זאַך האָט פּעלע שטאַרק ליב געהאַט: זינגען! און געזונגען האָט זי די לידער מיט האַרץ. מיט געפיל, אַז ס'איז אַ מאַכל גע־ווען צו הערן.

אונדזער קאָלאָניע האָט זיך אָנגעהויבן גרייטן צו אַ פאָרשטעלונג. אַלע טאָג האָבן מיר געהאַט פּראָבעס: געשפּילט, געזונגען, געטאַנצט. איינ־מאָל זאָגט צו אונדז דער געזאַנג־לערער: לאָמיר היינט אַ פּאָר מאָל איבער־זינגען די גאַמע. דאָס איז גוט פאַר דער שטימע, פאַרן געהער...

מיר הייבן אָן: דאָ—רע—מי—פאַ—סאָל—לאַ—סי, און אַלע באַמערקן, ביי „פאַ—סאָל“ האָט פאַרפעלט פּעלעס גלעקלדיק שטימעלע. דער לערער האָט עס אויך באַמערקט:

— פּעלע, פאַרוואָס זינגסטו נישט? „פאַ—סאָל, לאַ—סי“...

פּעלע שטייט מיטן פאַרקרימטן נעזל און שווייגט, און די אויגן? נאָך אַ ווײַלע און עס הייבט אָן רעגענען!.... וואָס ווייזט זיך אַרויס? „דאָרע“ איז איר בעסטע חברטע זינגט זי גערן, „מי“ — ס'הייסט אַרבעט — האָט זי ליב, אָבער „פּאַסאָל“ עסט זי נישט און פאַר „לאַסי“ האָט זי מורא... נו, וויל זי נישט זינגען וועגן זאַכן, וואָס זי האָט נישט גערן.

אַלע קינדער האָבן זיך צעלאַכט — אָן איינפאַל פון אַ פּעלען...

— האָט זי טאַקע נישט געזונגען? — האָט נייגעריק אַ פרעג געטאָן רעניע.

— וואָס הייסט, נישט געזונגען? — האָט געענטפערט יאַנעק. — דער לערער האָט איר דערקלערט, אַז פאַ—סאָל—לאַ—סי דאָס זענען נע־מען פון באַזונדערע טענער און נישט קיין ווערטער, אַז דער וואַלד איז דער בעסטער פריינד פון מענטשן און פּאַסאָליעס זעטיקן, פּונקט אַזוי ווי פלייש.... ער האָט אויך דערציילט, אַז אין ראַטנפאַרבאַנד ווערן איצט סטעפּעס, וויסטע געביטן באַוואַסערט און באַוואַלדיקט, אַז בלויז דער וואַלד איז פעיק

צו פֿאַרהיטן די פֿייכטקייט פֿון באָדן און שיצן די ברויט־געוויקסן פֿון ביי־זע ווינטן...

— אָט אַ גערעטעניש, די פֿעלע — האָט יאַדזשע נישט אויסגע־האַלטן און אַריינגעוואָרפֿן אירע דריי גראָשן...

— אַ גערעטעניש, זאָגסטו? — האָט זיך אָפּגערופֿן צילע. — ביי אונדז אויף דער קאָלאָניע איז געווען אַ מיידעלע, האָט מען זי טאַקע אַזוי איבערגערופֿן. איר ווילט, וועל איך אייך דערציילן פֿאַרוואָס.

— דערצייל, דערצייל! — האָבן די קינדער געזאָגט.

די זון האָט זיך שוין לאַנג געזעצט, בלויז ביים סאַמע הימל־ראַנד איז נאָך געווען צו זען אירע פֿייערדיק־רויטע שטרייפֿן מיט גאָלד באַזוימט. עס איז געוואָרן טונקל. אָבער די קינדער האָבן עס ווי נישט באַמערקט.

צילע האָט אָנגעהויבן:

— אַ קליין, דאַר מיידעלע, באַשעלע האָט זי געהייסן, האָט ווייזט אויס געלערנט אין שול, צי געלייענט אין אַ ביכל, אַז וואָס בעסער מע שאַרט אַרום די קאַרטאָפֿל־שטענגלעך בעתן בליען, אַלץ אַ גרעסער גערע־טעניש באַקומט מען. נו, האָט זי איינמאָל, באַמערקנדיק אַז אין אונדזער גאָרטן הייבן אָן בליען די קאַרטאָפֿל אויף דער בייט, זיך אויפֿגעהויבן קאַ־יאָר, גענומען אַ לאָפּעטקעלע און איז אַוועק אַרומשאַרן די קאַרטאָפֿל.

מיר גייען גאַנצפֿרי אַרויס אין גאָרטן און גלויבן נישט אונדזערע אויגן! אַ שטיק קאַרטאָפֿל־בייט איז פֿאַרשוווּנדן. מע זעט בלויז קראָטן־בערגלעך, מער גאָרנישט.

— וואָס איז געשען? — פֿרעגן מיר. — ווער האָט פֿאַרשאָטן די קאַר־טאָפֿל?

— איך! — ענטפֿערט דאָס קליינע באַשעלע שטאָלץ. — ביי אונדז וועט זיין דאָס גרעסטע גערעטעניש!

טאַקע פֿון דעמלט אָן האָט מען זי אויף דער קאָלאָניע גערופֿן „דאָס גערעטעניש“.

ווער [ווייסט, [ווי לאַנג דער שמועס וואָלט נאָך געדויערט: דער־ציילער זענען געווען אַ סך, נאָר כאַנעלעס מאַמע האָט זיך באַוויזן אויפֿן באַלקאָן און אַ רוף געטאָן:

— כאַנעלע, קום אין שטוב, שוין צייט צו מאַכן נאַכט. האָסט פֿאַר־געסן, אַז מאָרגן גייסטו שוין אין שול אַריין?...

— יאָ, מאָרגן גייען מיר שוין צוריק אין שול! — האָבן די קינדער געטראַכט. — ערשט דאָרט וועט מען זיך אָנהערן מעשיות... און ס'האָט פאַר זייערע אויגן אַ לייכט געטאָן די שול מיט אירע גערוימע ליכטיקע צימערן, ברייטע קאָרידאָרן, פריילעכע שפּילערייען און אינטערעסאַנטע לעקציעס...

איטקע איז אויפגעשטאַנען און אַ זאָג געטאָן:

— אַ גוטע נאַכט, חברה! — מאָרגן אין שול אַריין. צוריק צו דער אַרבעט! זייט גרייט!

אַ גוטע נאַכט! שטענדיק גרייט! — האָט אַ קלונג געטאָן דער ענטפער פון די אויסגערוטע, מונטערע קינדער.

עזרא פינינבערג

# זומער־לעב

דורך וועלדער אין זומער־טאָג לאָז איך זיך שפּאַנען
און קום און געפין זיי.
אין מיטן די ריזיקע וועלדער פאַראַנען
אַ ליכטיקער אינדזל.

אַ לאָנקע אַ ברייטע מיט גראָז מיט הויכע,
און קינדערלעך רעשן.
אין טאָג אינעם פריילעכן יונגינקע כוחות
זיך פאַשן.

אַ חבר — דאָס טייכל, אַ חבר — די וואַלד־טיף,
דער קאָרן מיט בלומען,
אַ חבר — די וועלט איז, דער זוניק־צעשטראַלטער,
דער היימישער זומער.

איר שוועסטערלעך ליבע, איר ברידערלעך רייכע,
אַהער כ'בין געקומען
מיט אייך צו פאַרברענגען אויף לאָנקעביים טייכל
אַ טאָג אין אַ זומער.

איר ברידערלעך יונגע מיט אויגן, וואָס שיינען,
איך בין אייך מקנא.
אָ, טייערע ברידערלעך, נעמט מיך אַריינעט
אין אייער קאָמפּאַניע!

זיי נעמען אַריין מיך, זיי שלעפּן מיך, ציען
דעם טייך מיר באַוויזן.
זיי זינגען מיר לידער פון גילדענע פריען
און זעלטענע רייזעס.

יאָ, איינער וועט פירן אין מעכטיקע שטרייטן
דאָס מעכטיקע חייל,
אַ צווייטער וועט פליען מיט העלדן, מיט רייטער,
אַזוי ווי טשאַפּאַיעוו[1].

אַ דריטער וועט דורכשווימען שטורמישע ימען
מיט וועלט־קאַפּיטאַנען,
אַ פערטער וועט זיגן מיט טאַטעס און מאַמעס,
צום וועלט־זיג דערשפּאַנען.

צעשפּרייט זיך אַ שטילקייט, אַ הימל מיט שטערן
אויף בערג און אויף טאָלן.
קאָלומבוס[2] און טשקאַלאָוו[3] און שטשאָרס[4] און זשול־ווערן[5]
קומען צו חלום.

---

1 טשאַפּאַיעוו — אַ העלד פון דער אָקטאָבער־רעוואָלוציע.

2 קאָלומבוס — א גרויסער רייזנדער, דער אַנטדעקער פון אמעריקע.

3 וואַלערי טשקאַלאָוו — אַ באַרימטער פליער. דער ערשטער אַדורכגעפלויגן דורכן צפון־פּאָל קיין אַמעריקע.

4 שטשאָרס — אַ העלד פון בירגער־קריג. אומגעקומען אין קאַמף מיט די אינ־טערווענטן.

5 זשול־ווערן — אַ פראַנצויזישער שרייבער. געשריבן אַ סך רייזע־געשיכטעס.

א. טורגעניעוו

# דער וורובעל

איך האָב זיך צוריקגעקערט פון יאַגד און געגאַנגען מיט דער סאָד־אַלייע. דער הונט איז געלאָפן פאַר מיר.

פלוצעם האָט ער פאַרלאַנגזאַמט זיינע טריט און זיך אָנגעהויבן אונטערגנבענען, ווי ער זאָל דערפילן פון דער נאָענט פאַנג.

איך האָב אַ בליק געוואָרפן לענג־אויס דער אַלייע און באַמערקט אַ יונגן וורובעל, מיט געלקייט ביים שנאָבל און פוך אויפן קעפל. ער איז אַרויסגעפאַלן פון נעסט (דער ווינט האָט שטאַרק געשאָקלט די בעריאָזעס פון דער אַלייע) און געזעסן אומבאַוועגלעך, הילפלאָז פאַנאַנדערשפּרייטנדיק די קוים באַוואָקסענע פליגעלעך.



מיין הונט האָט זיך לאַנגזאַם דערנעענטערט צו אים, אָבער פלוצעם איז אַראָפּגעשפּרונגען פון דערנעבנדיקן בוים אַן אַלטער, שוואַרצברוסטיקער וורובעל און ווי אַ שטיין געפאַלן נעבן הונטס פּיסק — און אינגאַנצן אַ צעזויפגעקוילטער, צעקרימטער, האָט ער מיט אַ שרעקלעכן און טרויעריקן פּישטש צוויי מאָל אַ שפּרונג געטאָן אין דער ריכטונג פון שאַרפציינקן צעעפנטן פּיסק.

ער האָט זיך אַ וואָרף געטאָן ראַטעווען, ער האָט מיט זיך פאַרשטעלט זיין קינד... נאָר דאָס גאַנצע קערפּערל זיינס האָט געשוידערט פאַר שרעק. דאָס שטימעלע איז געוואָרן ווילד און הייזעריק, ער איז פאַרשטאַרבן געוואָרן. ער האָט זיך מקריב געווען.

סאַראַ ריזיק באַשעפעניש האָט אין זיינע אויגן באַדאַרפט אויסזען דער הונט!

און דאָך האָט ער נישט געקאָנט איינזיצן אויף זיין הויכער, זיכערער צווייג...

אַ קראַפּט, וואָס איז שטאַרקער פאַרן ווילן, האָט אים אַראָפּגעשליי־דערט פון דאָרטן.

מיין טרעזאָר האָט זיך אָפּגעשטעלט, זיך צוריקגעצויגן... ווייזט אויס, אַז אויך ער האָט באַוואונדערט די דאָזיקע קראַפט.

איך האָב גלייך אַוועקגערופן דעם פאַרשעמטן הונט — און בין אַוועק־געגאַנגען.

## פראַגעס און אויפגאַבעס:

1. פאַרוואָס האָט זיך דער הונט צוריקגעצויגן?
2. פאַרוואָס האָט דער אַלטער ווראָבעל זיך אַ וואָרף געטאָן אויפן הונט? צי איז דען אימשטאַנד אַ ווראָבעל זיך אַקעגנשטעלן אַ הונט?
3. ווי רופט מען עמעצנס אַ טאַט צו ראַטעווען אַ צווייטן, ווען ער שטעלט זיין אייגן לעבן אין געפאַר?
4. שטעלט צונויף אַ פּלאַן פון דער דערציילונג און שרייבט אָן אַן אַרבעט וועגן ליבע, וואָס איז שטאַרקער ווי דער טויט.

רחל בוימוואָל

## טאָרע

אין אוקראַינע כ'בין געווען,
דאָרט אַ דערפעלע געזען
ס'איז מיט עפּל פול פאַרפלייצט,
יעדער סאָד מיט עפּל רייצט.
זענען עפּל לאַנג שוין רייף,
ווייניק, דורכזיכטיק און שטייף,
קופּעסווייז צונויפגעשאַרט —
קליין און גרויס און ווייך און האַרט.

קוקט אויף זיי די שטאָט אַרויס,
דאָרט באַלעקט זיך קליין און גרויס,
דוכט זיך, נעם און שיק אַרויס —
ווזשע זוכט מען טאַרע אויס?
קעסטלעך, קאָשיקעס און קוישן
אויף איינצופּאַקעווען די אויבסן?

ווען ס'וואָלט זיין כאָטש ברעטלעך, טשוועקעס,
שטרוי פאַר עפּל — רויטע בעקלעך,

אָדער קאַסטנס, פּעסלעך אַלטע
אויף די עפּל אויסבאַהאַלטן
פון דער קעלט און פונעם ווינטער
פאַר דער שטאָט מיט אירע קינדער.

איז אין דאָרף נישטאָ קיין טאַרע.
טאָמער רוקט זיך אָן אַ כמאַרע
מיט אַ רעגנדיקער כוואַליע,
וועלן עפּל ווערן קאַליע,
וועלן עפּל ווערן פויל,
נישט צו נעמען זיי אין מויל.

זענען קינדער זיך מיישב —
גרוניעס רינג, אויך סענדערס, יאַשעס:
„ס׳איז נישטאָ זיך וואָס צו קלייבן.
לאָמיר גיין און טאַרע קלייבן.“

טאַרע — כמאַרע, כמאַרע — טאַרע,
נישט כדאי צוליב אַ כמאַרע
זאָלן עפּל ווערן פויל,
נישט צו נעמען זיי אין מויל.
גיט די שטאָט אונדז העפטן, ביכער —
לאָמיר עפּל שיקן גיכער“.

און באַשלאָסן ט׳מען אַזוי:
קלייבן קעסטלעך, קוישן, שטרוי,
אומצוגיין איבער די גאַסן
זוכן פּעסלעך, אַלטע קאַסטנס.
נאָר נישט אומעטום געלינגט:
ס׳איז די אַרבעט ווייט נישט גרינג.

זאָגט אַ פּויער: „צ׳וואָס זיך איילן?
ס׳איז דער ווינטער פאַר אַ מייל נאָך“.
און אַ צווייטער: צ׳וואָס דער ליאַרעם?
ס׳איז דערווייל אין דרויסן וואַרעם“.
און אַ דריטער פּונקט פאַרקערט:
„ס׳הענגט אַ כמאַרע אויף דער ערד,
קלייבן טאַרע איז שוין שפּעט,
ס׳הענגט אַ כמאַרע, — רעגענען וועט“.

אָבער קינדער טענהן זייערס:
„נאָכדעם רעדן — טאַרע פריער.
וואָס אונדז טאַרע — כמאַרע — טאַרע.
נישט כדאַי צוליב אַ כמאַרע
זאָלן עפּל ווערן פויל,
נישט צו נעמען זיי אין מויל“.

און צו ביסלעך נעמט מען שלעפּן:
דער אַ קעסטל מיט אַ דעקל,
דער אַ קעסטל אָן אַ דעקל,
דער אַ קיישל מיט אַ לאָך, —
קלייבן קינדער נאָך און נאָך.
„לאָמיר אין די הויפן שאַרן,
אַלץ קאָן טויגן אונדז אויף טאַרע.
אויב האָסט שטרוי, טאָ וויַיז אַהער,
סטרוזשקעס האָסטו — גיב וואָס מער“.

קורץ: צו ווערן זיך געווענדט —
אַלץ געגעבן, וואָס געקענט...
און דערזען אַזוי פיל טאַרע,
האָט דערשראָקן זיך די כמאַרע —

אָן אַ רעגן זיך צעגאַנגען,
בלויז אַ נעפּל אויפגעהאַנגען,
בלויז געשיקט אַ טוי אויף בייטן:
זאָלן קינדער רואיק גרייטן
פאַר די רייפע עפּל, טאַרע.
נישט כדאַי צוליב אַ כמאַרע
זאָלן עפּל ווערן פויל
נישט צו נעמען זיי אין מויל.

ישפעטער זענען קעסטלעך, קוישן
פול געפּאַקט געווען מיט אויבסטן.
ס'איז אַ צוג פון שטאָט געקומען
און אין שטאָט זיי צוגענומען.
פינף מינוט נאָך פאַרן קלונג
איז געקומען יאַשעס רינג.

אָבער גרוניעס רינג און סענדערס
זענען שוין פון לאַנג געווען דאָ.

האָט דער צוג געגומען פייפן,
פונקט ווי אַלע עפּל רייפע,
וואָס געפינען זיך אין אים,
וואָלטן צוגעגעבן שטים.
ווי דער גלאָק האָט זיך צעקלונגען,
האָבן אַלע זיך צעזונגען
אָט די ליד, וואָס אויסגעקלערט
האָט זי יאַשע פּיאָנער.

## פראַגעס און אויפגאַבעס:

1. פאַרוואָס האָבן די פּיאָנערן אָנגעהויבן קלייבן - טאַרע?
2. פאַרוואָס האָבן זיי געזאָרגט, אַז די פרוכט זאָלן געשיקט ווערן אין שטאָט? (געפינט די שורות, ווו די קינדער דערציילן, וואָס זיי באַקומען פון שטאָט).
3. פאַרוואָס האָבן זיי זיך געשראָקן פאַרן רעגן? (געפינט דאָס אָרט, ווו עס רעדט זיך וועגן דעם, וואָס ס׳וואָלט געוואָרן, ווען די עפּל זאָלן פאַרנעצט ווערן).
4. ווי וואָלסטו אָנגערופן די פּיאָנערן?



י. מ. ווייסענבערג

## סוף זומער

די זון רוקט זיך וואָס אַ טאָג ווינקלדיקער אַוועק. דאָס ווינטל בייט זיך. די לופט ווערט גרינגער, לויטערער און בלאָזט שוין קיל, גלעטנדיק איבער די פּנימער, און רוימט עפּעס סודות איין... די שטראַלן ווערן רויט-לעכער, צעגיסן זיך מיט אַן אָפּגעקילטער רויטלעכקייט און עפּעס פרעמ-

־אַכט זיך, אויף דער קילער ערד. עפּעס טוט איר באַנג און זי שווייגט...
טרויעריק־זייטיק שאַרט זי זיך, און אַ האַלבער טאָג גערויערט איידער זי
באַווייזט אַ פּריי געמיט... און ווערט שוין האַלבער טאָג, שפּרייטן ערשט
קוים די פייגעלעך צו איינציקע פליגעלעך אוים, צופן עפּעס מיט די פּיס־
קעלעך אונטער אַ פליגעלע אַרונטער, גריבלען זיך מיט די בייכלעך, מיט־
צעלאָזטע פליגעלעך איבערן שפּיץ דאַך, און קוים־קוים וואָס זיי פּרוון אי־
בערהיפּטן פון איין שפּיץ שנידל אויפן אַנדערן, צופּישטשענדיק מיט
רחמנותדיקע קוילעכלעך.

און די פאַרנאַכטן ווערן אַנדערש. וואָס אַ טאָג, פאַלט די נאַכט גע־
שווינדער צו. און איידער מע קוקט זיך אום, הייבט זיך שוין די זון אָן
אַראָפּצולאָזן אין אַן אַנדער ווינקל, אונטער די רויטע וואָלקנדלעך, וואָס
זוכן זיך אַ נאַכטלעגער הינטערן וועלדל. שטיל ציען זיך אוים די שאָטנס
איבער די גאַסן, ווי פינצטערע אויסגעלאָשענע בעקערשע אויוונס.

און נאָך קעלטער ווערן די נעכט.

דער הימל אַרום ליגט ווי אַ קרישטאָלענע דעק, אויסגעפּלאַסטערט
מיט שאַרפע, שניידיקע, בליצנדיקע שטערן, וואָס גראָבן זיך און גראָבן
אין דער טיפער בלויער נאַכט אַריין.

די פאַרטאָגן זענען ווייסע. אַ ווייסער דיקער טוי הילט דעם מאַרק
מיט די דעכלעך איין פון קאָפּ ביז צו די פּיס.

קאַלטע, רויטע זון־אויפגענג, רויטלעך־קילע טעג.

## פראַגעס:

1. ווי זעט אוים דער פרימאָרגן סוף זומער?
2. לויט וואָס דערקענט דער שרייבער דאָס אָנקומען פון האַרבסט?
3. וויאַזוי זעען אוים די סוף־זומערדיקע פאַרנאַכטן (לייען איבער די שילדערונג).
4. ווי אַזוי זעען אוים די נעכט? ווי אַזוי די פרימאָרגנס?

פּ. אָטאָ

## פאַר דער גרויסער רייזע

וואָס זענען עפּעס די שוואַלבן אַזוי אומרואיק געוואָרן? זיי זענען
אויפגערעגט און האָבן זיך פאַרזאַמלט אין גרויסע מחנות.

אין אַ לאַנגער, לאַנגער שורה זיצן זיי אויפן פּלויט פון שול־הויף.
אפשר הונדערט. ניין — טויזנט, צוויי טויזנט!

און כסדר קומען צו נייע, פון אַלע נעסטן אין דאָרף קומען זיי. אויך
אין דער לופטן זענען זיי פול. אין שיינע בויגנס קרייזן זיי אַרום טורעם,

פליען פריילעך אַרויף צום הימל ביז אין די וואָלקנס אַריין. זיי לאָזן זיך האַסטיק אַראָפּ און שוועבן לאַנגזאַם צום דאַך צו. אַ ווײַלע רוען זיי, דער־נאָך הייבן זיי זיך ווידער אויף, און צוריק צו דער מתּנה. מיט די שנעבע־לעך פּוצן זיי פלײַסיק די פעדערן, פּאַכען מיט די לאַנגע, שפּיציקע פליג־לען, שטרעקן זיך אויס אויף דער וואַרעמער האַרבסטיקער זון. זיי רעדן אַרום טויזנטער פאַרשידענע זאַרגן.

אַ געמורמל, אַ צווּיטשערײַ הענגט אין דער לופט.

— עס זאָל נאָר זײַן אַ גוט וועטער? — זאָגט איינע.

— שוין דאָס צווייטע מאָל, ווי איך מאַך אַ רייזע! — זאָגט אַ צוויי־טע.

— דאָס ערגסטע זענען די פייגל־כאַפּערס — באַקלאָגט זיך אַן אַנ־דערע.

— איך בין שטאַרק פאַרזאָרגט וועגן מײַן ייִנגסטן, דער רעכטער פליגל איז בײַ אים אַ ביסל שטײַף.

— שיין איז דאָס גרויסע בלויע וואַסער, אָבער אויך געפערלעך!

— מיר טוט ווי דאָס האַרץ צו פאַרלאָזן די באַלעבאַטים... דאָ אין פּוילן איז מיר בעסער, ווי אומעטום...

און אויף מאָרגן...

וווּ זענען זיי אונדזערע שוואַלבן?

ווײַט־ווײַט אַוועק אויף דעם וואַנדער־פלי אין פרעמדן וואַרעמען לאַנד.

ווי אָבער ווייסן זיי, אַז ס'איז צײַט אַוועקצופליען? ווער האָט זיי צונויפגערופן צו דער גרויסער האַרבסט־פאַרזאַמלונג אויפן שול־הויף? ווער ווײַזט זיי דעם וועג איבער באַרג און טאָל, איבער וואַלד און פעלד אי־בער לאַנד און ים, דורך נאַכט און ווינט און נעפּל?

וווּנדער איבער וווּנדער!

שטיל שטייען מיר און קוקן אויף די פּוסטע נעסטן אונטערן דאַך. עס קלעמט אַזוי דאָס האַרץ...

פליט אײַך, איר וואַנדער־פייגעלעך! אַ גליקלעכן וועג אײַך, איר שוועלבעלעך! האָט גליק אין אײַער ווײַטער רייזע! און קומט צוריק, קומט צוריק!

## פראַגעס און אויפגאַבעס:

1. פאַרוואָס האָבן זיך די שוועלבעלעך אָנגעהויבן צוזאַמענקלײַבן?
2. פאַרוואָס פליען זיי אַוועק פון אונדז?
3. צי האָסטו געזען אַ שוואַלבן־נעסט? דערצייל ווי זי זעט אויס.
4. צי ווייסטו ווען די שוואַלבן קומען צוריק?
5. פאַרוואָס זאָגט מען: „איין שוואַלב קאָן קיין זומער נישט מאַכן"?

# די שקאַפּע, די אייזלטע און די חזירטע

(אַן אַלט פאָלקס־מעשהלע)

ביי איינעם אַ באַלעבאָס אין שטאַל האָבן זיך געפיטערט אַ שקאַפּע, אַן אייזלטע און אַ חזירטע. דער חזירטע פלעגט דער באַלעבאָס אַריינדער־לאַנגען עסן נישט צוגעטיילט מיט אַ מעסטל. דער שקאַפּע און דער אייזלטע אָבער — צוגעטיילט מיט אַ מעסטל.

זאָגט איינמאָל די שקאַפּע צו דער אייזלטע:

— וואָס טוט ער, דער דאָזיקער שוטה[1]? אונדז וואָס מיר אַרבעטן אויף אים, דעם באַלעבאָס, כסדר — טיילט ער צו מיט אַ מעסטל, און איר, דער חזירטע, וואָס ליגט פּוסט־און פּאַסט מיט פאַרלייגטע פיסלעך, גיט ער צו פרעסן אָן אַ מאָס?

ענטפערט איר די אייזלטע:

— וואַרט צו, שקאַפּע! ס'וועט קומען די צייט, און דו וועסט זען סאַראַ סוף זי וועט האָבן, די חזירטע, ווייל נישט כדי איר כבוד אָנצוטאָן ווערט איר אונטערגעטראָגן דער פרעס, נאָר צום בראָך אירן.

ווען עס זענען אָנגעקומען די חגאות[2] האָט מען גענומען די חזירטע און מע האָט זי געקוילעט.

ווען מען האָט צו יענער צייט אָנגעהויבן אַריינדערלאַנגען גער־שטן דער טאָכטער פון דער אייזלטע, האָט זי עס בלויז אַרומגעניוכעט און זיך גע־שראָקן עס צו עסן.

האָט איר די אייזלטע, די מאַמע, געזאָגט:

— האָב נישט קיין אַנגסטן, טאָכטער מיינע, נישט ווייל די חזירטע האָט אַ סך געגעסן האָט מען זי געקוילעט, נאָר ווייל זי האָט גאָרנישט געאַרבעט.

---

[1] שוטה (שויטע) — נאַר, באַשעפעניש אָן פאַרשטאַנד.

[2] חגאות (כאַגאָעס) — יאָנטויווים, פייערונגען.





מ. פרישווין

# אַ וואַלד־פּליין

די בערעזקעס שיטן אַראָפּ זייער לעצט גאָלד אויף די יאָדלעס און אויף די איינגעשלאָפענע מוראַשניקעס. איך גיי מיטן וואַלד־שטעגל, און דער האַרבסטיקער וואַלד זעט מיר אויס, ווי אַ ים, און דער פּליין — ווי אַן אינדזל. אויף דעם אינדזל שטייען עטלעכע יאָדלעס. כ׳האָב זיך אונטער זיי געזעצט אָפּרוען.

ביי די יאָדלעס, ווייזט זיך אַרויס, איז דאָס גאַנצע לעבן אין דער הייך. דאָרט, אין דעם רייכטום פון שישקעס באַלעבאַטעווען די וועווערקעס און די פייגל־קרייצשנאָבל. פון אונטן אָבער, אונטער די יאָדלעס איז טונקל, פינצטער, און זעסט בלויז ווי עס פליען די שאָלעכצן: דאָס שיילן די וועווערקעס און קרייצשנאָבלען די יאָדלע־שישקעס און קריגן פון זיי אַרויס די געשמאַקע קערנדלעך. פון אַזאַ קערנדל איז אַמאָל אויסגעוואַקסן אויך אָט די יאָדלע, אונטער וועלכער איך זיץ איצט.

דאָס קערנדל האָט אַמאָל פאַרטראָגן דער ווינט, און ס׳איז געפאַלן אונ־טער אַ בערעזע צווישן אירע נאַקעטע וואָרצלען. די יאָדלע האָט אָנגעהויבן וואַקסן, און די בערעזע האָט זי געשיצט פון דעם זון־גלי און פון פרעסט. איצט האָט שוין די יאָדלע דעריאָגט די בערעזע און שטייט אין איין ריי מיט איר, קרוין צו קרוין, מיט פאַרפלאָכטענע צווייגן.

איך זיץ שטיל אונטער דער יאָדלע אין מיטן וואַלדיקן פליין. איך הער, ווי עס שעפּטשען, פאַלנדיק, די האַרבסטיקע בלעטער. דאָס שעפּטשען פון די פאַלנדיקע בלעטער וועקט די האָז, וואָס שלאָפן אונטער די ביימער. זיי שטייען אויף און גייען אַוועק פון וואַלד.

אָט איז איינער פון זיי אַרויס פון אונטער די געדיכטע יאָדלעס און האָט זיך אָפּגעשטעלט פאַר דעם גרויסן פליין.

דער האָז הערט זיך צו, שטייענדיק אויף די הינטערשטע פיס, קוקט זיך אַרום: אומעטום איז אַ שעפּטשעריי, — וווהין גיין?

ער האָט נישט געוואַגט צו גיין דורכן פליין, נאָר איז אים אַרומגעגאַ־גען אַרום און אַרום. פון בערעזע צו בערעזע.

ווער ס׳האָט פאַר עמעצן מורא אין וואַלד, דער זאָל בעסער אהין נישט גיין דעמולט, ווען עס פאַלן די בלעטער און שעפּטשען צו זיך. עס הערט דעמולט דער האָז דאָס שעפּטשעריי און ס׳דוכט זיך אים אַלץ, אַז דאָס שמו־עסט עמעצן הינטער אים און גנבעט זיך אונטער. עס וואָלט זיך אויך דער שרעקעדיקער האָז געקאָנט אָננעמען מיט דרייסטקייט און זיך נישט אומ־קוקן אין אַלע זייטן, נאָר דעמולט וואָלט ער אפשר אַריינגעפאַלן אין אַן אמתער צרה: אונטערן גערויש פון די בלעטער לאָקט אויף אים דער פוקס. ווען אַ דרייסטער האָז קיין אַכט נישט לייגן אויפן שעפּטשען, ווען אים אין גערויש כאַפּן דער געלער פוקס.

## פראַגעס און אויפגאַבעס:

1. אין אַ וואָסער צייט פון יאָר איז דער אויטאָר געוועזן אין וואַלד?
2. וואָס האָט ער דערזען אויפן וואַלד־פליין?
3. וויאַזוי איז דאָס קערנדל פון יאָדלע געקומען אויפן וואַלד־פליין?
4. וויאַזוי האָט די בערעזע געהאָלפן דער יונגער יאָדלע צו וואַקסן?
5. צי איז די שרעקעדיקייט פון האָז אין האַרבסט־צייט (ווען עס רוישט אין וואַלד) באַרעכטיקט? פאַרוואָס?
6. פרוווו באַשרייבן דיינע איינדרוקן פון אַ באַזוך אין וואַלד.



אי. אי. קרילאָוו
ייִדיש: ל. אָליצקי

# דער שוואַן, דער העכט און דער ראַק

(משל)

ווען ביי חברים איז נישטאָ קיין אייניקייט אין טאַט,
ווערט זייער ענין נישט אַוועקגיין גלאַט,
אין נישט קיין ענין — צרות וועלן זיך באַקומען.

עס האָבן זיך אַ שוואַן, אַ העכט, אַ ראַק אַפירגענומען
אַ וואָגן מאַסע אָפּצופירן. זאַלבעדריט
מע שפּאַנט זיך איין אין אים אינאיינעם און מע ציט!
מע רייסט זיך פון דער הויט, נאָר ס'זאָל דעם וואָגן אַרן!
די מאַסע, דאַכט זיך, איז נישט שווער פאַר דעם געשפּאַן,
נאָר צו די וואָלקנס רייסט זיך אַלץ דער שוואַן,
דער ראַק ער קריכט אויף צוריק, דער העכט צום וואַסער טוט זיך שפּאַרן.
ווער שולדיק, ווער גערעכט איז — דאָס באַשיידט נישט אונדזער וואָרט,
נאָר היינט נאָך שטעקט דער וואָגן אויפן זעלבן אָרט.



מענדעלע מוכר-ספרים

# האַרבסט אין וואַלד

שאַ, שטיל איז האַרבסט-צייט אין וואַלד, און די שטילקייט דאָרט וואַרפט אָן אַן אומעט. די ביימער שטייען פאַרטראַכט, פאַרזאָרגט, גאָרנישט דער אויסזען, דאָס געשטאַלט, וואָס פריער. זייער שאָקלען מיט די צווייגן — דאָס איז אַ ברעכן מיט די הענט, זייער זשומען — דאָס איז אַ ביטערער יאָמער, אַ זיפצן, אַ קרעכצן פון אַ געטרייער מוטער, וואָס בלייבט איבער אַליין נאָך דעם, ווי אירע קינדער צעפאָרן זיך אין אַלע זייטן. דאָרט ווו עס האָט ערשט געלעבט, זיך געזעשט, געזונגען, געשפּרונגען אין איטלעכס ווינקעלע, איז אַצינד שטיל-רואיק, ווי אויף אַ בית-עולם. אַלצדינג דאָרט דערמאָנט אין דעם צעשיידן זיך מיט די ליבע, טיף אין האַרצן איינגעבאַקענע. נישטאָ די פריערדיקע לעבעדיקייט, די פרישקייט און אויפגערוימטקייט. אַלצדינג שטייט עפּעס ברוגז, ווי אומעטיק. דער הימל קוקט אויך נישט פריינדלעך און איז עפּעס שטאַרק אָנגעבלאָזן. וויסט איז די נעסט — די פייגעלעך זענען זיך צעפלויגן...

פֿאַרזאָרגט, פֿאַרטראַכט שטייט דער וואַלד, גלייך ווי ער פֿילט, אַז דאָס אויפֿהייבן זיך און אָוועקפֿליען פֿון זיינע שפּיל־פֿייגעלעך באַווייזט נישט אויף קיין גוטס. ער מעג זיך ריכטן, אַז באַלד וועט זיך אָנרוקן אויף אים אַ כמאַרע — דער ווינטער מיט זיינע ביטערע קעלטן. און ער איז דעריבער פֿאַראומערט, שטאַרק באַטריבט.

**פֿראַגעס:**

1. מיט וואָסערע ווערטער, באַצייכענונגען, באַנוצט זיך מענדעלע, ווען ער רעדט וועגן זומער?
2. אַ וועלכע אייגנשאַפֿטסווערטער און פֿאַרגלייכן באַנוצט מענדעלע וועגן האַרבסט און ווינטער?

אברהם רייזען

## ה אַ ר ב ס ט

ס'איז דער האַרבסט געקומען,
ס'וועלקן בוים און בלום;
געלע בלעטער זע איך
וואַלגערן זיך אום.

ס'קומט אַ ווינט אַ קאַלטער,
פֿייפֿט אַ לידל צו,
און די אָרעמע בלעטער
האָבן נישט קיין רו:

הייבן זיך און טאַנצן
טויטערהייט, אָן מאַכט;
און דער ווינט דער בייזער
פֿייפֿט, און שפּילט, און לאַכט...

י. ל. פּרץ

## ה אָ ב א י ך ג ע ה אַ ט אַ פֿ ײ ג ע ל ע

האָב איך געהאַט אַ פֿייגעלע
מיט פֿליגעלעך, ווי זייד,
האָט ס'פֿייגעלע פֿאַרלאָזן מיך,
אַנטלאָפֿן ערגעץ ווייט.

דערשראָקן האָט דער בייזער האַרבסט
דאָס פייגעלע, מיין קרוין.
פאַריתומט קלאָגט דאָס האַרץ אין מיר,
איך שטאַרק זיך, נאָר איך וויין.

ווו ביסטו, האַרציק פייגעלע,
ווו זינגסטו דיין געזאַנג?
צי ווייסטו, גאָלדן פייגעלע,
דער האַרבסט ער ציט נישט לאַנג?...

עס ציט נישט לאַנג דער בייזער האַרבסט,
און ווינטער גייט פאַרביי!
טאָ קום זשע, מיין ליב פייגעלע!
קום זינג אונדז אויפדאָסניי.

פרץ מאַרקיש

## האַרבסט

אויסגעגאַנגען און פאַרשלעפערט
איז דער גאָרטן, טויט און שטום;
שטייט אַ שמעטערלינג פאַרגליווערט
אויף אַן אָפּגעבליטער בלום.

נאָר אַ ווינטל רירט די פליגלעך,
גיט די בלימעלעך אַ דריי,
רייסט פון זיי זיך קליינע שטיקלעך,
נאָר דער בלום טוט שוין נישט וויי.

און אַ בין צו איר פאַרבלאָנדזשעט,
דורשטיק פון אַ וויטן וועג,
מיד, פאַרברענט, ווי זי פאַרבראָנדזעט,
גיט אַ שמעק און פליט אַוועק...

וואַלענטינאַ אָסיעיעוואַ

# פיר מעשהלעך

## 1. בלאָע בלעטער

קאַטיע האָט געהאַט צוויי גרינע בלייערס, און לענע האָט גאָרנישט געהאַט קיין בלייערס. איינמאָל האָט לענע געזאָגט צו קאַטיען:

— באָרג מיר אויס איינעם פון דיינע גרינע בלייערס.

— איך מוז צו ערשט פרעגן ביי דער מאַמען, צי זי דערלויבט. — האָט קאַטיע איר אָפּגעענטפערט.

וועןביידע מיידלעך זענען צומאָרגנס געקומען אין שול, האָט לענע זי געפרעגט:

— נו, די מאַמע דיינע דערלויבט?

— יאָ — האָט געענטפערט קאַטיע מיט אַ זיפץ — איך מוז אָבער איצט פרעגן מיין ברודער.

— גוט! פרעג דיין ברודער אויך. — האָט לענע געזאָגט.

אויף צומאָרגנס האָט לענע געפרעגט קאַטיען:

— נו, דער ברודער דיינער דערלויבט?

— יאָ, דער ברודער מיינער דערלויבט, נאָר איך האָב מורא, אַז דו וועסט מיר דעם בלייער צעברעכן...

— איך וועל גוט, גוט אַכטונג געבן. — האָט לענע געזאָגט.

— גוט, — האָט איר אָפּגעענטפערט קאַטיע — נאָר זיי זייער פאָר־זיכטיק, דריק נישט צו שטאַרק מיט אים, בייג אים נישט איין און צייכן נישט, איך בעט דיך, קיין סך...

— ניין, האָט איר געענטפערט לענע — איך דאַרף בלויז אויפ־צייכענען עטלעכע בלעטער אויף דיביימער און אַ ביסעלע גראָז.

— אָ, דאָס איז צופיל! — האָט געזאָגט קאַטיע, קנייטשנדיק דעם שטערן און דערביי געמאַכט אַ זויערע מינע.

לענע האָט אַ ווייל אויף איר אַ קוק געטון און איז אַוועק, נישט נע־מענדיק פון איר דעם בלייער. קאַטיע איז איר נאָכגעלאָפן:

— וואָס איז מיט דיר? נאַ דיר דעם בלייער!

— ניין, איך וויל נישט! — האָט געענטפערט לענע.

שפּעטער האָט דער לערער געפרעגט:

— לענע, פאַרוואָס האָסטו אַלע בלעטער געצייכנט אויף בלאָ?

— ווייל איך האָב נישט געהאַט, לערער, קיין גרינעם בלייער! האָט לענע געענטפערט.

— צי האָסטו נישט געקאָנט זיך אויסבאָרגן ביי דיינע חברטעס?

לענע האָט גאָרנישט געענטפערט, נאָר קאַטיע איז רויט געוואָרן און געזאָגט:

— איך האָב איר געוואָלט באָרגן אַ בלייער, נאָר זי האָט אים נישט געוואָלט נעמען.

דער לערער האָט אַ קוק געטאָן פון איינער אויף דער צווייטער און געזאָגט:

— ס'איז אַלץ אָפּהענגיק וויאַזוי מע גיט!

## פראַגעס:

1. פאַרוואָס האָט לענע נישט געוואָלט נעמען ביי קאַטיען דעם בלייער?
2. ווי וואָלסטו אָנגערופן אַזעלכע קינדער, ווי קאַטיע?

אַ וועלכע פון די דאָזיקע באַצייכענונגען וואָלט זיך געפּאַסט פאַר קאַטיען: חבריש, עגאָיסטיש, גינציק, געטריי, פריינדלעך, הילפס-גרייט, איבערגעגעבן, קליינלעך, נישט פאַרגינעריש.

## 2. אַ גוטער טאַט

יורע האָט אויפגעעפנט אינדערפרי די אויגן און אַרויסגעקוקט דורכן פענצטער. די זון האָט געשיינט. ס'איז געווען אַ שיינער, ליכטיקער טאָג.

יורע האָט געהאַט אַ שטאַרקן באַגער עפּעס גוטס צו טאָן. נאָכן פרי-שטיק האָט ער זיך אַוועקגעזעצט אויף דער סאָפע, נאָכטראַכטנדיק וואָס אַזוינס ער וואָלט געקאָנט גוטס טאָן.

— זאָל מיר אויסדוכטן, אַז מיין שוועסטערל טרינקט זיך אין טייך, און איך ראַטעווע זי! — האָט ער געטראַכט.

אין דער רגע איז אַריינגעקומען זיין קליין שוועסטערל.

— יורע, טייערינקער, קום מיט מיר אַ ביסל אויף אַ שפּאַציר. איך בעט דיך!

— שטער מיר נישט. לאָז מיר טראַכטן! — האָט ער אויסגעשריגן.

זי האָט אַ טרויעריקע צוזאַמענגעשנירט אירע ליפּלעך און איז אַרויס.

— אַך, ווי שיין דאָס וואָלט געווען, — האָט יורע זיך וויטער אַריינ-געלאָזט אין זיינע טראַכטענישן — ווען אונדזער דינסט ווערט באַפאַלן פון וועלף, און איך דערשיס זיי אַלע!

גראָד איז אין צימער אַריינגעקומען די הויז-אַרבעטערין.

— יורע, טייערינקער, העלף מיר אַוועקרוימען דאָס געפעס...

— טו עס אַליין. איך האָב נישט קיין צייט! — האָט יורע בייזלעך אַ ברום געטאָן.

די הויז-אַרבעטערין האָט אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ. יורע איז ווידער פאַרזונקען אין זיינע געדאַנקען.

— צי וואָלט דאָס נישט געווען וווּנדערלעך, ווען אונדזער הונט, טער-פאַלט אַריין אין אַ ברונעם, און איך ציִ אים אַרויס פון דאָרטן!

יורע האָט איבערגעריסן זיינע טראַכטעניש, ווייל אין צימער איז אַריין זיין הונט מיט אַ פּאַרקנוילטן עק.

— יורע, טייערינקער, גיב מיר אַ טרונק! — האָט ער געבעטן מיט די אויגן.

— טראָג זיך אָפּ! — האָט יורע זיך צעשריגן. — לאָז מיר טראַכטן, טראַכטן!

דער הונט האָט צוזאַמענגעפּרעסט די ליפּן און שטום זיך אַוועקגע־שאַרט אין די קוסטעס.

אינגאַנצן אַ פּאַרזונקענער אין זיינע געדאַנקען, איז יורע אַוועק צו זיין מוטער:

— מאַמע, צי קאָנסטו עפּעס אויסטראַכטן פאַר מיר אַ גוטן טאַט, וואָס איך זאָל טאָן?

— אַוודאי, — האָט געענטפערט די מוטער, גלעטנדיק אים איבערן קעפּל — גיי מיט דיין שוועסטערל אויף אַ שפּאַציר, העלף דער שטוב־אַר־בעטערין ביים געפעס און גיב אַ טרונק וואַסער טעדין.

## פראַגעס:

1. וועגן וואָס האָט יורע געטראַכט און וואָס האָט ער געטאָן?
2. וואָס האָט די מאַמע געראַטן יורען צו טאָן? פאַרוואָס?

## ווערטלעך

פון וועלן ביז טאָן איז אַ ווייטער מהלך.

נישט וויכטיק איז דאָס גוטע „מיינען“, וויכטיק איז דאָס גוטע „טוען“.

## 3. די זין

צוויי פרויען זענען געשטאַנען לעבן אַ ברונעם און געשעפּט וואַסער. צו זיי איז צוגעגאַנגען אַ דריטע פרוי. נישט ווייט אויף אַ שטיין איז גע־זעסן אַן אַלטער מאַן.

— מיין זון איז אַזאַ שטאַרקער און פלינקער, אַז קיינער וועט נישט פרוּוון זיך מיט אים שלאָגן! — האָט געזאָגט איינע פון די פרויען.

— וואָלסט באַדאַרפט הערן ווי מיינער זינגט! — האָט איר די צווייטע אָפּגעענטפערט. — אַזוי ווי אַ סאָלאָוויי, זינגט ער. איך גיי אין גע־וועט, אַז קיינער האָט נישט אַזאַ קולכל, ווי ער.

די דריטע פרוי האָט געשוויגן.

— און וואָס איז מכּות דיין זון? צי וואָלסטו נישט געקענט עפּעס זאָגן וועגן אים? — האָבן די צוויי פרויען אַ פרעג געטאָן.

— אָ, וועגן מיינעם איז נישטאָ קיין סך וואָס צו ריידן. ער איז זיך אַ פּשוט יינגל, — האָט זי געענטפערט.

די פרויען האָבן אַלע מיט אָנגעפּילטע עמערס וואַסער זיך געלאָזט גיין. הינטער זיי איז פּאַמעלעך נאָכגעגאַנגען דער זקן. די פרויען האָבן זיך דערווייל אָפּגעשטעלט אָפּרוען, ווייל זייערע פּלייצעס האָבן זיך געבויגן אונטער דער לאַסט און די אָרעמס האָבן זיי ווי געטאָן. דאָס וואַסער האָט זיך אַריבערגעגאָסן פון די פולע עמערס.

פּלוצעם זענען דריי יינגלעך זיי אַקעגנגעלאָפן אויפן וועג.

איינער פון זיי האָט געמאַכט אויסטערלישע שפּרונגען, געקוליעט זיך אויף דער ערד. די מוטער האָט אים נאָכגעקוקט מיט אויגן פול מיט באַוואונדערונג.

דער צווייטער האָט אַזוי פּראַכטפול געזונגען, אַז ער האָט זיי ממש פאַרכישופט מיט זיין קול.

דאָס דריטע יינגל איז צוגעלאָפן צו זיין מוטער, אַרויסגענומען די עמערס פון אירע הענט און איז אַוועק.

— נו, וואָס זאָגט איר עפּעס וועגן אונדזערע יינגלעך, זענען זיי נישט קיין ווילע זין? — האָבן די פרויען אַ פרעג געטאָן דעם זקן.

— ווו זענען זיי? — האָט דער זקן אָפּגעענטפערט. — איך זע דאָך בלויז איין איינציקן זון!

פראַגע:

פאַרוואָס זעט דער זקן בלויז איין זון? (אַ וועלכן און פאַרוואָס?)

## 4. וועגן וואָס טראַכט דער שטעכלער?

אַמאָל איז געווען אַ קליין יינגעלע, האָט ער קיין חברים נישט געהאַט. ער האָט זיך בשום אופן נישט געקאָנט איינשאַפן קיין חברים. איינמאָל איז ער אַוועק אין וואַלד, כדי זיך אויסצוזוכן אַ חבר. ער איז געגאַנגען און געגאַנגען, ביז ער האָט אָנגעטראָפן אַ קראָליק.

— גוט מאָרגן, קראָליקל!

— האָט זיך אָפּגערופן דאָס יינגל.

— צי וואָלסטו וועלן זיין מיר אַ חבר?

— יאָ, האָט איינגעשטימט דער קראָליק.

זיי האָבן זיך ביידע געלאָזט גיין צוזאַמען. ווען זיי זענען אָנגעקומען צום וואַלד־ראַנד, איז זיי אַנטקעגנגעקומען פון וייטן אַ יעגער. ציטערנדיק פון שרעק, איז דער קראָליק אַנטלאָפן, כדי זיך צו באַהאַלטן הינטער אַ קוסט.



— יינגעלע! צי האָסטו נישט געזען דאָ נאָענט אַ קראָליק? — האָט געפרעגט דער יעגער.

— יאָ. — האָט געענטפערט דאָס יינגל.

— ווו?

— דאָרט רעכטס, הינטערן קוסט.

דער יעגער האָט אויסגעשאָסן, נאָר דער קראָליק איז אָבער שוין דאָרט מער נישט געווען.

דאָס יינגל איז ווידער געבליבן אַליין אין וואַלד. איז געגאַנגען און גע־גאַנגען. די זון איז פאַרגאַנגען, און אַ ווינט האָט אָנגעהויבן צו בלאָזן. די וואַלד־בלעטער האָבן געקרייזט איבערן קאָפּ. דאָס יינגל האָט זיך אַוועקגעזעצט אונ־טער אַ גרויסן בוים און געטומען נאָכטראַכטן, ווי טרויעריק עס איז אויף דער וועלט, ווען מען איז איינגאַנצן אַליין.

פּלוצעם איז אַ קליינע וועווערקע אַרויסגעקראָכן פון דער לאָך פון בוים:

— יינגעלע, וואָס טוסטו דאָ? — האָט די וועווערקע אַ פרעג געטאָן.

— איך זוך אַ חבר! — האָט געענטפערט דאָס יינגל.

— צי ווילסטו זיין מיין חבר?

— יאָ, — האָט געענטפערט דאָס יינגל.

די וועווערקע איז געווען זייער צופרידן. זי האָט אים פאַרבעטן צו זיך אין נעסט אַריין, אַוועקגעלייגט פאַר אים ניסלעך און דערנאָך געמאַכט פאַר אים אַ ווייך געלעגער פון מאָך.

— עס און גיי שלאָפן! — האָט זי געזאָגט.

דאָס יינגל האָט געגעסן און שפּעטער זיך גוט אַדורכגעשלאָפן די נאַכט. אויף צומאָרגנס איז ער אויפגעשטאַנען זייער פרי, צוזאַמענגעשאַרט צו זיך אין טאַש אַלע נים פון דער וועווערקעס קעמערל און זיך געלאָזט אין וועג אַריין.

ער איז ווידער געגאַנגען און געגאַנגען דורכן וואַלד, ביז ער האָט אָנ־געטראָפן אויף אַ בער.

— וווהין גייסטו דאָס, יינגעלע? — האָט אים געפרעגט דער בער.

— איך זוך מיר אַ חבר. צי ווילסטו זיין מיין חבר?

— איך וויל! — האָט אַרויסגעברומט דער בער.

זיי האָבן זיך געלאָזט ביידע גיין צוזאַמען. פּלוצעם איז אַ טשאַטע בייזע הונט אָנגעלאָפן פון דער וואַלד־געדיכטעניש.

— פאַרלאָז מיך נישט, חבר. איך בעט דיך! — האָט דאָס יינגל זיך געבעטן.

— גיכער, גיכער, קריך אַרויף אויף מיין רוקן! — האָט זיך אָפּגערופן דער בער. ס'וועט אונדז ביידע שוין ווי עס איז געלינגען צו אַנטרינען פון דאַנען.

דער בער איז געלאָפֿן דורכן וואַלד, און נאָך אים די הינט. דאָס ייִנגל האָט זיצנדיק אויפֿן בערס רוקן, געהאַלטן אין איין אונטעריאָגן:
— גיכער, גיכער, מײַן טײַערינקער!

דער בער האָט געסאָפּעט פֿון מידקייט. די צונג איז אים געהאָנגען פֿון מויל, און זײַן פֿעל איז געווען אַדורכגענעצט מיט שווייס: עס איז אים גע־ווען שווער צו לויפֿן מיטן ייִנגל אויפֿן רוקן. ענדלעך איז אים דאָך געלונגען צו אַנטלויפֿן פֿון די יאָגנדיקע הינט. ער איז אַנידערגעפֿאַלן אונטער אַ סאָסנע און אַ זאָג געטאָן צום ייִנגל:

— איצט היט מיך דו אַ ביסל, און איך וועל דערווײַל כאַפּן אַ דרימל.
דאָס ייִנגל האָט זיך אַוועקגעזעצט, אַרויסגענומען פֿון טאַש אַ מעסערל און דערמיט אָנגעהויבן אויסצושנײַדן אַ פֿײַפֿל פֿון אַ באַמבוס־צווײַגל.
פֿון וואַלד־וועג האָט זיך איצט דערנענטערט אַ פֿרוי.

— וועמענס בער איז דאָס, וואָס ליגט אָט־אָ־דאָרט? — האָט זי אַ פֿרעג געטאָן.
— מײַנער! — האָט געענטפֿערט דאָס ייִנגל.
— פֿאַרקויף מיר זײַן פֿעל, איך וועל דיר באַצאָלן — האָט געזאָגט די פֿרוי.
— גוט! גיב געלט!
די פֿרוי האָט אָנגעהויבן ציילן דאָס געלט, נאָר דער בער האָט אַלץ געהערט. ער האָט זיך גיך אויפֿגעשטעלט און איז אַנטלאָפֿן אין וואַלד אַרײַן.
דאָס ייִנגל איז ווידער געבליבן אַליין.

דערווײַל איז צוגעפֿאַלן די נאַכט. פֿון וואַלד האָט זיך דערהערט אַ ווילד בילערײַ פֿון הינט.

אַ דערשראָקענער, אַ דערפֿרוירענער און אַ הונגעריקער האָט דאָס ייִנגל אָנגעהויבן שטאַרק צו וויינען. פּלוצעם האָט ער דערזען ווי אַ שטעכ־לער קריכט פֿון זײַן ערד־באַהעלטעניש.
— פֿאַרוואָס וויינסטו, ייִנגעלע? — האָט דער שטעכלער אים אַ פֿרעג געטאָן.

— אַ גרויסע עוולה איז מיר געשען, — האָט זיך באַקלאָגט דאָס ייִנגל — איך האָב געהאַט דרײַ חברים, און אַלע דרײַ האָבן מיך פֿאַרלאָזט...
דער שטעכלער האָט זיך שטאַרק פֿאַרוווּנדערט.
— עפּעס איז דאָ נישט גלאַטיק, — האָט ער זיך אָפּגערופֿן, שאָקלענ־דיק מיט דעם מאָרדעלע.
דאָס ייִנגל האָט אים דערציילט די גאַנצע געשיכטע.
דער שטעכלער האָט אים גאָרנישט נישט געענטפֿערט. ער האָט זיך

בלויז צונויפגעקנוילט ווי אַ באַלעם און זיך אַריינגעקאָלערט אין זיין באַ־
העלטעניש.

## פראַגעס:

1. פאַרוואָס איז דער שטעכלער אַנטלאָפן?
2. אַ וועלכע פון די באַצייכענונגען וואָלטן געפּאַסט פאַר דעם יינגעלע:
גערטריי, פאַלש, פאַררעטעריש, אייגננוציק, אומפריינדלעך, חבריש?

## פאָלקס־ווערטלעך

1. וויאַזוי דו בעטסט זיך, אַזוי וועסטו שלאָפן.
2. וואָס פאַראַ גוטמאָרגן, אַזאַ גוטיאָר.

ש. לאַסטיק

# אַ פאַרלאָרענער טאָג

אַ טאָג איז דאָס געווען אַ ביז גאָר שיינער. שימעק איז געלעגן אין בעט און זיך געטראַכט: „יעדן טאָג איינס און דאָס זעלביקע: אויפשטיין, מאַכן די פרימאָרגן־גימנאַסטיק, גיין אין שול, מאַכן לעקציעס...“

— שימעלע, זע, זאָלסט נישט פאַרשלאָפן, — האָט געזאָגט צו אים די מאַמע — איך גיי אַוועק.

„און וואָס וואָלט געווען, ווען איך וואָלט כאָטש איין טאָג געהאַט אַ פרייען? — האָט אַ טראַכט געטון שימעק. — איך מעג זיך דאָך אַמאָל אָפּרוען איין טאָג! קיין דרייען האָב איך נישט, פון צווייען איז אָפּגערעדט, איז וואָס איז דאָס בייז, אויב איך וועל איין טאָג אין שול נישט גיין?...“ און ער האָט באַלד באַשלאָסן:

— מאַמע, — האָט ער מיט אַ שטילער שטים געזאָגט — ס'טוט מיר עפּעס וויי דער קאָפּ...

— צי איז עס נישט קיין גריפּע ביי דיר? — האָט אומרואיק אַ זאָג געטון די מאַמע. — וויבאַלד אַזוי, ליג בעסער היינטיקן טאָג אין בעט, מיין זון, ווייל ווער ווייסט? אַ גריפּע טאָר מען נישט פאַרקילן, — ס'קאָן נאָך ערגער ווערן.

די מאַמע האָט צערטלעך איינגעדעקט דעם זון מיט דער וואַרעמער קאָלדרע און איז אַרויס פון צימער.

דער פרייער טאָג האָט זיך אָנגעהויבן. שימעק איז גלייך אַראָפּגעשפּרונגען פון בעט און איז געלאָפן איבערן צימער. די גאַנצע פרימאָרגן־גימנאַסטיק האָט ער נישט געמאַכט. אויב מען רוט שוין יאָ — איז אינגאַנצן.

די גאַס האָט דאָס יינגל באַגעגנט מיט אַ גערויש פון פאַרשיידענע

קולות. אין די גאַנצפּריאַיקע שעהען איז באַזונדערס שטאַרק די באַוועגונג פון די אויטאָס און טראַמווייען אויפן ברוק און פון מענטשן אויף די טראָטואַרן. אַלע איילן זיך צו דער אַרבעט. שימעק האָט זיך צוערשט געלאָזט מיטרייסן מיטן מענטשן־שטראָם, נאָר שפּעטער זיך דערמאָנט, אַז ער האָט זיך נישט וווהין צו איילן...

ס'איז אים פּלוצעם אומעטיק געוואָרן.

שימעק איז געגאַנגען איבער דער גאַס און געטראַכט: „וואָס זאָל איך איצט טאָן? מיט וואָס זיך פאַרנעמען?"

און ער האָט זיך אַליין געענטפערט: „עט, מע וועט גיין וווהין די אויגן טראָגן"...

און די אויגן האָבן אים געטראָגן אין דער ריכטונג פון „פרייהייט־פּלאַץ", וואָס ביים סוף פּיאָטרקאָווסקע. ביים פאַרדריי אויף נאָוואָמייסקע האָט זיך אָפּגעשטעלט אַ טאַקסוווקע. שימעק איז שטיינגעבליבן און זיך צוגעקוקט, ווי דער שאָפער פּאָמפּעט אָן אַ ראָד. נאָר דאָ איז פון ראָג אַרויסגעפאָרן אַ לאַסט־אויטאָ. שימעק האָט אים נישט באַמערקט און ווייטער זיך צוגעקוקט ווי דער שאָפער אַרבעט. דאָס טירל פון דער קאַבינע האָט זיך געעפנט, און דער שאָפער פון לאַסט־אויטאָ האָט בייז אַ געשריי געטאָן:

—העי, יינגל, האָסט, ווייזט אויס, נישט וואָס צו טאָן! אַזעלכע ליידיקגייער פאַלן אַרונטער אונטער מאַשינעס!...

— דאָס בין איך דער ליידיקגייער?! — האָט זיך שימעק געוואָלט באַליידיקן. ער האָט זיך אָבער באַטראַכט און פאַרשטאַנען, אַז ס'איזווירקלעך נישט גוט צו שטיין אין מיטן גאַס. ער איז שטיל אַוועקגעגאַנגען. אויפן „פרייהייט־פּלאַץ", ביים ראָטהויז, האָט ער אַ קוק געטאָן אויפן ציפערבלאַט פון זייגער. די ווייזערס האָבן געוויזן 10.30.

איצט גייט אין שול חשבון — האָט זיך שימעק דערמאָנט. — די לעקציע האָט זיך נאָר וואָס אָנגעהויבן.

ער איז אַראָפּ מיט דער נאָוואָמייסקע, זיך פאַרנומען לינקס און האָט געטראַכט, אַז עס וואָלט אינטערעסאַנט געווען איצט צו זיצן אין קלאַס. היינט וועט דער לערער לייענען וועגן לענינס קינדער־יאָרן. ס'וואָלט זיך אים שטאַרק געוואָלט הערן. דער לערער לייענט זייער שיין.

ביים טויער פון דעם רויטן ציגל־מויער, וווּ עס געפינט זיך די גרויסע טעקסטיל־פאַבריק, וואָס האָט אַמאָל געהערט צו פּאָזנאַנסקין, האָט דער ראַדיאָ איבערגעגעבן אַ פּרעסע־איבערזיכט:

„די שלאָסער און מעכאַניקער פון די פּיאָטרקאָווער מעכאַנישע וואַרשטאַטן האָבן לכבוד דעם יום־טוב פון אַרבעטער־פאַרברידערונג, דעם 1־טן מאַי, גענומען אויף זיך גרויסע פאַרפּליכטונגען אויסצופּאַרטיקן אַ גאַנצע

ריי מאַשינען און איינפירן שנעלערע אופנים פון אַרבעט. די יונגע אַרבע־טער ווירטאַ, אָליינישעק און צוויעק...“

שימעק האָט זיך אָפּגעשטעלט:

דער דיקטאָר [1] האָט ווייטער גערעדט:

„היינט, דעם 6 אַפּריל, האָבן די יונגע טאָקערס באַשלאָסן נאָך מער צו פאַרגרעסערן די פּראָדוקטיווקייט, ווי אין דער פאַבריקער וואָך...“

שימעק איז אַוועק ווייטער און דערזען די רושטאָוואַניעס פון אַ גרויס הויז. „ווי שנעל עס וואַקסן די מויערן! ווי אינטערעסאַנט עס איז אַזאַ אַר־בעט!“ — האָט ער געטראַכט.

אַרום האָט געקאָכט, אַרום האָבן מענטשן געטאָן, געאַרבעט, זיך פאַר־מאָסטן, בכדי צו געבן דעם לאַנד וואָס מער ביים בויען דעם סאָציאַליזם, און ער, שימעק ראָזנבלאַט, איילט זיך נישט אינערגעץ, האָט אין מיטן פון אַ גרויסן אַרבעטס־טאָג זיך געמאַכט אַן אָפּרו. שימעקן איז געוואָרן אומעטיק אויף דער נשמה.

ער האָט זיך שנעל געלאָזט אַהיים. געוואָלט זיך פאַרנעמען מיט עפּעס נוצלעכס און נייטיקס. ער האָט זיך אָבער דערמאָנט, אַז באַלד וועט אָנקו־מען די מוטער, און ער, ווי אַ „קראַנקער“, דאַרף גאָר ליגן אין בעט. שימעק האָט נישט געקאָנט איינליגן. ער איז געזעסן אין בעט, אַרומגערינגלט מיט ביכער, און זיך גענומען שרייבן אין זיין ברוליאָן אַ לעקציע, וואָס איז גע־ווען פאַרגעבן אויף איבערמאָרגן.

## איך וועל זיין אַ פּיאָנערקע [2]

אילאָנקע סיטע איז געקומען ביי טאָג אַהעם אַ צעפלאַמטע. דער וועג פון שול איז גאָרנישט אַזוי וויט, נאָר גאָר שטאַרק באַקט די זון אין סטעפּ.

די עלטערן זענען אין שטוב נישט געווען, זענען אַוועק אַרבעטן ביי די וויינטרויבן. אילאָנקע האָט געעפנט די טיר אין קילן צימער און דערזען איר ברודער — דעם שילער פון אַכטן קלאַס, יאַשקע.

יאָשקע האָט געגרייט די לעקציעס — איז דאָס מיידעלע אַריין אין צימער אויף די שפּיץ־פינגער, בכדי אים נישט צו שטערן. ער האָט אָבער אויפגעהויבן די אויגן פון טיש.

---

1 דיקטאָר — דער, וואָס רעדט אין ראַדיאָ.

2 אין דער אונגארישער פאָלקס־רעפּובליק איז דאָס פאָלק, ווי ביי אונדז אין פוילן, דער באַלעבאָס פון לאַנד. די פאָלקס־רעגירונג זאָרגט וועגן די קינדער. זי בויט זיי נייע שולן, קלובן, פּיאָנערן־הייזער, גיט אַרויס שיין־אילוסטרירטע קינדער־זשורנאַלן. די דערציילונג, וואָס מיר דרוקן דאָ, איז אַרויסגענומען געוואָרן פון דעם אונגאַרישן זשורנאַל „אוטערע“ („פּיאָנער“).

— דרייסטער! — האָט יאָשקע אַ זאָג געטאָן פריילעך.

— איך זע, אַז דו ביסט פאַרנומען, — האָט געענטפערט אילאָנקע און שנעל צוגעגעבן — איך האָב היינט געקראָגן אַ זעקס פון חשבון.

— פאַרוואָס נישט קיין זיבן?

— יאָ... פאַרשטייסט, עס איז אַזוי שווער. איך וועל שוין פון חשבון קיינמאָל מער ווי אויף אַ זעקס זיך נישט לערנען.

אילאָנקע האָט געעפנט דעם שופלאָד פון טיש און דאָרט באַהאַלטן אירע ביכער. אויף דער שטול נעבן טיש איז געהאָנגען יאָשקעס פּיאָנערן־בלוזע און דער רויטער קראַוואַט. אילאָנקע האָט אָנגערירט דעם קראַוואַט מיט די שפּיץ פינגער און שטיל אַ בעט געטאָן ביים ברודער:

— יאָשקע... דערלויב מיר אים אָנצומעסטן.

— מעסט אָן — האָט יאָשקע געענטפערט מיט אַ שמייכל.

— ווי שיין ער זעט אויס! — האָט אויסגערופן אילאָנקע און פאַר־זיכטיק איבערגעבונדן דעם טייערן קראַוואַט. — זאָג, — האָט זי ווייטער גערעדט מיט מער דרייסטקייט — דיר איז מסתמא אַ שאָד, וואָס וועסט שוין מער נישט זיין קיין פּיאָנער?

— פאַרוואָס אַ שאָד? — האָט געענטפערט יאָשקע. — עס איז דאָך ביי מיר דער טאָג, ווען מע האָט מיך אָנגענומען אין דער קאָמסאָמאָלישער אָרגאַניזאַציע, דער גליקלעכסטער טאָג אין מיין לעבן.

— און איך וועל דיר זאָגן, אַז דאָס גרעסטע גליק איז — ווערן אַ פּיאָנערקע!

— ווען איך זאָל זיין אויף דיין אָרט און זאָל גיין אין פערטן קלאַס, וואָלט איך געווים געזאָגט דאָס זעלביקע וואָס דו — האָט יאָשקע געענט־פערט פריינדלעך.

ער איז אויפגעשטאַנען פון טיש און צוגעגאַנגען צו אילאָנקען:

— ווילסט, וועל איך דיר שענקען מיין קראַוואַט?

אילאָנקען האָט פאַרפעלט אָטעם:

— יאָ, אָבער... מיר איז דאָך נאָך נישט דערלויבט אים צו טראָגן...

— פאַרשטייט זיך, אַז ס'איז נישט דערלויבט: דיך האָט נאָך דער רינג נישט אָנגענומען פאַר אַ פּיאָנער. נאָר לאָז ער דאָך געהערן צו דיר. לייג אים אַריין צו זיך אין שופלאָד. און יעדעס מאָל ווען דו וועסט אָנהייבן אַרויסנעמען די ביכער, וועסטו דערזען דעם קראַוואַט. דאָס וועט דיר שטענ־דיק דערמאָנען, אַז אויך דו וועסט איינגיכן ווערן אַ פּיאָנערקע און אַז דו וואַרפסט זיך סטאַרען צו פאַרדינען דאָס רעכט צו טראָגן דעם קראַוואַט.

אילאָנקע האָט פאַרטראַכט געוואָרפן אַ בליק אויף איר ברודער:

— דו גיסט אים מיר דערויף, בכדי איך זאָל ווערן אַן אמתע פּיאָנער־קע?

— יאָ.

— נו, וויבאַלד אַזוי... וועל איך אויסבעסערן מיין זעקס פון חשבון אויף אַ זיבן.

זי האָט פֿאַנאַנדערגעבונדן דעם קראַוואַט. אים אָפּגעגעבן דעם ברודער.

— זאָל ער דערווייל זיין ביי דיר. אַלציינס דאַרפסטו אים נאָך האָבן. און דו וועסט אים מיר געבן דעמלט, ווען איך וועל אויסבעסערן די מיינונג.

יאָשקע האָט פֿאַרוואונדערט אַ קוק געטאָן אויפן שוועסטערל: איז זי דאָך ערשט נישט לאַנג געווען אַזאַ פּיטשינקע, און איצט...

— אילאָנקע סיטע! — האָט ער זיך אָפּגערופן מיט אַ פייערלעכקייט אין שטים — וועסט זיין אַ גוטע פּיאָנערקע!

## פֿראַגעס:

1. פֿאַרוואָס האָט יאָשקע געהאַלטן, אַז אילאָנקע וועט זיין אַ גוטע פּיאָנערקע?
2. פֿאַרוואָס האָט אילאָנקע נאָך נישט געוואָלט נעמען דעם קראַוואַט?
3. פֿאַרוואָס האָט יאָשקע איר פֿאָרגעלייגט אַריינצולייגן זיין קראַוואַט צו זיך אין שופלאָד?

שלום-עליכם

# איך און דאָס קעלבל

איך גיי מיט אייך אין געוועט אויף וויפל איר ווילט, אַז קיינער אין דער וועלט איז נישט אַזוי צופרידן מיטן וואַרעמען, ליכטיקן נאָך פּסח ווי איך, פּייסי דעם חזנס יינגל, מאָטל, און דעם שכנס קעלבל, וואָס מע רופט עס „מעני" (דאָס האָב איך, מאָטל, דעם קעלבל אַ נאָמען געגעבן „מעני").

ביידע גלייך האָבן מיר דערפילט די ערשטע שטראַלן פון דער וואַרעמער זון, גלייך האָבן מיר דערשמעקט דעם ריח פונעם ערשטן גרינעם גרעזועלע, וואָס קריכט, שפּראָצט אַרויס פון דער ערד, און ביידע גלייך זענען מיר אַרויסגעקראָכן באַגעגענען דעם ערשטן, זיסן, ליכטיקן, וואַרעמען פרילינג-מאָרגן. איך, פּייסי דעם חזנס יינגל, מאָטל, בין אַרויס פון אַ קאַלטן נאַסלעכן קעלער, און מעני, דעם שכנס קעלבל, האָט מען אַרויסגעלאָזט פון אַ קליין, פינצטער, בלאָטיק שטעלעכל, וואָס ווינטער בלאָזט אַריין אַהין דער שניי, און זומער שמייסט אַריין דער רעגן.

אַרויסגעכאַפּט זיך אויף גאָטס פרייער, ליכטיקער וועלט, האָבן מיר ביידע, איך און מעני, זיך גענומען אויסדריקן אונדזער צופרידנקייט. איך, פּייסי דעם חזנס יינגל, האָב אויפגעהויבן ביידע הענט אַרויף, אויפגעעפנט דאָס מויל און אַריינגעצויגן אין זיך די פרישע, וואַרעמע לופט אַזוי פיל, וויפל איך האָב געקאָנט, — און עס האָט זיך מיר אויסגעדאַכט, אַז איך וואַקס אינדערהייך, אַז עס ציט מיך אַרויף-אַרויף.

גאַנץ אַנדערש האָט דאָס אויסגעדריקט מעני, דעם שכנס קעלבל. מעני, דעם שכנס קעלבל, האָט קודם אַריינגעשטעקט די שוואַרצע נאַסע מאָרדע אין מיסט אַריין, אַ שאַר געטאָן מיטן פאָדערשטן פיסל די ערד אונטער זיך אַ מאָל דריי, פאַרריסן דעם עק, אויפגעשפּרונגען נאָכדעם אויף אַלע פיר, און אַרויסגעלאָזט אַ „מע!“. דער „מע“ האָט מיר אויסגעוויזן אַזוי קאָמיש, אַז איך האָב מיך געמוזט צעלאַכן און נאָכמאַכן פונקט דעם אייגענעם „מע!“ וואָס מעני. מעניון איז דאָס, ווייזט אויס, געפעלן, וואָרעם עס האָט נישט לאַנג געגומען, און דאָס קעלבל האָט איבערגעחזרט דאָס אייגענע נאָך אַ מאָל, און מיטן זעלבן שפּרונג. איך האָב דאָס באַלד נאָכגעטאָן מיטן קול און מיטן זעלבן שפּרונג. אַזוי עטלעכע מאָל: איך אַ שפּרונג, דאָס קעלבל אַ שפּרונג; דאָס קעלבל אַ „מע“, איך אַ „מע“. ווער ווייסט ביז וואַנען די שפּיל וואָלט זיך אַזוי געצויגן, ווען נישט אַ שנייד פון הינטן אין האַלדז אַריין פון מיין עלטערן ברודער עליע מיט אַלע זיינע פינף פינגער.

— ווי איז מיר! אַ בחורל פון כמעט ניין יאָר שטעלט זיך אַוועק טאַנצן מיט אַ קעלבל?... אין שטוב אַריין גיי, דו הולטיי איינער!... דער טאַטע וועט דיר שוין געבן!...

## פראַגעס:

1. פאַרוואָס איז מאָטל אַזוי צופרידן מיטן פרילינג?
2. וויאַזוי דריקט ער אויס זיין צופרידנקייט?
3. וויאַזוי דריקט אויס די צופרידנקייט מיט דער וואַרעמער פרילינג־זון דאָס קעלבל?
4. אין וואָס זעען מיר די ענלעכקייט פון די געפילן און פון די לעבנס־באַדינגונגען ביי מאָטלען און „מעניון“?
5. צי וואָלסטו געקאָנט אויפן סמך פון דער דערציילונג שילדערן מאָטלס שטוב?
6. פאַרוואָס שלאָגט מאָטלען דער ברודער?

שלום-עליכם

# מיר איז גוט — איך בין אַ יתום

אונדזער שכנה פעסיע די גראָבע האָט זיך אין מיר פאַרליבט. זי האָט זיך צוגעטשעפּעט צו דער מאַמען, אַז איך זאָל דערווייל זיין ביי איר, ביי פעסיען הייסט עס. „וואָס וועט אייך אַרן?“ — האָט זי געזאָגט. — עס גייען ביי מיר צום טיש צוועלף, וועט זיין אַ דרייצנטער“. די מאַמע וויל שוין. האָט זיך אָבער אַרויסגעשטעלט מיין ברודער עליע:



— ווער וועט אויף אים אַכטונג געבן, ער זאָל גיין זאָגן קדיש [1]?

— איך וועל אַכטונג געבן, ער זאָל גיין זאָגן קדיש. נו, שוין? האָט איר צו מיר גאָרנישט?

פּעסיע איז נישט קיין רייכע. איר מאַן איז אַן איינבינדער און הייסט משה. ער האָט אַ נאָמען פאַרן בעסטן איינבינדער. דאָס אַליין איז אָבער ווייניק. מע דאַרף נאָך האָבן מזל אויך. אַזוי זאָגט פּעסיע צו מיין מאַמע. מיין מאַמע גיט איר נאָך. זי זאָגט, אַז צום שלימזל דאַרף מען אויך האָבן מזל. פאַר אַ סימן נעמט זי מיך. אָט בין איך אַ יתום און אַלע ווילן מיך. פאַראַן מענטשן, וואָס ווילן מיך צו זיך אויף שטענדיק. נאָר ווי לאַנג קרענקען אירע שונאים, ווי לאַנג זי וועט מיך אַוועקגעבן אויף שטענדיק! אַזוי זאָגט די מאַמע און וויינט. זי האַלט זיך אַן עצה מיט מיין ברודער עליע. מיין ברודער זאָגט, אַז איך זאָל נאָר נישט זיין קיין שייגעץ, וועל איך זיין ביי פּעסיען. און עס בלייבט, אַז איך וועל זיין דערווייל ביי אונדזער שכנה פּעסיע, נאָר מיט אַ באַדינג, אַז איך זאָל נישט זיין קיין שייגעץ.

[1] קאַדיש — אַזאַ געבעט, וואָס מען זאָגט נאָך אַ טויטן.

אַלצדינג הייסט ביי זיי אַ שייגעץ! אָנהענגען דער קאַץ אַ פּאַפּיר אויפן עק, זי זאָל זיך דרייען — הייסט ביי זיי אַ שייגעץ. קלאַפּן מיט אַ שטעקעלע איבער די קראַטעס פון גלחס הויף, אַלע הינט זאָלן זיך צונויפקומען — הייסט ביי זיי אַ שייגעץ. אָפּשטעקן ביי לייבקע דעם וואַסער־פירער דעם צאַפּן פון דער פאַס, עס זאָל אויסלויפן האַלב וואַסער — הייסט ביי זיי אַ שייגעץ.

— דיין גליק, וואָס דו ביסט אַ יתום! — זאָגט צו מיר לייבקע דער וואַסער־פירער. — אַנישט וואָלט איך דיר איבערגעבראָכן אַ האַנט מיט אַ פוס, דו קאָנסט מיר גלייבן אויפן וואָרט.

איך ווייס, אַז איצטער וועט ער מיך נישט אָנרירן, ווייל איך בין אַ יתום.

מיר איז גוט — איך בין אַ יתום.

## פראַגעס:

1. פאַרוואָס וויל פּעסיע נעמען מאָטעלען צו זיך? (וואָס זאָגט זי?)
2. פאַרוואָס וויל נישט דער ברודער עליע ער זאָל גיין צו פּעסיען?
3. וואָס זאָגט אָן דער ברודער עליע מאָטלען?
4. פאַרוואָס האַלט מאָטעלע, אַז ס'איז אים גוט?

שלום-עליכם

# ביי מנשה דעם רופא אין גאָרטן

אַז דער זומער הייבט זיך אָן, און די ביימער הייבן אָן צו בליען, זיך באַדעקן מיט ווייסע פעדערלעך, קאָנט איר האָפן, אַז נישט היינט איז מאָרגן וועלן זיך באַווייזן אין די קורצע שטעכלדיקע ביימעלעך גרינע אַגרעסן. דאָס איז די ערשטע פרוכט, וואָס עס גלוסט זיך אייך פאַרזוכן. פאַראַן מענטשן, וואָס וואַרטן, ביז די אַגרעסן ווערן רויט. נאַראָנים! איך זאָל האָבן די ברכות, וואָס גרינערהייט זענען זיי אַ סך מער באַטעמט און געשמאַק. וועט איר זאָגן, זיי זענען זויער? עס ווערט פון זיי הייליק די ציין? נו, וואָס־זשע איז? אַ זויערם קוויקט דאָס האַרץ. און צו הייליקע ציין איז דאָ אַ מיטל: זאַלץ! מע שיט אַרויף זאַלץ אויף די ציין און מע האַלט אָפּן אַקעגן אַ האַלבע שעה, קאָן מען נאָכדעם עסן ווידער אַמאָל די זעלבע אַגרעסן.

נאָך די אַגרעסטן קומען אויף די ווייַנפּערלעך. רויטינקע מיט שוואַרצע פּיסקעלעך, מיט געלע קערעלעך, און צענדליקער, צענדליקער אויף איין צווייגעלע. איין צווייגעלע, אַז איר פירט דורך צווישן די ליפּן, באַקומט איר אַ פול מויל מיט ווייַנפּערלעך, ווייניקע, שמעקעדיקע, אַ פאַרגעניגן! אַז זיי

קומען אויף, קויפט מיר די מאַמע פאַר אַ גראָשן אַ קווערטעלע ווייַנפערלעך אויף פאַרזוכן — עס איך זיי מיט ברויט. ביי מנשהכע דער רופאטע זענען דאָ צוויי רייען קליינע ביימעלעך. האַרט ביי דער ערד, אָנגעזעצט מיט ווייַנפערלעך. אויף דער זון ברענען זיי און פינקלען, און ס'גלוסט זיך כאָטש איין ווייַנפערל מיט צוויי פינגער געבן אַ ריס אָפּ און גלייך אין מויל אַריין! איר וועט מיר גלויבן? אַז איך רעד דאָ פון גרינע אַגרעסטן און רויטע ווייַנפערלעך, ווערן מיר שוין הייליק די ציין, לאָמיר בעסער רעדן פון ווייַנשל. ווייַנשל האַלטן זיך נישט לאַנג גרין. ווייַנשל ווערן גיך פאַרטיק. איך קאָן אייך שווערן ביי וואָס איר ווילט, אַז איך אַליין האָב באַמערקט, ליגנדיק ביי מענדל דעם שוחטס אויפן דאַך, עטלעכע ווייַנשעלעך זענען אינדערפרי געווען גרין אַזוי ווי גראָז, איך האָב זיי גוט באַמערקט, געמאַכט אויף זיי אַ סימן; בייטאָג האָבן זיי פון דער זון באַקומען רויטע בעקעלעך; דעם זעלבן טאָג פאַרנאַכט זענען זיי שוין געווען רויט ווי פייער! ווייַנשל פלעגט מיר אויך די מאַמע ברענגען אויף פאַרזוכן. אָבער וויפל ווייַנשל? פינף שטיק אויף אַ פאָדעם. וואָס טוט מען מיט פינף ווייַנשל? מע שפילט זיך מיט זיי אַזוי לאַנג, ביז מע ווייסט נישט, ווו זיי זענען אַהינגעקומען.

* * *

וויפל שטערן אין הימל — אַזויפיל ווייַנשל ביי מנשה דעם רופא אין גאָרטן. איר קענט פאַרשטיין, אַז איך בין אַ בעלן געווען אויף איין צוויי־נגעלע איבערציילן די ווייַנשל. האָב איך געציילט און געציילט און נישט געקאָנט איבערציילן!... ווייַנשל האָבן אַ טבע זיי האַלטן זיך שטאַרק אויף די ריטלעך. זעלטן־זעלטן, ווען עס פאַלט אַראָפּ אַ ווייַנשל אויף דער ערד, ער מוז שוין זיין איבערצייטיק, שוואַרץ ווי אַ פלוים. זעט איר פערשקעס — די פאַלן אָפּ, וויבאַלד נאָר זיי ווערן רעכט געל.

אַך, פערשקעס! פערשקעס! איך האָב זיי ליב מער פון אַלע פרוכט. אַ גאַנצער בוים מיט פערשקעס שטייט, און איך ליג ביי מענדל דעם שוחטס אויפן דאַך און קוק און זע, ווי עס פאַלט אַ פערשקע נאָך אַ פערשקע. איינע אַ געלע, אַזש אַ רויטלעכע, האָט זיך פאַרשפּאָלטן און געעפנט. עס זעט זיך אַרויס פון איר דאָס בייכיקע קערל. וואָס וועט זי טאָן, די רופאטע, מיט אַזוי פיל פערשקעס? זי וועט זיי אָפּטרייסלען מן־הסתם און וועט פרעגלען פון זיי איינגעמאַכטס. דאָס איינגעמאַכטס וועט זי פאַררוקן ווייט אין דער הרובע, ווינטער וועט זי דאָס אַוועקשטעלן אין קעלער אַריין, און דאָרטן וועט עס שטיין אַזוי לאַנג, ביז עס וועט ווערן געצוקערט און כאַפּן אַ שימל.

נאָך די פערשקעס קומען אויף פלוימען. נישט אַלע פלוימען מיטאַמאָל. איך האָב צוויי סאָרטן פלוימען ביי מנשה דעם רופא אין גאָרטן. איין בוים האָב איך מיט „טשערניקעס“. דאָס איז אַ מין קיילעכדיקע, זיסע, האַרטע, שוואַרצע פלוים. דער אַנדערער בוים איז אַ בוים פון פראָסטע פלוימען.



דאָס איז אַ מין פלוים, וואָס מע רופט זיי „עמער־פלוימען". מע פאַרקויפט זיי אויפן עמער. זיי האָבן אַ דין הייטל, זענען גליטשיק און קלעפעדיק און וואַסערדיק אויפן טעם. פונדעסטוועגן זענען זיי נישט אַזוי שלעכט, ווי איר מיינט. הלוואי וואָלט מען זיי נאָר וועלן געבן. מנשהכע די רופאַטע איז אָבער נישט פון די איבעריקע געבעריגס. זי מאַכט בעסער פון די פלוימען פּאָווידלע אויפן ווינטער. ווען וועט זי אויפעסן אַזוי פיל פּאָווידלע?

אַראָפּגעפּאַטערט די ווײַנשל מיט די פערשקעס, מיט די פלוימען, הייבט זיך אָן פאַר מיר אַ קאַפּיטל עפּל. עפּל, דאַרפט איר וויסן, איז נישט קיין באַרן. באַרן, זיי מעגן זיין די בעסטע באַרן אין דער וועלט, וויבאַלד זיי זענען נישט רעכט פאַרטיק, קאָנט איר מיט זיי גאָרנישט מאַכן. גייט קיין האָליץ! עפּל מעגן זיין ווי גרין, די קערעלעך מעגן זיין ווי ווייס, האָבן זיי שוין אַ טעם פון עפּל. איר שטעקט אַריין די ציין אין אַ גרינעם עפּל, ווערט אייך זויער אין מויל. ווייסט איר, וואָס איך וועל אייך זאָגן? איך וועל אייך נישט אַוועקגעבן אַ האַלבן גרינעם עפּל פאַר צוויי ציטיקע. אויף צייטיקע דאַרף מען וואַרטן ביז העט־העט, און גרינע עפּל קאָנט איר האָבן גלייך, נאָכדעם, ווי דאָס ביימעלע האָט אָפּגעבליט. עס ווענדט זיך נאָר אין דער גרייס. וואָס ווייטער אַן עפּל וואַקסט, ווערט ער גרעסער! ווי, צום ביישפּיל, אַ מענטש. עס איז נישט קיין באַוויז, אַז אַ גרויסער עפּל דאַרף

זיין גוט. אַמאָל מאַכט זיך, אַ קליין עפּעלע זאָל זיין בעסער פונעם גרעסטן עפּל. למשל נעמט „ארץ־ישראל־עפּעלעך"[1]. זיי זענען וויניק, אָבער געשמאַק. צי אַ שטייגער, קיסליצעס[2], אָדער קוואַס־עפּעלעך, וואָס גייט זיי אָפּ? היינטיקן זומער איז אויף זיי אַ מוראדיקע גערעטעניש, עס וועט זיין אַזוי פיל, אַז מע וועט זיי פירן מיט וועגן. אַזוי האָב איך געהערט פון מנשה־כע דער רופאטע.

## פראַגעס און אויפגאַבעס:

1. וועלכע פרוכט זעט מאָטל ביי מנשה דעם רופא אין גאָרטן?
2. וואָס ווייסט ער צו דערציילן וועגן יעדער פרוכט באַזונדער?
3. פאַרוואָס האָט ער ליב די עפּל? וויאַזוי עסט ער די גרינע אַגרעסן?
4. צי קאָן מען וויסן פון דער דערציילונג, צי מאָטל איז פאַרמעגלעך, צי אָרעם? (לויט וואָס?).
5. פון וואַנען ווייסט מאָטל, וואָס אין דעם גאָרטן טוט זיך?
6. שרייב אַרויס די ווערטער, וואָס באַצייכענען דעם קאָליר און דעם טעם פון יעדער פרוכט באַזונדער.
7. פּרוּוו אָנצייכענען דאָס אָרט פון וואַנען מאָטל קוקט אַראָפּ אין סאָד, און דעם סאָד פון מנשה דעם רופא.

שלום-עליכם

# מענטשעלעך

איך נעם איבער אַ זאַך זייער גיך. איך זע אַ מענטשן איין מאָל, מאַך איך אים נאָך מיט אַלע פּיטשעווקעס.

איך האָב אַנומלטן נאָכגעמאַכט מיין ברודערס חבר, פּיניען, ווי ער גייט מיט אַ טענצל און ווי ער קוקט מיט די קורצזיכטיקע אויגן, און ווי ער רעדט גיך, זופט הייסע לאָקשן. האָט זיך מיין שוועגערין געהאַלטן ביי די זייטן און די מאַמע האָט אַזש אָנגעהויבן וויינען פאַר געלעכטער.

מיין ברודער עליע האָט דאָס פיינט. ער לאָזט מיך נישט דעם קאָפּ אויפהייבן. אַ מאָדנער מענטש, מיין ברודער עליע! ער האָט מיך ליב — און שלאָגט מיך, מאַכט מיר דעם טויט.

* * *

איך האָב ליב מאָלן, און מיין ברודער עליע שלאָגט מיך דערפאַר. האָב איך אַנומלטן אויסגעמאָלן אַ פּוס. אַ מוראדיק גרויסן פּוס. מיט קרייד

---

[1] ארץ־ישראל־עפּעלעך (ערעץ־ייסראָעל־עפּעלעך).
[2] קיסליצעס, קוואַס־עפּעלעך: — ווילדע עפּעלעך, שטאַרק זויערע, וואָס וואַקסן אָפּט אין פעלד.

אויף דער ערד האָב איך אים אויסגעמאָלן. האָט איר באַדאַרפט זען, וואָס ס'האָט זיך געטאָן! מיין שוועגערין ברכה האָט זיך אָנגעטשעפּעט, אַז דאָס האָב איך אויסגעמאָלן איר פּוס. פאַרוואָס עפּעס איר פּוס? ווייל קיינער האָט נישט אַזעלכע גרויסע פּיס, ווי ברכה. קאַלאָשן טראָגט זי נומער דרייצן. איר זאָלט זען אַ פּאָר קאַלאָשן!...

האָט זי מיר צוגעשטעלט אַ בענקעלע פּאַר מיין ברודער עליע.

האָט זיך מיין ברודער עליע אויף מיר צעשריגן ווי געוויינלעך:

— מענטשעלעך? האָסט זיך שוין ווידער גענומען צו דיינע אַלטע שטיק, מאָלן מענטשעלעך!

שוין! פון אַ פּוס איז ביי אים שוין געוואָרן אַ מענטש. און פון אַ מענטש — מענטשעלעך! מע קען פון זיי משוגע ווערן!

איך מוז זיך מודה זיין, אַז וואָס ווייטער ווערט ביי מיר דאָס חולאת פון מאָלן מענטשעלעך גרעסער און שטאַרקער. איך האָב דערטאַפּט אַ פּאַר־ביק בליישטיפטל. מיר האָט דאָס אַוועקגעשענקט אַ יינגל מיט געשוואָ־לענע באַקן. דערפאַר, וואָס ער האָט מיר אַוועקגעשענקט דאָס פאַרביקע בליישטיפטל, האָב איך אים אָפּגעמאָלט אויף פּאַפּיר. אינגאַנצן זיין גע־שטאַלט מיט די געשוואָלענע באַקן.

איך האָב אים באַשווירן, ער זאָל דאָס קיינעם נישט ווייזן. וואָרום טאָמער דערוויסט זיך מיין ברודער עליע, וועל איך האָבן אַ וויסטן סוף. ווי מיינט איר? אַוודאי האָט ער דאָס גלייך אָפּגעטראָגן צו מיין ברודער עליען און האָט אים געגעבן אַ טו אַ ווייז דאָס געמאָלעכטס גלייך אין פּנים אַריין.

— דאָס דאַרף זיין מאָטלס אַרבעט! ווו איז ער מיט די מענטשעלעך?

אַזוי זאָגט מיין ברודער עליע און זוכט מיך און קאָן מיך נישט געפי־נען. מיין ברודער עליע האָט אַ טרוקענע האַנט מיט דאַרע פינגער. אַז ער וואַרפט אייך אַריין אַ פּאַטש היינט ביינאַכט, בלייבט ביי אייך אַ סימן אויף דער באַק ביז אינדערפרי.

## פראַגעס און אויפגאַבעס:

1. פאַרוואָס שלאָגט עליע מאָטלען?
2. ווי האָט זיך די יידישע רעליגיע באַצויגן צו געמעלן פון מענטשן? (אויב דו ווייסט נישט, פרעג דעם לערער).
3. דערמאָן זיך דערציילונגען, ווו עס ווערן געשילדערט קינדער, וואָס האָבן נישט קיין מעגלעכקייט צו אַנטוויקלען זייערע פעיקייטן.

שלום-עליכם

# אַ שנײַדער און אַ פּרעסער

מײַן ברודער עליע און זײַן חבר פּיניע אַרבעטן אין צװײ באַזונדערע פֿאַבריקן. אײנער איז אַ שנײַדער. דער אַנדערער איז אַ פּרעסער. אַ שנײַדער דאַרף נישט נײען מיט די הענט. ער שטעפּט אויף דער מאַשין. דאָס דאַרף מען אָבער אויך קאָנען. עס שטעפּט זיך נישט אַלײן.

װיאַזוי האָט זיך מײַן ברודער עליע אויסגעלערנט שטעפּן? מע האָט אים געגעבן איבערגעבליבענע שטיקלעך, ער זאָל זײ איבערגײן הין און צוריק עטלעכע מאָל, און ער איז געװאָרן אַ שנײַדער. אויף מאָרגן האָט ער שוין געשטעפּט.

פּיניען האָט מען אויך אַװעקגעזעצט בײַ דער מאַשין, װי עליען. מע האָט אים אויך געגעבן איבערגעבליבענע שטיקלעך, ער זאָל זײ איבערגײן הין און צוריק מיט דער מאַשין. טוט ער אָבער אַלץ כאַפּנדיק. האָט זיך געטראָפֿן מיט אים אַן אומגליק — ער האָט אין אײַלעניש פֿאַרשטעפּט דעם לינקן אַרבל פֿון װעסטל צו דער מאַשין. אַ גליק כאָטש, װאָס נישט די האַנט. װײ-װײ, װאָס מע האָט זיך אָנגעלאַכט פֿון אים!

פּיניע גײט אַװעק אין אַן אַנדער פֿאַבריק און שטעלט זיך דאָרט פֿאַר אַ פּרעסער, אַן אונטערפּרעסער דערװײַל. אַז ער װעט זיך אויסלערנען די אַרבעט, װעט ער גײן העכער און העכער. דערװײַל װערט נאָך פּיניע גוט פֿאַרשװאַרצט און אַלץ איבער זײַן טבע[1], װאָס ער האָט ליב אַלץ צו טאָן כאַפּנדיק. ער קומט אַלע טאָג אַהײם אַ צעבריטער.

אײנמאָל איז ער געקומען מיט אַ צעקאַליעטשעטער נאָז. װאָס איז די מעשה? ער האָט זיך בײַם פּרעסן אָפּגעבריט די נאָז. װי קומט דאָס פּרעסל צו זײַן נאָז? לאָזט זיך אויס, אַז פּיניע האָט גאָר געזוכט אַ שטיקל אַרבעט, האָט ער זיך אָנגעבויגן האַרט צום טיש און געטראָפֿן מיטן שפּיץ נאָז אויפֿן אָנגעגליטן פּרעסל.

נאָר פּיניע איז אַ מענטש, װאָס זאָרגט נישט. מיט דער צײַט װעט ער זיך אויסלערנען און װעט גײן העכער און העכער.

## פֿראַגעס:

1. װיאַזוי איז עליע געװאָרן אַ שנײַדער?
2. פֿאַרװאָס איז פּיניע נישט געװאָרן קײן שנײַדער?
3. װאָס איז מיט פּיניען געשען בעת דעם פּרעסן?
4. פֿאַרװאָס האָט ער זיך אָפּגעבריט?

---

[1] טבע (טעװע) — כאַראַקטער, געװױנהײט.

ל. נ. טאָלסטאָי

# דער שפּרונג

אַ שיף האָט געמאַכט אַ רייזע אַרום דער וועלט און זיך אומגעקערט אַהיים. ס'איז געווען אַ שטיל וועטער. דער גאַנצער עולם איז געווען אויף דער אויבערשטער שיף־דעק. צווישן עולם האָט זיך אַרומגעדרייט אַ גרויסע מאַלפּע און האָט אַלעמען געוויילט. די מאַלפּע האָט זיך געדרייט אין דרייען, געשפּרונגען, געמאַכט ווילדע מינעס, איבערגעקרימט מענטשן, און ס'איז געווען לייכט צו באַמערקן — זי ווייסט, אַז מע וויילט זיך מיט איר, און פון דעם איז זי נאָך פאַרשייטער געוואָרן.

זי איז צוגעשפּרונגען צו אַ צוועלפיאָריק יינגל, צום זון פון שיפס־קאַפּיטאַן, אַראָפּגעריסן פון זיין קאָפּ דאָס היטל, אָנגעטון עס אויף זיך און איז פלינק אַרויף אויף דעם מאַסט [1]. אַלע האָבן זיך צעלאַכט, נאָר דאָס יינגל איז געבליבן מיט אַן אַנטבלויזטן קאָפּ און האָט אַליין נישט געוווסט, צי דאַרף ער לאַכן, צי וויינען. די מאַלפּע האָט זיך אַוועקגעזעצט אויף דעם ערשטן שטאַנג פון מאַסט, אַראָפּגענומען דאָס היטל און עס אָנגעהויבן רייסן מיט די ציין און נעגל, ווי זיך רייצנדיק מיטן יינגל, אָנגעוויזן אויף אים און געמאַכט מינעס. דאָס יינגל האָט איר געדראָט מיט דער האַנט און אַ געשריי געטאָן. נאָר זי האָט נאָך פאַרביסענער געריסן דאָס היטל.

די מאַטראָסן האָבן זיך נאָך שטאַרקער צעלאַכט. דאָס יינגעלע איז אָבער רויט געוואָרן, האָט פון זיך אַראָפּגעוואָרפן די מאַרינאַרקע און זיך געלאָזט קריכן צו דער מאַלפּע אויף דעם מאַסט. אין אַ וויילע אַרום איז ער שוין אַרויפגעקראָכן דורכן שטריק אויף דעם ערשטן שטאַנג. נאָך די מאַלפּע איז, אין דער זעלביקער וויילע ווען ער האָט געוואָלט אַרויסכאַפּן דאָס היטל, נאָך גיכער און פלינקער אַרויף נאָך העכער.

— וועסט זיך פון מיר נישט אַרויסדרייען! — האָט אַ געשריי געטאָן דאָס יינגל און געקראָכן נאָך העכער. די מאַלפּע האָט אים ווידער פאַרנאַרט, און אַרויפגעקראָכן נאָך העכער. דאָס יינגל איז געוואָרן אָנגעצונדן פאַר כעס און נישט אָפּגעשטאַנען. אויף אַזאַ אופן האָבן די מאַלפּע און דאָס יינגל זיך אין איין מינוט דערקליבן ביזן סאַמע שפּיץ. אויפן סאַמע שפּיץ האָט זיך די מאַלפּע אויסגעצויגן אין דער גאַנצער לענג, פאַרטשעפּענדיק זיך מיט דער הינטערשטער לאַפּע פאַר דעם שטריק, אויפגעהאָנגען דאָס היטל אויפן ראַנד פונעם אונטערשטן שטאַנג און איז אַליין אַרויף אויפן שפּיץ פון מאַסט און דאָרטן געמאַכט פאַרשידענע קונץ־שטיק, געשטשירעט מיט די ציין און זיך געפרייט. פון מאַסט ביזן סוף פון שטאַנג, ווו ס'איז געהאָנגען דאָס היטל, איז געווען ביי אַ צוויי אַרשין, אַזוי, אַז מע

[1] מאַסט — אַ גרויסער סלופּ אויף דער ש.ף. אויף וועלכן מע ציט אַרויף די זעגלען.



האָט געקאָנט אַהין גרייכן בלויז אַרויסלאָזנדיק פון האַנט די שטריק און דעם מאַסט.

דאָס יינגל איז געווען שטאַרק אויפגערעגט. ער האָט אָפּגעלאָזן דעם מאַסט און איז אַרויף אויפן שטאַנג. אויף דער שיף־דעק האָבן אַלע געקוקט און זיך געפרייט פון דער פלינקייט, וואָס ס׳האָט אַרויסגעוויזן די מאַלפּע און דעם קאַפּיטאַנס זון, נאָר ווען זיי האָבן באַמערקט, אַז ער האָט אָפּגעלאָזן די שטריק און איז אַרויף אויפן שטאַנג, באַלאַנסירנדיק [2] מיט די הענט — זענען אַלע פאַרגליווערט געוואָרן פון שרעק.

ס׳איז גענוג געווען צו שטעלן איין שלעכטן טראָט — ער זאָל, אַראָפּפאַלנדיק אויף דער שיף־דעק, ברעכן רוק־און־לענד. און אַפילו ווען ער

[2] באַלאַנסירן — געמיינט: איינהאַלטן דעם גלייכגעוויכט, בכדי (ביכדיי) נישט אַראָפּצופאַלן.

זאָל קיין פאַלשן טראָט נישט שטעלן, דערגיין בשלום צום ראַנד פון שטאַנג און אַראָפּנעמען דאָס היטל, וואָלט ער אַלציינס נישט געקאָנט זיך אומקערן צוריק און דערגיין צו דעם מאַסט. אַלע זענען אַנטשטומט געוואָרן און געוואַרט, וואָס וועט דאָ געשען.

פּלוצעם האָט עמעץ פון עולם אַ געשריי געטאָן פאַר שרעק. דער געשריי האָט דעם יינגל ווי אויפגעוועקט, ער האָט אַ קוק געטאָן אויף אַראָפּ און זיך אַ וואַקל געטאָן.

אין דעם אויגנבליק איז דער שיף־קאַפּיטאַן, דער פאָטער פונעם יינגל, אַרויסגעגאַנגען פון זיין קאַיוטע[3].

ער האָט געהאַלטן אַ ביקס אויף שיסן מעוועס. דערזען זיין זון אויף דעם מאַסט, האָט ער גלייך אָנגעצילט די ביקס אויף אים און אַ געשריי געטאָן:

— אין וואַסער אַריין! שפּרינג תיכף אין וואַסער! כ'וועל דיך שיסן!

דאָס יינגל האָט זיך אַ וואַקל געטאָן, נישט פאַרשטאַנען.

שפּרינג! אַנישט וועל איך דיך שיסן!... איינס... צוויי... דריי!

ווי ער האָט אויסגעשריגן „דריי", האָט דאָס יינגל זיך אַ בייג געטאָן מיטן קאָפּ אַראָפּ און אַ שפּרונג געטאָן.

ווי אַ האַרמאַטן־שאָס האָט אַ זעץ געטון דעם קינדס קערפּער אין ים־פּלאַך, און איידער ס'האָבן נאָך באַוויזן די כוואַליעס אים צו פאַרשלינגען זענען צוואַנציק מאַטראָסן־העלדן אַראָפּגעשפּרונגען פון שיף אין ים. אין פערציק סעקונדעס אַרום — אַלעמען האָט זיך אויסגעדוכט, אַז עס דויערט וועד ווייסט ווי לאַנג — איז אַרויסגעשווומען דעם יינגלס קערפּער. די מאַטראָסן האָבן אים געכאַפּט און אַרויפגעשלעפּט אויף דער שיף. אין עטלעכע מינוט אַרום האָט פון זיין מויל און נאָז אַ שלאָג געטאָן וואַסער, און ער האָט אָנגעהויבן אָטעמען.

ווען דער קאַפּיטאַן האָט עס דערזען, האָט ער פּלוצעם אַ געשריי געטאָן מיט אַזאַ קול, ווי עס זאָל אים עפּעס אין האַלדז שטיקן און איז אַוועקגעלאָפן צו זיך אין קאַיוטע, כדי קיינער זאָל נישט זען, ווי ער וויינט.

## פראַגעס און אויפגאַבעס:

1. פאַרוואָס האָט דער קאַפּיטאַן געדראָט זיין זון, אַז ער וועט אין אים שיסן?
2. פאַרוואָס האָט ער זיך שפּעטער צעוויינט?
3. וואָס וואָלט געשען מיטן יינגל, ווען ער זאָל נישט שפּרינגען אין וואַסער?
4. טראַכט צו צו דער דערציילונג אַ גוטן סוף און אַ שלעכטן סוף.

---

[3] קאַיוטע — אַ צימער אויף דער שיף.

ש. באַסטאָמסקי

# די דריי פּוילערס

אַמאָל איז געווען אַ קיניג. האָט ער געהאַט דריי זין. זענען זיי אים אַלע געווען גלייך ליב, און ער האָט נישט געוווסט וועמען פון זיי איבער־צולאָזן זיין קיניגלעכן טראָן. האָט ער געטראַכט און געטראַכט און זיך לאַנג קיין עצה נישט געקאָנט געבן. איינמאָל האָט ער פאַררופן צו זיך די זין און צו זיי געזאָגט:

— ליבע קינדער, איך האָב לאַנג געטראַכט, וועמען פון אייך איבער־צוגעבן מיין קיניגלעכן טראָן. און אָט וואָס ביי מיר איז געבליבן: ווער פון אייך ס'איז דער גרעסטער פוילער, דער וועט אים באַקומען.

— אויב אַזוי, דאַרף איך ווערן קיניג! — האָט זיך אָפּגערופן דער עלטסטער. — איך בין אַזוי פויל, אַז ווען עס פאַלט מיר אַריין, למשל, אַ טראָפּן אין די אויגן, ווייל איך זיי נישט צומאַכן, איך מעג אפילו ווערן ווייסט ווי שלאָפן.

— דער קיניגלעכער טראָן געהערט צו מיר! — האָט געזאָגט דער צווייטער ברודער. — איך, אַז איך זיץ ביי דעם פייער און וואַרעם זיך, מעג מיר ווער. ווייסט ווי זיין הייס, ווייל איך גיכער די פיס פאַרברענען איידער זיי צונעמען פון פייער... אָט ווי פויל איך בין.

— דער קיניגלעכער טראָן געהערט צו מיר! — האָט אויסגערופן דער דריטער ברודער. — איך בין פוילער פון זייביידן. שטעל זיך פאָר, אַ שטיינער, מע וויל מיך הענגען, דער שטריק איז שוין אויפן האַלדז, און דאָ דערלאַנגט מען מיר אַ מעסער אין האַנט, איך זאָל דעם שטריק צע־שניידן, ווייל איך בעסער זיך לאָזן הענגען, איידער אויפהייבן די האַנט צו דעם שטריק!...

אַז דער פאָטער האָט אויסגעהערט די רייד פון דריטן זון, האָט ער זיך אָפּגערופן:

— דו, מיין זון, שטייגסט אַריבער דיינע ברידער אין פוילקייט. דו פאַרבלייבסט קיניג.

**פראַגע:**

ווי קוקט, אויפן סמך פון אָט דעם מעשהלע, דאָס פאָלק אויף קיניגן? (ווער טויג אַמבעסטן פאַר אַ קיניג?)

## פאָלקס־ווערטלעך וועגן אַרבעט

אַרבעט גיט ברויט, פוילקייט — נויט.
אַז מע איז פויל, האָט מען נישט אין מויל.
געבראָטענע טייבעלעך פליען נישט אין מויל אַריין.

שלום-עליכם

# די פאָן

א.

קינדער! איך וועל אייך דערציילן אַ מעשה מיט אַ פאָן. וויאַזוי איך, אַן אָרעמאַנס אַ יינגל, האָב באַקומען אויף שמחת-תורה אַ פאָן, ווי שוואַר זי איז מיר אָנגעקומען און ווי גרינג איך האָב זי פאַרלאָרן.

איך בין געווען נאָך גאָר אַ קליין יינגעלע, האָט מען מיך גערופן „טאָפּעלע טוטעריטו״, דאָס הייסט, „קאָפּל קוקעריקו״. ווייסט איר פאַרוואָס? ווייל ערשטנס האָב איך געהאַט אַ דין קוויטשיק קולכל, ווי אַ יונג האָנעכל, וואָס האָט נאָר וואָס אָנגעהויבן צו קרייען. און צווייטנס האָב איך נישט געקאָנט אויסרעדן קיין „קוף״ און קיין „גימל״, און ווי אויף צו לחכעים האָט מיין טאַטע געדאַרפט הייסן קלמן, מיין מאַמע — גיטל קלמנס, איך — קאָפּל גיטל קלמנס.

— יינגעלע! וויאַזוי רופט מען דיך?

— מיך? טאָפּל דיטל טאַלמענס...

— העכער אַ ביסל!

— טאָפּל דיטל טאַלמענס!

דער עולם לאַכט.

דער עולם לאַכט — און איך וויין.

איך וויין נישט פון דעם, וואָס מע לאַכט פון מיר, נאָר דערפאַר, וואָס מע שלאָגט מיך. איטלעכער, ווער עס האָט גאָט אין האַרצן, דער שלאָגט מיך! דער טאַטע, די מאַמע, די שוועסטער, דער רבי, די תלמידים, מע לערנט מיך, איך זאָל רעדן „ווי אַ מענטש״...

ב.

האָבן אויף שמחת-תורה אַ פאָן, טאַקע וואָס אַ פאָן הייסט, אַ פאָן מיט אַ שטעקעלע, פון אויבן אַן עפּל, אינעם עפּל אַ ליכטל — דאָס האָט ביי מיר אויסגעוויזן אַזאַ גליק, וואָס איך האָב מורא געהאַט אפילו צו טראַכטן פון דעם. קאַרג גוטע זאַכן איז פאַראַן אויף דער וועלט? למאי זענען פאַראַן אַזעלכע יינגלעך אין חדר, וואָס פאַרמאָגן געלט אויף צו קויפן אַ מעסערל, אַ בייטעלע, אַ שטעקעלע! למאי זענען פאַראַן יינגלעך אַזעלכע, וואָס עסן ווייסע בולקע אינדערוואָכן... אַזאַ מזל!

אוי, קינדערלעך, איך האָב קיין ווייסע בולקע אינדערוואָכן קיינמאָל נישט געגעסן! איך בין גערן געווען, אַז איך האָב געהאַט שוואַרץ ברויט צו זאַט. איך האָב נישט געוווסט דעם טעם, וואָס הייסט אָפּעסן אַזוי, אַז איך זאָל טאַקע באַלד נישט קאָנען עסן נאָך אַמאָל.

היינט ווער שמועסט האָבן ביי זיך אין קעשענע אַ קאָפּיקע, אַן איי־
גענע קאָפּיקע — דאָס האָט זיך מיר אַפילו נישט געחלומט.

און שטעלט זיך פאָר, אַז איך, קאָפּל קוקעריקו, ווער מיטאַמאָל אַ גביר
און באַקום מיין אייגנס צוויי און צוואַנציק קאָפּיקעס.

אפשר מיינט איר אַ נס — אַ פריץ האָט פאַרלאָרן, און איך האָב
געפונען? האָט איר דווקא נישט געטראָפן. איך האָב זיי, שווער איך אייך,
פאַרדינט, פאַרהאָרעוועט מיט מיינע אייגענע... פיס.

דאָס איז געווען פורים. האָט מיין טאַטע — דער אונטער־שמש פון
שול — געשיקט איך זאָל צעטראָגן דעם שלח־מנות צווישן די באַלעבאַטים.
האָב איך גענומען דאָס טעלערל מיטן פלעדל, אַרומגעטראָגן דאָס פון שטוב
צו שטוב צווישן אַלע באַלעבאַטים, געקנאָטן מיט באָרוועסע פיס די קאָל־
טע, גליטשיקע בלאָטע, און פון גראָשנס, וואָס מע האָט מיר געשענקט פאַרן
וועג, האָב איך געמאַכט אַ זילבערנעם פערציקער [1] מיט פיר גראָשנס.

איז געבליבן, ביי מיר, איך זאָל איבערלאָזן דאָס געלט אויף סוכות
— זיך קויפן אַ פאָן.

ג.

אין חדר האָב איך געהאַט אַ חבר — יואליק, אַ נגידס [2] אַ יינגל. ער
פלעגט האָבן תמיד פולע קעשענעס מיט גוטע זאַכן. נאָר יענעם געבן האָט
ער פיינט געהאַט, מע זאָל זיך אויסציען פאַר אים — נישט אַ שמעק! פּלוצעם
האָט זיך יואליק עפּעס אָנגעהויבן צו מיר שטאַרק צושאַרן, צושמייכלען,
געוואָרן מיט מיר חבר — די נשמה!

— דו ווייסט? — מאַכט ער צו מיר — ביסט אַ וואויל יינגל, ווי איך
בין אַ ייד. איך האָב דיך ליב נאָר דערפאַר, וואָס דו האָסט פיינט בעטלען,
אַזוי ווי אַנדערע: „גיב מיר אַ שטיקעלע! גיב מיר אַ פּיצעלע!" אָנקוקן קאָן
איך נישט אָט־די בעטלערס!... אַ שטיקל קאָנפעקט ווילסטו?

— אַ שטיקל טאָנפעט? — זאָג איך. — פאַרוואָס נישט?

— נו, — זאָגט ער — און ניסלעך צוויי וואָלסטו געקנאַקט?

— ניסלעך? — זאָג איך. — פאַרוואָס נישט? איך זאָל האָבן, וואָלט
איך דערטנאַטט.

יואליק לייגט אַריין די האַנט אין קעשענע. איך מיין, אַז דאָס נעמט
ער אַרויס און גיט מיר. צום סוף רופט ער זיך אָן צו מיר:

— איך וועל דיר געבן מאַרמעלאַד אַ האַלב שטיקל און ניסלעך דריי...
אויב דו וועסט זיך מיט מיר בייטן. וועסט זיך בייטן?

— בייטן? — זאָג איך. — מיט וואָס וועלן מיר זיך בייטן?

---

[1] אַ פערציקער — 20 קאָפּיקעס, רוסישע מאַנעטעס; 2 גראָשן — איין קאָפּ.קע.

[2] נגידס (נאָגעדס) — דעם גבירס, דעם רייכנס.

— איך וועל דיר — זאָגט ער — געבן דאָס מעסערל מיינס. דו ווייסט דאָך מיין ווייס מעסערל? אַן אמתדיקס, אַ זאַוויאַלאָווס [3].

אַ פראַגע אַביסל, אויב איך ווייס יואליקס מעסערל! ווער ווייסט נישט יואליקס מעסערל? וויפל מאָל האָב איך אים דערויף מקנא געווען! וויפל מאָל האָב איך עס געזען אין חלום!...

— נו, און איך? — זאָג איך. — וואָס זאָל איך דיר דעבן דערפאַר?

— און דו — זאָגט ער — וועסט מיר געבן דיין זילבערנעם פּערצי־קער.

— אַ חכם אַ ייד! — זאָג איך. — פאַר אַ פּערציטער טאָן מען שוין טויפן אַ ניי מעסערל.

— אָט אַזאַ מעסערל? — זאָגט יואליק. — פּורים נאָכן קאַלטן קוגל!... שאַ, ווייסטו נאָר וואָס? איך גיב דיר צו אַ האַלב טוץ קנעפּלעך ביינערנע.

— פאַר דעלט — זאָג איך — טאָן מען טויפן צען טויזנט טוץ קנעפּלעך.

— נו, — זאָגט ער — און קאָנפעטן און ניסלעך איז קיין געלט נישט? איך זאָג דיר צו, אַלעמאָל, ווען דו וועסט בעטן, גיב איך דיר. ווי איך בין אַ ייד. אָט האָב איך אַ טשוואָק אַן אייזערנעם, זעסטו? — שענק איך דיר אַוועק דעם טשוואָק אומזיסט. דו זעסט, וואָסער טשוואָק?

— וואָס דאַרף איך — זאָג איך — טשוועטעס?

— ער וועט דיר — זאָגט ער — צונוצקומען, נאַרעלע. קאָנסט אים פאַרשלאָגן ווו דו ווילסט. קאָנסט מיט אים אויסגראָבן אַ גריבל.

— וואָס דאַרף איך — זאָג איך — דראָבן דריבלעך?

— איך וועל דיר — זאָגט ער — לאָזן דאַווענען אין מיין סידורל.

— וואָס דאַרף איך — זאָג איך — דאַווענען אין פרעמדע סידורים?

— איך וועל דיר געבן — זאָגט ער — אָנמעסטן מיין שבתדיק קאַש־קעטל.

— וואָס דאַרף איך — זאָג איך — מעסטן פרעמדע טאַשטעטן?

— ווילסטו נישט? נאַ זשע דיר! — מאַכט יואליק און דערלאַנגט מיר אַ בוכענצע אין זייט אַריין. — געפעלט אייך אַ ביסל אַ קאַפּצעניוק? איך גיב אים אַזויפיל זאַכן: אַ מעסערל, און קנעפּלעך, און קאָנפעטן, און ניסלעך, און אַ טשוואָק, און אַ סידורל, און אַ היטעלע אָנמעסטן — וויל ער נאָך נישט! אַ קאַפּצאָנישע קישקע — וויפל מען לייגט אין איר נישט אַריין, איז ווינציק! ער מיינט, אַז ער האָט אַ זילבערנעם פּערציקער, איז ער שוין אַ גאַנצער יאַ־טעבע־דאַס! וואַרט אויס, טאַפּעלע טוטעריטו, וועסט אַמאָל אָנקומען צו מיר, דיר אויספאַלן באַקאָס! נחמיה! נאַ, איך שענק דיר אַוועק דעם טשוואָק!...

---

[3] נאָמען פון אַ פירמע.

יאָליק שענקט אַוועק דעם טשוואָק נחמיהן (אַן אָרעם יינגל, וואָס הינקט אויף אַ פיסל) און מיט מיר ווערט ער אויס חבר.

ד.

— מזל־טוב! טוטעריטו האָט אַ פאָן! שלום־עליכם אַ גוטער ייד!

אַזוי האָט מיך חברה באַגעגנט, אַז איך בין געקומען אויפן שול־הויף מיט מיין פאָן.

איך באַטראַכט אַלע פאָנען און וואַרף אַ בליק אויף מיין פאָן — ווער? וואָס? ווען? ווי קומען זייערע פאָנען צו מיין פאָן?

ערשטנס, די פאָן אַליין. ביי קיינעם שטייט זי נישט אַזוי גלייך אַריינגעזעצט אין שטעקל מע זאָל אַרויסזען ביידע זייטן. ביי קיינעם איז נישטאָ אַזאַ רויטער, גלאַטער עפּל. ביי קיינעם איז נישטאָ אַזאַ שיין געראָטן ליכטל. איך מאַך אַ פאַרגלייך צווישן מיין פאָן און די אַלע איבעריקע פאָנען — און מיין האַרץ ווערט פול מיט פרייד. די פיס טראָגן מיך. עס גלוסט זיך מיר לאַכן, שרייען, קוויטשען, כאַפּן אַ טענצל...

— אַנו, ווייז נאָר! — רופט זיך אָן צו מיר יאָליק דעם נגידס און בלייבט שטיין פאַרגאַפט.[4]

ער באַקוקט מיין פאָן, איך באַקוק זיין פאָן. „אויך מיר אַ פאָן" — טראַכט איך מיר, — „אויך מיר אַ שטעקל!" איך זע, אַז ער איז אָן אויפגעקאָכטער, נאָר איך מאַך זיך נישט ווויסנדיק און קוק כלומרשט אין אַ זייט.

— קאָפּל, — מאַכט ער צו מיר — ווו האָסטו גענומען אַזאַ שיין שטעקעלע?

— האַ? — זאָג איך און דריי זיך אויס צו אים מיטן פּנים.

— ווו האָסטו דערטאַפּט, — זאָגט ער נאָך אַ מאָל — אַזאַ שטעקעלע?

— וואָס איז דען? — זאָג איך אים. — ווילסט זיך אפשר בייטן אויף דיין טשוואָק?...

יאָליק פאַרשטייט דעם שטאָך. ער טוט אַ גלאַנץ מיט די אייגעלעך, לייגט אַריין די האַנט אין קעשענע און טרעט אָפּ. איך קוק אים נאָך און קוועל, עס קומט מיר צו אַ שטיק געזונט. איך זע ווי ער רופט אָפּ נחמיהן מיטן קרומען פיסל אויף אַ זייט און סודעט זיך מיט אים און ווינקט אויף מיר מיט די אויגן. איך זע גאַנץ גוט, נאָר איך מאַך מיר נישט ווויסנדיק. אין אַ מינוט אַרום גייט צו צו מיר נחמיה מיטן קרומען פיסל, האַלט יאָליקס פאָן מיטן קרומען שטעקל און רופט זיך אָן צו מיר:

— גיב מיר אָנצינדן דאָס ליכטל, מיינס האָט זיך פאַרלאָשן.

---

4 פאַרגאַפט — פאַרכידעשט, פאַרוווּנדערט.

— ס'איז דען דיין פּאָן? — זאָג איך און בייג אים אָן מיין פּאָן מיטן ליכטל. — איך ווייס דאָך וועמענס פּאָן דאָס איז...

און איידער איך קוק זיך אַרום, טראָגט צו נחמיה זיין אָנגעצונדן ליכטל צו מיין פּאָן.

— — — — — — — — — — — — — — — —

ווען עס פאַלט אַראָפּ פון הימל אַ שטיין גלייך מיר אין קאָפּ אַריין, ווען אַ ווילדע חיה פאַלט אָן אויף מיר און וויל מיך פאַרצוקן[5], אָדער ווען עס קומט מיר אַנטקעגן אַ מת אין אַ האַלבער נאַכט און וויל מיך וואַרגן — וואָלט מיין שרעק באַדאַרפט נישט זיין אַזוי גרויס, ווי בשעת איך האָב דערזען מיין נאַקעט שטעקל מיט דער אָפּגעברענטער פּאָן. עס האָט זיך אַרויסגעריסן ביי מיר פונעם האַרצן אַ געשריי:

— אוי וויי, מיין פּאָן! מיין פּאָן! מיין פּאָן!...

עס האָט זיך אַ גאָס געטאָן טרערן פון מיינע אויגן. די גאַנצע וועלט איז פאַר מיר געוואָרן פינצטער. דאָס שטעקל מיטן עפּל, מיטן ליכטל, זייַנען אַרויסגעפאַלן פון מיינע הענט, און איך האָב מיך געלאָזט גיין, איך ווייס אַליין נישט וווהין. איך גיי און גיס, און גיס מיט הייסע ביטערע טרערן. איך ברעך די הענט און באַוויין מיין פּאָן, ווי מע באַוויינט אַ טויטן, און איך קום צו גיין אַהיים איינער אַליין, אָן אַ פּאָן, און איך פאַרקלייב זיך אין אַ ווינקעלע, און אין דער פינצטער זיץ איך, דעם קאָפּ צווישן די קני, און וויין שטילערהייט, קיינער זאָל נישט הערן. און איך פרעג ביי גאָט אַ קשיא[6]:

— גוואַלד, גוואַלד, רבונו־של־עולם[7]. פאַרוואָס קומט דאָס מיר? פאַר וואָס און פאַר ווען?

## פראַגעס און אויפגאַבעס:

1. פאַרוואָס האָט מען דאָס יינגעלע גערופן טאָפּעלע טוטעריטו?
2. וויאַזוי האָט זיך קאָפּעלע איינגעשאַפן אַ פּאָן?
3. געפינען און לייען איבער די שטעל, וואָס שילדערט ווי קאָפּעלע האָט זיך געפילט נאָך דעם ווי מע האָט אים פאַרברענט זיין פּאָן.
4. אַ וועלכע פון די באַצייכענונגען וואָלטן געפּאַסט פאַר דעם דייכן יינגל: האַרציק, פאַלש, בייזוויליק, גוטווינטשנדיק, שלעכט, עגאָאיסטיש, גיריק, חבריש, פריינדלעך, אָרנטלעך, כיטרע, אָנהאַרציק?

[5] פאַרצוקן — אויפעסן, פאַרשלינגען.
[6] קשיא (קאַשיע) — אַ פראַגע.
[7] רבונו־של־עולם (ריבוינוי שעל אוילאָם) — האר פון דער וועלט, גאָט.

אברהם רייזען

## דאָס נייע ליד

און זאָל ווי ווייט
נאָך זיין די צייט
פון ליבע און פון שלום, —

דאָך קומען וועט,
צי פרי, צי שפּעט,
די צייט — עס איז קיין חלום!

איך הער דאָס ליד,
פון ליבע, פריד,
די מעכטיקע געזאַנגען,

און יעדער טאָן
פון ליד זאָגט אָן:
די זון איז אויפגעגאַנגען!

עס עקט די נאַכט,
די וועלט דערוואַכט
פול האָפנונג, לוסט און שטרעבן;

די ערדט — אין לופט
אַ שטימע רופט:
צו מוט און קראַפט, און לעבן!...

יאַנינאַ בראָניעווסקאַ

## דער קליינער העלד

די דייטשישע אַעראָפּלאַנען זענען געגאַנגען אויף זשאָליבאָזש. צו־ערשט זענען זיי געפלויגן הויך, אין דרייערלעך, און שפּעטער פלעגן זיי זיך אַראָפּלאָזן נידעריקער מיט אַ שטייגנדיקן גערויש. איבער דער שטאָט האָבן יאָמערלעך געוואָיעט די סירענעס.

— איך מעלדע אַן אַליאַרם פאַר דער שטאָט וואַרשע! איך מעלדע



אַן אַליאַרם פאַר דער שטאָט וואַרשע! — האָט נאָכאַנאַנד אויסגערופן דער ראַדיאָ־הילכער.

אָבער סטאַשעק וואַלטשאַק האָט נישט געוואַרט נישט אויפן פייף פון דער סירענע, נישט אויף דער גוט באַקאַנטער רואיקער שטימע פון דעם ראַדיאָ.

ער האָט באַמערקט די דאָזיקע פאַרהאַסטע שוואַרצע פייגל נאָך אי־בערן מאַרימאָנטער שאָסיי. זיי האָבן אויסגעזען פון ווייטנס, ווי קליינע שוואַרצע פינטעלעך אויפן בלויען, לויטערן סעפּטעמבער־הימל. סטאַשעק איז דורכגעלאָפן די גאַס און מיט אימפּעט אַריינגעלאָפן אין גרויסן הויף פון די „גלעזערנע הייזער". אַזוי האָבן געהייסן די וואַרשעווער הייזער־בלאָקן אויף זשאָליבאָזש מיט זייערע גרויסע לייכטנדיקע פענצטער, באַבלומטע באַלקאָ־נען, בלומען־בייטן אויף די הויפן און זאַמדיקע שפּיל־פּלעצער פאַרן קליינ־וואַרג.

מע הערט שוין דעם הילכיקן קנאַל פון די אויפרייסנדיקע באָמבעס. זיילן ערד, ציגל און רויך רייסן זיך אין הימל אַריין. סטאַשעק לויפט מיט העפטיקע שפּרונגען אויפן בוידעם, דורך דעם קוימען באַקומט ער זיך אַרויס אויפן דאַך. פון דער פעסטונג זעצן כסדר די „זעניטקעס", אויפן דאַך פאַלן שפּליטערס פון באָמבעס. פּאַף! הינטערן קוימען! פּאַף! אויף דער דאַך־רינע! אָבער סטאַשעק קוקט געשפּאַנט אין הימל אַריין אויף די וואַקסנדיקע פּונקטן.

— צי זיך אוים! מע פליט אויף אונדז! — שרייט פון צווייטן עק דאַך בראָנעק ליפּעצקי. — די יינגלעך פאַלן צו צום אָנגעגליטן דאַך.



מיט אַ דונער־געריוש פליט אַדורך איבער זייער קאָפּ אַ גרויסער דייַ־
טשער אַעראָפּלאַן. עפּעס האָט אַ זעץ געטאָן אין דאַך. דער ערשטער איז
אויפגעשפּרונגען סטאַשעק און וואַרפט אַ בליק פון הינטערן קוימען.

און דאַן הערזעט ער עפּעס אַ דיקע ראָלקע שפּריצן די ערשטע פּאָס־
פאָרישע פונקען.

— צי זיך אוים! מע פליט אויף אונדז.

— אַ צינד־באָמבע! — פליט אים דורך, ווי אַ בליץ, אַ געדאַנק. ער
לויפט אַראָפּ ביזן סאַמע ברעג דאַך, גיט זיך אַ וואַקל, שפּרייט באַלד ברייט
פונאַנדער די הענט צו כאַפּן גלייכגעוויכט און שטויסט האַסטיק אַראָפּ די
פלאַקערנדיקע „מתנה" פון דעם דייטשישן אַעראָפּלאַן.

די באָמבע איז, ווי אַ פייערדיקער בויגן, אַראָפּגעפאַלן אויפן הויף.
אָבער אין דער זעלביקער רגע איז די לופט אויפגעציטערט געוואָרן פון
אַ שטאַרקן הילך: אויף דער גאַס, הינטערן הויז, האָט אַ צווייטער אַעראָ־
פּלאַן אַראָפּגעשליידערט אַן אויפרייס־באָמבע, אַ הייסער לופט־שטראָם האָט
זיך אַ כוואַליע געטאָן איבערן דאַך, אַ ריס געטאָן דאָס יינגל און אים אַ שליי־

דער געטאָן פון דריטן שטאָק אויפן פאַרגעלטן גראָז אונטער אַ קוסט פון געאָרגיניעס.

— אָ יעזוס! — האָט ווילד אויסגעשריגן בראָנעק און זיך ווידער אויסגעצויגן אין דער גאַנצער לענג אויפן דאַך. איבערן הויז איז אַדורכגעפלויגן אַ דריטער אַעראָפּלאַן, ס'האָבן זיך אַ שאָט געטאָן קוילן — אַ סעריע נאָך אַ סעריע. פון דעם קוימען זענען אָפּגעפאַלן שטיקער ציגל, אַ רויטער שטויב האָט געגריזשעט די אויגן. טאַפּנדיק איז ער אויף אַלע פיר צוריקגעקראָכן צום קוימען, זיך אַראָפּגעגליטשט פון לייטער אויפן בוידעם און פון דאָרטן, קלאַמערנדיק זיך ווי אַ בלינדער אין די פּאָרענטשן, אַראָפּ אויפן הויף. ער האָט נישט געהערט נישט די פייפערייען פון די באָמבעס, נישט דאָס טראַסקען פון די שפּליטערס, וועלכע זענען געפאַלן פון אַלע זייטן. ער איז מיט אימפּעט צוגעפאַלן צו זיין חבר.

סטאַשעק איז געלעגן מיט פאַנאַנדערגעוואָרפענע הענט. אין זיינע פאַרגלייזטע אויגן האָט זיך געשפּיגלט דער בלויער, לויטערער סעפּטעמבער־הימל. אויף זיין פאַרסמאַליעטער גראַנאַטענער קורטקע מיטן געלן באַנד פון אָ.פּ.ל.[1] האָבן אויפגעבליט גרויסע, רויטע בלוט־פלעקן, ווי דער קוסט געאָרגיניעס וואָלט באַשאָטן דעם קליינעם העלד מיט זיינע בלומען.

דעם זעלבן אָוונט האָט מען מקבר געווען סטאַשעקן הארט נעבן מויער פון פּאַרק. די דייטשע אַרטילעריע האָט געשאָסן אָן אויפהער. דעם פרישן קבר האָט מען שנעל פאַרשאָטן מיט ערד און אויפן בערגעלע האָט מען אוועקגעשטעלט אַ צלם. בראָנעק האָט גענומען אַ בלייער און ביים רויטן אָפּשיין פון די שרפות אָנגעשריבן מיט קרומע אותיות.

סטאַניסלאַוו וואַלטשאַק, צען יאָר אַלט.
אומגעקומען פון אַ דייטשער באָמבע
אויפן פּאָסטן פון אָ.פּ.ל.[1]

* * *

פון יענער צייט זענען שוין אַוועק ניין יאָר. די ו'עגנס האָבן שוין לאַנג אַראָפּגעשווענקט דעם אויפשריפט אויפן קליינעם קרייץ, אָבער דער העלדישער טאַט פון דעם יונגן סטאַשעק וואַלטשאַק וועט אייביק פאַרבלייבן אין אונדזער אָנדענק. מיר וועלן שטעלן אויף זיין קבר אַ ווייסע מאַרמאָר־פּליטע. מיר וועלן פאַרפלאַנצן אַרום איר די שענסטע בלומען און אויף דער דאָזיקער פּליטע אויסקריצן מיט די שענסטע גלייכע אותיות דעם זעלביקן אויפשריפט, וועלכן בראָנעק האָט געמאַכט מיט זיין ציטערנדיקער האַנט, און נאָך צוגעבן:

---

[1] אָ.פּ.ל. — „אָבראָנאַ פּושעטשיוולאָטניטשאַ" — שוץ קעגן לופט־אָנגריף.

זיי געלויבט אויף אייביק, דו העלדנמוטיקער פּאַרטיידיקער פון וואַר־שע!

**פראַגעס:**

1. אין וואָס איז באַשטאַנען סטאַשעק העלדישקייט?
2. ווען און וועלכער מלחמה דערציילט דאָ יאַנינאַ בראָניעווסקאַ?
3. אין וועלכן יאָר איז היטלער־דייטשלאַנד באַפאַלן פּוילן?
4. אין וואָסער יאָר האָט די אויטאָרין געשריבן איר דערציילונג, אויב זי זאָגט, אַז פון יענער צייט זענען שוין פאַרביי ניין יאָר?
5. צי דערמאָנסטו זיך נאָך באַשרייבונגען פון העלדישע מעשים פון קינדער בעת דער מלחמה־צייט? אין וואָס זענען זיי באַשטאַנען? דערצייל!

באָלעסלאַוו פּרוס

# די דרייסטע יאַנגע

אין אַ דאָרף האָט זיך אויף אַ בוידעם פון אַ שטוב אָנגעצונדן אַ בינטל קאָנאָפּליעס. אין עטלעכע מינוט אַרום האָט זיך אָנגעכאַפּט דער דאַך. די באַלעבאַטים זענען געווען אין פעלד.

פאַר דער ברענענדיקער שטוב זענען געשטאַנען צוויי פרויען און פאַרבראָכן די הענט. אַ פויער איז אויך דערביי געשטאַנען, געקוקט אויפן פייער, האַלטנדיק איןביידע הענט אַ ליידיקן עמער.

די ברענענדיקע שטוב איז געווען פאַרשלאָסן.

ס'האָט געדויערט עטלעכע מינוט — און דער גאַנצער דאַך האָט שוין געפלאַקערט. דער רויך האָט געגריזשעט די אויגן... דערווייל זענען אָנגע־לאָפן מענטשן מיט אייזנס, העק און וואַסער. מ'האָט זיך גענומען פונאַנדער־וואַרפן דעם פלויט, וואָס איז גאָרנישט געווען אין געפאַר.

איייניקע האָבן געגאָסן וואַסער אַזוי אומגעלומפּערט, אַז ס'איז צום פייער נישט דערגאַנגען, זיי האָבן נאָר פאַרכליאַפּעט דעם אַרומיקן עולם. איינע אַ פרוי האָט מען גאָר אַנידערגעוואָרפן אויף דער ערד. פּלוצעם האָט עמעצער אויסגערופן:

— אַ קינד איז פאַרבליבן אין שטוב! אַ ייִנגעלע!

— ווו?

— אין שטוב. שלאָפט אין אַ מולטערל אונטערן פענצטער...

— מע דאַרף אויסהאַקן די שויב, וועט מען עס נאָך ראַטעווען.



קיינער האָט זיך אָבער נישט גערירט פון אָרט. די שטרוי אויפן דאַך איז פאַרברענט געוואָרן. ס'האָבן זיך שוין פאַרנומען די קלעצער.

— נו, רירט זיך שוין, ווער! — האָבן געשריגן די פרויען צו די מאַנצ־בילן.

— קריך אַליין אין פייער, אויב דו ביסט אַזאַ קלוגע. — האָט איינער פון די פויערים געענטפערט. — אַריינגיין אינעווייניק איז אַ זיכערער טויט. דאָס קינד לעבט שוין סיי־ווי־סיי נישט...

פון דער ווייטנס האָט זיך דערהערט אַ שרעקלעכער געשריי פון אַ פרוי:

— ראַטעוועט מיין קינד!

— האַלט זי! האַלט זי! — האָט מען געשריגן צווישן די, וואָס זע־נען געשטאַנען אַרום. — זי וועט נאָך אַריינשפּרינגען אין פייער און אומקומען.

— לאָזט מיך! דאָס איז מיין קינד!

פּלוצים איז צוגעלאָפן אַ יונג מיידל. אין איין אויגנבליק איז זי שוין געווען אין פענצטער פון דער ברענענדיקער שטוב. זי האָט זיך אַזוי טיף אַריינגעבויגן אינעווייניק, אַז מער ווי אירע פאַרשטויבטע פיס האָט מען נישט אַרויסגעזען.

— יאַגנע, אַהער גיי! — האָט עמעצער געריפן.

דער באַלקן האָט אָנגעהויבן איינצופאַלן... עס זענען געפלויגן פייער־דיקע פונקען. דאָס מיידל איז פאַרשוואונדן אין רויך.

— יאַגנע! — האָט זיך ווידער דערהערט אַ וויינענדיק קול.

— שוין! שוין!... האָט דאָס מיידל געענטפערט.

אין דעם אויגנבליק האָט זי זיך טאַקע באַוויזן. אויף אירע הענט האָט זי געהאַלטן אַ קינד, וואָס האָט געשריגן מיט באַנומענע קולות.

— ס'לעבט נאָך דאָס קינד? — האָט מען זיך געפרעגט פון אַלע זייטן.

— עס לעבט, ווי אַלע לעבעדיקע.

— און דאָס מיידל? איז עס זיינע אַ שוועסטער?

— ניין, אַ ווילד־פרעמדע! אַרבעט אפילו ביי אַן אַנדער באַלעבאָס. זי איז אַלט אפשר אַ יאָר פופצן. נישט מער!

— און איר האָט גאָרנישט געשאָדט?

— צוגעברענט דאָס טיכל און אַ ביסל צוגעסמאַליעט די האָר.

יאַגנע איז אַוועק אַהיים.

אין אַ ווײַלע אַרום איז זי געזעסן אין פירהויז, געשיילט קאַרטאָפל און אונטערגעבראָמט אַ לידל.

## פראַגעס און אויפגאַבעס:

1. פאַרוואָס הייסט די דערציילונג „די דרייסטע יאַגנע“?
2. פאַרוואָס זענען די מאַנצבילן נישט געגאַנגען ראַטעווען דאָס קינד? (וואָס האָבן זיי געענטפערט די פרויען?).
3. דערמאָן זיך און דערצייל וועגן אַנדערע העלדישע אויפטוען, וואָס זענען דיר באַקאַנט.

א. קאַנאַנאָוו

# ברושניצעס

אין פינלאַנד, נישט ווייט פון דער סאָוויעטישער גרענעץ, זענען פאַראַן צוויי אָזיערעס: אַ טונקעלע און אַ העלע. איינע זעט אויס ווי שוואַרץ, ווייל זי געפינט זיך אין דער טיף פון אַ געדיכטן וואַלד, די צווייטע איז העל, ווייל זי איז אָפּגעדעקט פון אַלע זייטן, באָדט זיך אַ גאַנצן טאָג אין זוניקן גלאַנץ, און דאָס וואַסער אין אָזיערע איז אַזוי קלאָר, אַז מע זעט אויף איר דעק דאָס קלענסטע שטיינדל.

צווישן די דאָזיקע אָזיערעס, ביים ראַנד פון וואַלד, שטייט אַ קליין הייזל.

אין יאָר 1917 האָט אין דעם הייזל געוווינט אַ פינישער אַרבעטער מיט זיין פרוי און זון.

איינמאָל האָט די באַלעבאָסטע פון הייזל דערהערט אַ סקריפּען פון רעדער. זי איז אַרויס פאַרן הויז און דערזען, אַז ס'איז געקומען איר מאַן, און מיט אים עפּעס אַן אומבאַקאַנטער.

דער מאַן האָט זיך צו איר פריידיק אָפּגערופן:

— דאָס איז אונדזער גאַסט, קאָנסטאַנטין פּיעטראָוויטש איוואַנאָוו.

פון דעמלט אָן האָט קאָנסטאַנטין פּיעטראָוויטש איוואַנאָוו געוווינט אין דעם דאָזיקן קליינעם הייזל.

ער האָט זיך גלייך באַפריינדעט מיט דעם באַלעבאָס זון. דער עלטערער איז אַלט געווען אַכט יאָר. דער יינגערער — זעקס.

קאָנסטאַנטין פּיעטראָוויטש פלעגט גיין מיט די קינדער אין וואַלד אַריין. ס'איז געווען סוף זומער, און דער וואַלד איז, ווי שטענדיק אָנהייב האַרבסט, רויט געווען פון ברושניצעס.

קאָנסטאַנטין פּיעטראָוויטש האָט אינגאַנצן נישט געקאָנט רעדן אויף פיניש. דאָס האָט אים אָבער נישט געשטערט זיך מיט די קינדער צו באַפריינדן. זיי פלעגן זאַלבעדריט קלייבן ברושניצעס, אָבער שמועסן וועגן זיי איז אים אויף קיין אופן נישט געלונגען.

צו ביסלעך האָט דער גאַסט אָנגעהויבן צו פאַרשטיין די קינדערס רייד. זיי האָבן אָפט איבערגעחזרט: „פונאַני! פונאַטען פונאַני!" דאָס הייסט ברושניצעס.

די ווערטער זענען שטאַרק געפעלן געוואָרן דעם רוסישן גאַסט. ער האָט אויך אָנגעהויבן זאָגן ווי די קינדער: „פונאַטען פונאַני".

באַמערקט אין גראָז אַ רויטע ברושניצע, פלעגט ער אויסרופן:

— פונאַני!



און די קינדער לאַכן. זייער קאָמיש האָט קאָנסטאַנטין פּיעטראָוויטש אַרויסגעזאָגט דאָס דאָזיקע וואָרט. דערפאַר איז נאָך פריילעכער געוועזן דאָס קלייבן די יאַגעדעס.

שפּעטער זענען זיי זאַלבעדריט געגאַנגען צו דער העלער אָזיערע. כ׳איז געווען אַ וואַרעם וועטער, און מ׳האָט זיך געקאָנט באָדן.

קאָנסטאַנטין פּיעטראָוויטש האָט זיך אויסגעטאָן, אָבער דאָס היטל נישט אַראָפּגענומען פון קאָפּ. ער איז אין דעם היטל איבערגעשווומען די גאַנצע אָזיערע, פון ברעג צו ברעג. די קינדער האָט זיך זייער געוואָלט אים פרעגן, פאַרוואָס ער נעמט נישט אַראָפּ דאָס היטל, נאָר וויאַזוי צו פרעגן האָבן זיי נישט געוווסט.

ווען קאָנסטאַנטין פּיעטראָוויטש איז אַרויס פון וואַסער, ערשט דעמלט האָט ער אַראָפּגענומען דאָס היטל. האָר האָט ער געהאַט געדיכטע, טונ-

קעלע, און זיי האָבן זיך געלייגט אין נישט קיין גלייכע פּאַסמעס איבערן שטערן.

נאָכן שפּאַציר פלעגט קאָנסטאַנטין פּיעטראָוויטש שטענדיק זיך זעצן צום שרייב־טיש. ער האָט געשריבן גיך מיט זייער דריבנע אותיות, און זייער פיל פּאַפּיר־בייגעלעך פאַרשריבן אין משך פון טאָג.

די מאַמע פלעגט דעמלט זאָגן די קינדער:

— איצט שטערט נישט, ער אַרבעט.

און די יינגלעך האָבן געקוקט אויפן גאַסט פון וווייטנס. אויף צו מאָרגנס, גאַנצפרי, בעטן זיי אים ווידער, ער זאָל מיט זיי גיין אין וואַלד. זיי ווייזן אים אַ פּוסט קאַשיקל פון יאַגעדעס און שרייען:

— פונאַטען פונאַני!

קאָנסטאַנטין פּיעטראָוויטש לאַכט און הייבט זיך אויף פון טיש.

— נו, אַז פונאַני, איז פונאַני.

איינאָוונט פלעגט זיך דער טאַטע אומקערן פון דער אַרבעט און דער־ציילן נייעס פון שטאָט. דאָרט האָט מען נישט אויפגעהערט צו רעדן וועגן לענינען און די באָלשעוויקעס.

קאָנסטאַנטין פּיעטראָוויטש האָט זיך אויפמערקזאַם צוגעהערט, גע־שמייכלט, און לייכט געגלעט זיינע האָר.

נישט לאַנג האָט ער געוווינט אין דעם הייזל. אין איינעם אַ טאָג זענען פון שטאָט געקומען צוויי אַרבעטער, און דער גאַסט איז מיט זיי אַוועק־געפאָרן.

* * *

...ס'איז געקומען דער האַרבסט. די אָזיערע האָט שוין נישט אויס־געזען אַזוי קלאָר. פון ברעג צו ברעג האָבן זיך געטראָגן שווערע, טונקעלע כוואַליעס, און ביינאַכט האָט מען אין הייזל געהערט, ווי עס רוישן די סאָס־נעס אין וואַלד.

איינמאָל איז דער באַלעבאָס פון הייזל אַוועקגעפאָרן קיין פּעטראָגראַד און זיך פאַרזאַמט עטלעכע טעג. זיין ווייב איז געווען זייער אומרואיק. זי האָט געוווסט, אַז אין פּעטראָגראַד איז אַ שיסעריי — די אַרבעטער, זעלנער און מאַטראָסן זענען אויפגעשטאַנען קעגן דער רעגירונג.

ענדלעך איז דער באַלעבאָס געקומען. ער איז געווען אין אַ פרעכטי־קער שטימונג און האָט דערציילט, אַז די אַרבעטער האָבן געזיגט, און אין רוסלאַנד איז איצט אַ ראַטנמאַכט, מיט וועלכער עס פירט אָן לענין.

ער האָט פאַרזיכטיק אַרויסגענומען דעם פּאָרטרעט פון וולאַדימיר אילימש און געוויזן די קינדער:

— איר דערקענט?

— ווי קאָנען זיי דערקענען! זיי האָבן אים דאָך געזען אַ באַוואַקסע־

נעם, און דאָס מיט געדיכטע האָר, וואָס האָבן אים פאַרדעקט דעם גאַנצן שטערן.

נאָר דער עלטערער זון האָט אויסגערופן:

— איצט ווייס איך שוין, פאַרוואָס ער האָט נישט געוואָלט אַראָפּנעמען דאָס היטל, ווען ער האָט זיך געבאָדן! ער האָט מורא געהאַט, אַז דער פאַרוק זאָל זיך נישט אָפּקלעפּן.

דער טאַטע האָט געפרעגט דעם ייִנגערן זון:

— און דו דערקענסט?

דאָס ייִנגל האָט זיך צוגעקוקט צום פּאָרטרעט און, כאָטש נישט תיכף, אָבער אויך ער האָט דערקענט דעם גאַסט. ער האָט אים דערקענט לויט די אויגן.

אויגן האָט לענין געהאַט אויסערגעוויינלעכע.

י. באַקסט

# פרייע אַרבעט

איך בין אַ קינד פון פרייער אַרבעט,
שטיי איך אויף גאַנץ פרי:
איז די אַרבעט אַ באַפרייטע,
איז אַ פרייד די מי.

רופט דאָס פייפל מיך אויף אַרבעט,
בין איך שטענדיק גרייט:
איז די אַרבעט אַ באַפרייטע,
אַרבעט זיך מיט פרייד.

טראָט צו טראָט און וואָרט צו ווערטער,
מענטשן אָן אַ צאָל:
— היי, חברים, צו דער אַרבעט —
אַלע מיטאַמאָל!

די פאַבריקן הודזשען, הודזשען,
שווינדלט ראָד נאָך ראָד:
— היי, חברים, צו דער אַרבעט —
אַ מינוט אַ שאָד!

יעדנס טאָן און יעדנס שאַפן,
יעדער אויגנבליק! —
— היי, חברים, אונדזער אַרבעט
איז יאָר אונדז אַ גליק.



א. גאָנטאַר

# מויערער, מוליער

— מויערער, מוליער אין פאַרטעך אין גרויען,
וואָס בויסטו, וואָס מויערסטו, זאָג?
— פון מירמל אַ פּאַלאַץ איך האַלט איצט אין בויען,
אַז לייכטן זאָל דאָרטן דער טאָג.

אַ פּאַלאַץ מיט טורעמס, מיט פענצטער מיט בלאַנקע,
אַז נעכטיקן זאָל דאָרט די זון,
אַ פּאַלאַץ מיט בראָנזענע זיילן מיט שלאַנקע,
געפלאָכטן פון גליק און פון רום.

— מויערער, מוליער, מיט ליכטיקע אויגן,
פאַר וועמען דער פּאַלאַץ, די פּראַכט?
— פאַר יענע, וואָס האָבן דורך שלאַכטן און פלאַמען
די פרייהייט דעם היימלאַנד געבראַכט.
פאַר די, וועלכע בויען מיט אונדז היינט צוזאַמען —
פאַר זיי ווערט דער פּאַלאַץ געמאַכט.

ל. פּאַנטעלייעוו

# אַז ערן־וואָרט

1

איינמאָל אין אַ זומער־טאָג בין איך געזעסן אין שטאָטישן פּאַרק און געלייענט אַ ביכל. דאָס ביכל איז געווען אינטערעסאַנט, און כ'האָב זיך אַזוי פאַרלייענט, אַז נישט באַמערקט, ווי ס'איז צוגעפאַלן דער אָוונט, און ס'איז געוואָרן טונקל. דעמלט האָב איך פאַרמאַכט דאָס בוך, בין אויפגעשטאַנען, און זיך געלאָזט צום אַרויסגאַנג.

דער פּאַרק איז שוין פּוסט געווען, אויף די גאַסן האָבן שוין געפינקלט פייערלעך, און ערגעץ הינטער די ביימער האָט געקלונגען דעם וועכטערס גלעקל.

איך האָב מורא געהאַט, מע זאָל דעם פּאַרק נישט פאַרמאַכן, און בין געגאַנגען זייער שנעל.

פּלוצעם האָב איך זיך אָפּגעשטעלט. מיר האָט זיך געדוכט, אַז ערגעץ אין אַ ווינקל, הינטער די קשאַקעס, וויינט עמעץ.

איך האָב זיך געלאָזט מיט אַ זייטיק שטעגל — דאָרט איז געשטאַנען אַ ווייס ציגל־הייזל, וואָס אַזעלכע איז אָנצוטרעפן אין אַלע שטאָטישע פּאַרקן, מסתמא דעם וועכטערס. לעם דאָזיקן הייזל ביי אַ וואַנט איז געשטאַנען אַ קליין יינגל פון אַ יאָר זיבן אָדער אַכט, מיט אַן אַראָפּגעלאָזטן קאָפּ, און האָט הויך און ביטער געוויינט.

איך בין צוגעגאַנגען און האָב אים געפרעגט:

— וואָס איז מיט דיר געשען, יינגעלע?

ער האָט גלייך אויפגעהערט צו וויינען, אויפגעהויבן דעם קאָפּ, אויף מיר אַ קוק געטאָן און געענטפערט:

— גאָרנישט.

— וואָס הייסט — גאָרנישט? עמעץ האָט דיר שלעכטס געטאָן?

— קיינער נישט.

— פאַרוואָס זשע וויינסטו?

ס'איז אים שווער געווען צו רעדן, ער האָט נאָר געכליפּעט, געשמאָרעט מיט דער נאָז.

— קום. — האָב איך זיך צו אים אָפּגערופן. — זע, ס'איז שוין שפּעט, מע שליסט שוין דעם פּאַרק.

איך האָב געוואָלט נעמען דאָס יינגעלע פאַר דער האַנט. דאָס יינגעלע האָט אָבער שנעל אַרויסגעריסן די האַנט און געזאָגט:

— איך טאָר נישט.

— וואָס הייסט דו טאָרסט נישט?
— איך קאָן נישט גיין.
— פאַרוואָס? וואָס איז מיט דיר?
— גאָרנישט. — האָט געזאָגט דאָס יינגל.
— אפשר ביסטו נישט געזונט?
— ניין, — האָט ער געזאָגט — געזונט.
— פאַרוואָס זשע קאָנסטו נישט גיין?
— איך בין אַ וועכטער. — האָט ער געזאָגט.
— וויאַזוי אַ וועכטער, אַ וואָסער וועכטער?
— נו, וואָס, איר פאַרשטייט נישט! מיר שפּילן זיך.
— און מיט וועמען שפּילסטו עס זיך?
דאָס יינגעלע האָט אַ ווײַלע געשוויגן, אַ זיפץ געטאָן און געזאָגט:
— כ'ווייס נישט.
דאָ, בין איך זיך מודה, האָב איך אַ טראַכט געטאָן, אַז דאָס קינד איז ווייזט אויס, פאָרט קראַנק, אָדער אַ ביסל צעמישט אין די געדאַנקען.
— הער נאָר, — האָב איך זיך אָפּגערופן — וואָס רעדסטו? וואָס הייסט דאָס? דו שפּילסט זיך, און ווייסט נישט מיט וועמען?
—יאָ, — האָט געענטפערט דאָס יינגעלע — איך ווייס נישט. איך בין געזעסן אויף אַ באַנק, זענען צו מיר צוגעקומען חברה און געזאָגט: „ווילסט זיך שפּילן אין מלחמה?" זאָג איך: „כ'וויל". מיר האָבן זיך אָנגעהויבן שפּילן, און מע זאָגט מיר: „דו ביסט אַ סערזשאַנט". אַ גרויס יינגל האָט מיך אַהער צוגעפירט און געזאָגט: „דאָ אין הייזל איז אונדזער פּולווער־סקלאַד. דו וועסט דאָ זיין דער וועכטער. שטיי דאָ ביז איך וועל דיך פאַרבייטן". איך זאָג: „גוט". און ער זאָגט: „גיסט דיין ערן־וואָרט, אַז וועסט נישט אַוועקגיין?"
— נו?
— נו, האָב איך געזאָגט: „איך גיב אַן ערן־וואָרט, אַז כ'וועל נישט אַוועקגיין".
— נו, און וואָס ווייטער?
— נו און אָט שטיי איך און שטיי, און זיי קומען נישט.
— אַזוי! — האָב איך אַ שמייכל געטאָן. — און שוין לאַנג ווי זיי האָבן דיך אַוועקגעשטעלט?
— ס'איז נאָך ליכטיק געווען.
— איז ווו זשע זענען זיי?
דאָס יינגעלע האָט ווידער אַ זיפץ געטאָן און געזאָגט:
— איך מיין, אַז זיי זענען אַוועקגעגאַנגען.
— וואָס הייסט אַוועקגעגאַנגען?
— זיי האָבן פאַרגעסן.

— וואָס זשע שטייסטו וויבאַלד אַזוי?
— איך האָב געגעבן אַן ערן־וואָרט.
— אָט האָסטו דיר אַ געשיכטע! — האָב איך געזאָגט צו אים. — וואָס זשע וועסטו טאָן?
— איך ווייס נישט, — האָט געזאָגט דאָס יינגעלע און זיך ווידער צעוויינט.

מיר האָט זיך שטאַרק געוואָלט אים העלפן. נאָר וואָס האָב איך גע־קאָנט טאָן? גיין זוכן די נאַרישע יאַטלעך, וועלכע האָבן אים אַוועקגעשטעלט אויף דער וואַך, גענומען ביי אים אַן ערן־וואָרט, און זענען אַליין אַוועק אַהיים? און ווו וועסטו זיי איצט געפינען? זיי האָבן שוין זיכער אָפּגעגעסן אָוונטברויט און זיך געלייגט שלאָפן.

און דאָ שטייט אַ מענטש אויף דער וואַך. אין דער פינצטער. און איז אויך געוויס הונגעריק.

— דו ווילסט אוודאי עסן? — האָב איך אים געפרעגט.
— יאָ, — האָט געזאָגט דאָס יינגעלע — איך וויל.
— איז אָט־וואָס, — האָב איך געזאָגט — דו לויף אַהיים אָפּעסן אָוונטברויט, און איך וועל דערווייל שטיין אָנשטאָט דיר.
— צי מעג מען דען אַזוי? — האָט געזאָגט דאָס יינגעלע.
— פאַרוואָס טאָר מען נישט?
— איר זענט דאָך נישט קיין מיליטער־מאַן.

איך האָב געזאָגט:

— ריכטיק. עס טויג נישט. איך קאָן דיך אַפילו נישט אראָפּנעמען פון דער וואַך. דאָס קאָן טאָן נאָר אַ מיליטער־מאַן, און בלויז אַן עלטסטער...

און ס'איז מיר באַלד איינגעפאַלן אַ געדאַנק. איך האָב זיך באַקלערט, אַז אויב באַפרייען דאָס יינגעלע פון ערן־וואָרט, אים אַראָפּנעמען פון וואַך־פּאָסטן קאָן בלויז אַ מיליטער־מאַן, איז וואָס דאָ לאַנג צו טראַכטן? מע דאַרף, הייסט עס, גיין און אויפזוכן אַ מיליטער־מאַן.

איך האָב געזאָגט דעם יינגעלע: „וואַרט אַ ווײַלע". און בין אַליין, נישט פאַרלירנדיק קיין צייט, געלאָפן צום אַרויסגאַנג.

2

די טויערן זענען נאָך נישט געווען פאַרמאַכט, דער וועכטער איז נאָך אַרומגעגאַנגען אין די ווייטע ווינקעלעך פון פּאַרק און געקלונגען מיטן גלעקל.

איך האָב זיך אָפּגעשטעלט ביים טויער און געוואַרט, צי וועט נישט פאַרבייגיין עפּעס אַ מיליטער־מאַן — עפּעס אַ לייטענאַנט, צי אפילו

א פשוטער רויטאַרמייער. נאָר ווי אויף צעלאָכעס, האָט זיך קיין איין מילי־טער־מאַן נישט באַוויזן אויף דער גאַס.

פּלוצעם האָב איך אין ראָג, לעם דעם טראַמוויי־אָפּשטעל, באַמערקט אַ גרינע אָפיצירן־היטל מיט אַ רויטער קאָלישקע. דוכט זיך, אַז נאָך קיינ־מאָל אין לעבן בין איך נישט געווען אַזוי גליקלעך, ווי אין דער מינוט. איך האָב זיך מיט אימפּעט געלאָזט צום טראַמוויי־אָפּשטעל. און פּלוצלינג, איך האָב נאָך נישט באַוויזן צו דערלויפן, ווי ס'איז אונטערגעקומען אַ טראַמוויי, און דער אָפיציר, נאָך אַ יונגער, האָט מיט דעם רעשט עולם זיך געלאָזט צום אַריינגאַנג אין וואַגאָן אַריין.

— חבר מאַיאָר! — וואַרט אַ ווײַלע! חבר מאַיאָר!...

ער האָט אויסגעדרייט דעם קאָפּ, מיט פאַרוואונדערונג אויף מיר אַ קוק געטאָן און געזאָגט:

— וואָס ז'אַרפט איר?

— איר פאַרשטייט, עס גייט אָט אין גאַס, — האָב איך געזאָגט — דאָ אין פּאַרק, לעם דעם ביידל, שטייט אַ יינגעלע אויף דער וואַך. ער קאָן נישט אַוועקגיין, ער האָט געגעבן אַן ערן־וואָרט... ער איז זייער אַ קליינער. ער וויינט...

— טאָ וואָס זשע ווילט איר פון מיר? — האָט דער קאָמאַנדיר גע־זאָגט מיט פאַרוואונדערונג. זיין טראַמוויי איז שוין אָפּגעגאַנגען, און ער האָט אויף מיר געקוקט זייער בייז.

ווען איך האָב אים אָבער דערקלערט, אין וואָס עס גייט, האָט ער לאַנג נישט געטראַכט און זיך אָפּגערופן:

— קומט! געווים! פאַרוואָס האָט איר מיר גלייך נישט געזאָגט אין וואָס עס גייט?

ווען מיר זענען צוגעקומען צום פּאַרק, האָט דער וועכטער פּונקט אויפגעהאַנגען דעם שלאָס אויפן טויער. איך האָב אים געבעטן עטלעכע מינוט צווואַרטן, דערציילט, אַז אין פּאַרק איז געבליבן אַ יינגעלע, און איך מיטן מאַיאָר זענען אַוועקגעלאָפן אין דער טיף פון פּאַרק.

אין דער טיפעניש האָבן מיר קוים אויפגעזוכט דאָס ווייסע ביידל. דאָס יינגעלע איז געשטאַנען אויף דעם זעלביקן אָרט און שטיל געוויינט. איך האָב אים אַ רוף געטאָן. ער האָט זיך דערפרייט, אפילו אַ געשריי גע־טאָן פאַר פרייד, און איך האָב געזאָגט:

— נו, אָט האָב איך געבראַכט אַן עלטסטן.

ווען ער האָט דערזען דעם אָפיציר, האָט ער זיך אויסגעגלייכט, זיך אויסגעצויגן און איז ווי אויף עטלעכע צענטימעטער העכער געוואָרן.

— חבר אויף דער וואַך, — האָט זיך צו אים געווענדעט דער אָפיציר, — אַ וואָסער ראַנגע טראָגט איר?

— איך בין אַ סערזשאַנט. — האָט געזאָגט דאָס יינגעלע.

— חבר סערזשאַנט, איך באַפעל אייך פאַרלאָזן דעם אָנגעטרויטן פאָסטן!

— איך פאָלג, חבר מאַיאָר — פאַרלאָזן דעם אָנגעטרויטן פאָסטן!

און געזאָגט האָט ער דאָס אַזוי קלינגענדיק און פלינק, אַז מיר ביידע האָבן נישט אויסגעהאַלטן און זיך צעלאַכט. און דאָס ייִנגעלע האָט אויך פריילעך מיט אַ לייכט געמיט זיך צעלאַכט.

מיר האָבן נאָך נישט באַוויזן אַלע דריי אַרויסצוגיין פון פּאַרק, ווי הינ־טער אונדז זענען פאַרמאַכט געוואָרן די טויערן אויפן שלאָס.

דער מאַיאָר האָט אויסגעצויגן די האַנט צום ייִנגעלע.

— ביסט אַ בראַווער יאַט, חבר סערזשאַנט! — האָט ער געזאָגט. — פון דיר וועט אויסוואַקסן אַן אמתער שלאַכטמאַן. אַ גוטן!

דאָס ייִנגעלע האָט עפּעס אַ מורמל געטאָן און געזאָגט:

— אַ גוטן...

דער מאַיאָר האָט אונדז ביידע סאַלוטירט און איז, באַמערקנדיק, אַז עס דערנענטערט זיך זיין נומער טראַמוויי, אַוועקגעלאָפן צום טראַמוויי־אָפּשטעל.

איך האָב זיך געזעגנט מיטן ייִנגעלע און אים געדריקט די האַנט.

— אפשר דיך אונטערפירן אהיים?

— ניין, איך וווין דאָ נאָענט. איך האָב נישט קיין מורא. — האָט גע־זאָגט דאָס ייִנגעלע.

איך האָב נאָך אַ מאָל שטאַרק און מיט פאַרגעניגן אים געדריקט די האַנט.

ע. קאָזאַקעוויטש

# אונדזער ערד

וויפל שטראַלן ווייכע,
וויפל שיין!
נישט געבליבן איז קיין זכר
פון דער פּיין.
און פאַנפאַרעס העלע שאַלן
מוטיק, לאַנג.
וויפל גבורה, וויפל שטראַלן,
וויפל קלאַנג!

איך פֿאַל צו מיט שטרענגע ליפּן
צו מיין ערד —
זי האָט דאָך מיט קראַפֿט און ליבע
מיך גענערט.
און דאָס האַרץ פֿון צאַרטקייט פֿול ווערט
און פֿון גליק,
וואָס ס׳איז טרוקן אונדזער פֿולווער,
שאַרף דער בליק.

כ׳גיי אַרויס אויף אירע לענגען —
דאָרטן בליט.
און מיין טאַט וועל איך איר ברענגען
און מיין ליד.
און מיין פֿריינדשאַפֿט, און מיין טריישאַפֿט,
און מיין גיר,
אַלדאָס גרעסטע, אַלדאָס בעסטע —
אַלץ פֿאַר איר!

משה קולבאַק

# עלעקטרע

בערע האָט זיך באַוויזן אין הויף. פֿון הימל האָט זיך אויסגעגאָסן דעמלט אַ ביסל וואַרעמע נישט ווינטערדיקע שיין, אַ שפּריץ געטאָן איבער די טאָפּלט־פֿענצטער מיט אומגעריכטער וועסנע. אויף דעם שוואַרצן שטעגעלע, וואָס האָט זיך געצויגן איבערן הויף, איז געגאַנגען בערע מיט פֿאַמעלעכע טריט, נאָך אים — עפּעס אַן אַרבעטער. מע האָט באַקוקט די דעכער, באַטאַפּט די ווענט, און אַלץ אַזוי געצויגן מיט די פֿינגער איבערן הימל.

— אַ טשעקאַווע זאַך צו וויסן, וואָס האָט ער שוין ווידער פֿאַרטראַכט?

די מומע מלכהלע האָט איינגעזען, אַז עס פּאַסט דווקא איצטער אַרויס־לייגן אויפֿן טיש די העפֿטן און די ביכער.

נאָכדעם איז טאַקע בערע אַריין אויך אין די שטיבער, באַטראַכט די באַלקנס, די ווענט, און אַרויס.

אינאָוונט האָט זיך פֿאַרשפּרייט אַ קלאַנג, אַז בערע קלייבט זיך עלעק־טריפֿיצירן דעם הויף, ער וועט צונעמען די לאָמפּן, און אָנשטאָט זיי גיט ער עלעקטרע.

תחילת האָט מען נישט געוווּסט, ווי אָנצונעמען די זאַך און ווי גרויס איז די שלעכטס: מאַנכע האָבן געמיינט, אַז ס'איז אפילו אַ טובה פאַרן הויף. מע האָט עפּעס אַרויפגעכאַפּט אויף זיך און געלאָפן צום פּעטער זישען העדן, וואָס זאָגט ער. דאָרטן האָט זיך אָבער אַרויסגעוויזן, אַז די גזרה [1] איז גרויס צוליב צוויי טעמים: [2]

ערשטנס: ווייסט מען נישט, ווי זיך צו באַגיין מיט דעם, צווייטנס: איז די עלעקטרע בכלל נישט פאַר דעם געמיינעם מענטשן.

— עלעקטרע האָב איך האָלט [3] ביי לייטן! — האָט אַ זאָג געטאָן פּעטער יודע.

— איר הערט מיין וואָרט, ער וועט נאָך אונדז אַריינטרייבן אין גרוב אַריין! — פּעטער זישע איז אַרומגעגאַנגען און געריעדט צו דער באָרד.

בלויז פּעטער איטשע האָט געפינטלט מיט די אויגן און זיך געחידושט: [4]

— כ'פאַרשטיי נישט סוף־כל־סוף, וואָס איז דאָרטן אַזוי? אין בית־המדרש איז דאָך אויך פאַראַן עלעקטרע?

דעמלט איז פּעטער זישע געבליבן שטיין ווי אַ צוגעקאָוועטער:

— וואָס זאָגט איר צו דעם נייעם חכם? — האָט ער זיך אַ קער געטאָן צו די ווייבער. — נו, און אַז אין בית־המדרש איז פאַראַן אַ בימה, איז דאָ אויך פאַראַן אַ בימה?

שלעכט האָט זיך אָפּגערופן די זאַך אויף דער באָבען. לכתחילה [5] האָט זי פאַרשטאַנען, אַז בערע קלייבט זיך גראָבן אַ ברונעם אין הויף, האָט זי גע־שווויגן. נאָכדעם, אַז זי האָט זיך פאָרט געכאַפּט וועגן וואָס עס רעדט זיך, איז זי בלייך געוואָרן, און קוים וואָס זי האָט אַרויסגערעדט, אָבער גאָר מעשה־מענטש:

— זייט וויסן, האָט זי געזאָגט, — אַז כל־זמן איך לעב, וועל איך נישט לאָזן האַקן קיין ווענט!

*

* *

ביינאַכט זענען די אַלטע זעלמעניאַנער געשטאַנען אין פינצטערן הויף און אַרויסגעקוקט אויף בערען. דער הימל איז אין יענער נאַכט צונויפגע־שטעלט געוואָרן בלויז פון דריבנע שטערנדלעך. מען איז געשטאַנען איינגע־

---

[1] גזרה (גזיירע) מיינט: אַ פאַראָרדענונג, וואָס פאַרערגערט די לאַגע.
[2] טעמים (טיימים) — סיבעס.
[3] האָלט — ליב.
[4] געחידושט (געכידעשט) — זיך געוווּנדערט.
[5] לכתחילה (לעכאַטכילע) — צו ערשט.

וויקלט אין די פּאַטשיילעס, אַנגעדרוקט אין די קאָלנערס און געהעשעט. שפּעט־שפּעט, אַרום האַלבער נאַכט, האָט זיך באַוויזן בערע פון גאַס, האָט מען אים אַרומגענומען פון אַלע זייטן, צוגעשטאַנען און אָנגעהויבן טענהן:

— הער, וואָס האָסטו זיך אָנגעזעצט אויף אונדז, וואַלד־גזלן?

— לאָז אונדז שוין אָפּלעבן די יאָרן ביי די אַלטע לאָמפּן!

— אַז מיר זענען דיר מוחל די עלעקטרע!

— גענוג צו מאַטערן, ברודערקע, דעם אָרעמען קוסטאַר! [6]

בערע איז געשטאַנען צווישן זיי מיט אַ האַרטן דעמבענעם האַלדז און געשוויגן. אויפן הימל איז געלעגן די לבנה. מיט אַ קילן שיין האָט זי באַלויכטן בערעס באַק און די קוסטאַרישע פּלייצעס פון די זעלמעניאַנער.

*

* *

אינדערפרי האָט אַן אַרבעטער אָנגעקלאַפּט צו פעטער איטשען, גע־בעטן אַ לייטער. עס האָט זיך שוין, אַפּנים, אָנגעהויבן. אינמיטן הויף זענען געלעגן אָנגעוואַלגערט מכשירים און בינטלעך דראָט. די אַרבעטער זענען זיך באַגאַנגען מיט דעם זעלמעניאַנישן הויף אָן קיין שום רחמנות.

די זעלמעניאַנער גופא זענען אַרומגעגאַנגען שטיל און מאַט, ווי ס'וואָלט געלעגן אין אַ הויף אַ חולה־מסוכן.[7]

מע האָט געקוקט מיט ווייכע אויגן.

פעטער זישע האָט זיך אַוועקגעזעצט ביים זייגערמאַכערישן טישל און נישט באַוויליקט אַרויסצוגיין. געמיינט האָט ער, אַז דערמיט טוט ער עמעצן אין ביין. דערפאַר האָט זיך אָבער פעטער איטשע אַרומגעדרייט אומעטום, ווו מע דאַרף און ווו מע דאַרף נישט, אַז די אַרבעטער האָבן געמוזט שרייען צו אים פון די לייטערס אַראָפּ.

אַרום רעבזעהויף [8] האָבן זיך געקליבן אַלטע יידן, באַטראַכט די זאַך, אַרומגערעדט ברייט דעם אויפטו פון עלעקטרע.

מיטאַמאָל איז פון ערגעץ אויסגעוואַקסן דער פעטער יודע, וואָס האָט גענומען פון הינטן אַרום אויסטייטשן פאַר דעם רעדל מענטשן דעם סוד פון עלעקטרע.

— נאַרישע יידן, וואָס פאַרשטייט איר דאָ נישט? — איר האָט גע־זען דעם מויער מיטן קוימען ביים ברעג טייך, געזען? אָט־אָ דער מויער

---

[6] קוסטאַר — האַנטווערקער.

[7] חולה מסוכן (כוילע מעסוקן) — אַ געפערלעך קראַנקער.

[8] רעבזעהויף — פאַרקירצונג פון רעב זעלמעלעס הויף.

פּאָמפּעט אין זיך אַריין וואַסער, קאָכט עס איבער אויף עלעקטרע און שיקט עס פונאַנדער נאָכדעם איבער די דראָטן.

די יידן האָבן נישט פאַרשטאַנען.

— נאַרישע יידן, וואָס פאַרשטייט איר דאָ נישט? — פּעטער יודע האָט זיך שוין געהיצט, —אַז עס קאָכט אַ טאָפּ אויפן פייער, גייט אַ פּאַרע, צי נישט?

— סע גייט!

— און וואָס איז אַזוינס פּאַרע, ווייסט איר? דאָס איז באַלד רויך, און רויך איז שוין באַלד פייער.

— ווען איר טאַקע באַלד האָבן דערפון עלעקטרע? — האָט זיך אַריינגעמישט אַ ייד מיט אַ קאָטיקענעם חפץ אויפן קאָפּ.

דעמלט האָט דער פּעטער יודע אַ קוק געטאָן אויפן רעדל פון אַהינטער די שפּאַקולן, פאַרלייגט די הענט אויף הינטן און איז אַוועקגעגאַנגען. ער איז אַוועק, ווייל ער האָט בטבע פיינט געהאַט צו שפּאַרן זיך מיט ווילדע ברואים.

*

* *

אין אַ פּאָר טעג אַרום, אָוונטצייט, האָט זיך אָנגעכאַפּט די עלעקטרע. עס האָט אַ פלייץ געטאָן אַ דינער, פרעמדער שיין איבער די שטיבער, אַרוים-געריסן זיך מיטאַמאָל דורך די פענצטער אין הויף אַרוים און מען איז גע-בליבן זיצן שטאַר און צעטומלט.

טויזנטער קורצע שאָטנס, וואָס האָבן דורות לאַנג זיך געפּאָרעט אַרום די ווענט, זענען פּלוצלינג אויסגעקערט געוואָרן, ווי מיט אַ בעזעם, און פאַר-שוווּנדן. די שטיבער זענען געראַמער געוואָרן און פרייער.

*

* *

אַזוי איז דורכגעגאַנגען די עלעקטרישע רעוואָלוציע.

דער הויף האָט פאַרלוירן, אונטער די פאַרשיידענע ווייסע שיינען פון די כלערליי[9] פענצטער, דאָס געווייגלעכע ביינאַכטיקע פּנים. אין די טונקעלע ווייטע הויף-ווינקלען האָבן געלויכטן בלויע טיכער שניי. די עלעקטרע האָט מיט שיטערע פינגער אַרומגעכאַפּט די ווענט, געגישטערט אין די שטילסטע באַהעלטענישן, דערקראָכן אפילו אהין, וווּ שטומע לעבער האָבן לאַנגע יאָרן געעטעמט אין דער פינצטער און נישט געוווּסט פון שיין אפילו בייטאָג.

---

[9] כלערליי (קאָלערליי) — פאַרשיידענע.

לייב קוויטקאָ

# מיין אייניקל

איך פאַרמאָג אַזוינס, אַזעלכעס,
וואָס מע קויפט עס נישט פאַר געלט.
איך פאַרמאָג אַ קליינעם אייניק, —
איז ער איינער אין דער וועלט!

זיין האַרמאַט ער שטעלט צוקאָפּנס
שטענדיק, ווען ער שלאָפן גייט.
– אויב ביינאַכט מע רופט מיך, — זאָגט ער —
און סע פינצטער — בין איך גרייט...

היינט ווי שפּילט ער אויף זיין פידל,
אויף מיין וואָרט, די שטוב צעגלאַנצט!
אויף מיין וואָרט, איך קאָן נישט זיצן —
כ'שטעל זיך אויף און גיי אַ טאַנץ.

כאַפּט זיך אויף פאַרטאָג מיין אייניק,
ביים האַרמאַט פאַרנעמט זיין אָרט,
ציט זיך אוים פאַר מיר אַרמייאיש,
און ער האַלט פאַר מיר אַ וואָרט:

— זיי געזונט, מיין ליבע באָבע,
זיי געזונט, נאָך מיר נישט בענק.
כ'האָב פון שטאַב אַ בריוו באַקומען,
אַז צום גרענעץ קריכן שלענג.

— ניין, איך לאָז דיך נישט אַהינצו,
ניין, איך לאָז דיך נישט צו זיי.
— באָבע, כ'גיי נישט איינער, כ'גיי דאָך
מיט דער גאַנצער רויטאַרמיי!

– ניין, איך וויל אין דר'היים נישט בלייבן.
ניין, אַליין איך לאָז דיך נים.
אין מלחמה מיט די שלאַנגען
נעם דאָך אויך דיין באָבע מיט!

— אוי, מע קאָן דיך דאָרטן טייטן.
בעסער, באָבע, בלייב אין דר׳היים.
קענסט זיין זיכער, אַז צעקלאַפּן
וועלן מיר זיי דאָרט אַליין.

— אויב אַזוי, איז פאָר, מיין שטערן,
וואַקס אונדז אויס אַ גרויסער העלד.
אייניק מיינער, קליינינק מיינער,
בעסטער מיינער אין דער וועלט!

ב. אָלעווסקי

# אַ בריוו צו די נעגערלעך

דאָס מעשהלע מיט די נעגערלעך האָט אונדז גאָלדע געלייענט אין קלוב. נאָך פריער מיט אַ וואָך האָט מען צונויפגערופן אַלע קינדער אין רעווקאָם.[1] מע האָט אונדז דאָרטן געזאָגט, אַז מע מאַכט פאַר אונדז אַ קלוב און אַז גאָלדע וועט זיין אונדזער אָנפירערין.

ס׳איז נאָך קיין געביידע נישט געווען פאַר אונדז. נישטאָ ביי אונדז אין שטעטל קיין גרויסע וווינונגען, דעריבער האָט מען דעם קלוב געמאַכט אין דער טורמע.

אויפן איינציקן באַרג, וואָס איז פאַראַן אין אונדזער שטעטל, שטייט די טורמע אַ וויסטע, אַ שרעקלעכע, פון אַלע זייטן אַרומגעצוימט מיט אַ הויכן־הויכן פּלויט פון געדיכטע צונויפגעקלאַפּטע שוואַרצע סלופּעס.

מ׳האָט אַרויסגעהאַקט ווי אַ קראַטע. אויסער עטלעכע קרוקעס מיט רינגען, וואָס זענען געווען איינגעקאָוועט אין די ווענט, האָט מען גאָרנישט איבערגעלאָזן. מ׳האָט אויסגעווייסט, אויסגערייניקט — אויס טורמע. ס׳אַ קלוב.

— אין קלוב — האָט מיר גלייך געזאָגט גאָלדע — דאַרף זיין שטיל. זאָלסט אויפהערן אַרומלויפן און זאָלסט נישט שלאָגן די מיידלעך.

— מע דאַרף תיכף — האָט אונדז גאָלדע געמאָלדן — אויסקלייבן אַ דעזשורנעם.

— אפשר זאָל אָשרל זיין אַ דעזשורנער? האַ? ווי מיינט איר, יאַטן?

[1] רעווקאָם — רעוואָלוציאָנערער קאָמיטעט. גלייך נאָך דער אָקטאָבער־רעוואָ־לוציע זענען אַנטשטאַנען קאָמיטעטן צו פאַרטיידיקן די רעוואָלוציע קעגן אירע פיינט.

אַ דרעזשורנער דאַרף זיין אַ שטיל יינגעלע, און אָשרל איז, דאַכט זיך, ווי אָנגעמאָסטן.

ביי גאָלדען צעעפנט זיך אַ קאַפּעטשקע דאָס מויל. זי גיט קוים־קוים צו מיר אַ שמייכל. כ'באַהאַלט זיך. סע קלאַפּט מיר שטאַרק־שטאַרק דאָס האַרץ.

ס'ווערט אַ טומל. זיאַמע לאַכט אַפילו. מע שרייט, אַז איך וואַרף זיך מיט שטיינער און שלאָג זיך.

נאָר גאָלדע זאָגט, אַז סע קאָן נישט זיין, אַז זי קאָן עס אויף מיר, אָשרן, נישט גלייבן.

גאָלדע שלעפּט מיך אַרויס פון מיין באַהעלטעניש. און ווייל גאָלדע שרייט נישט און איז צו מיר גוט, האָב איך פאַר קיינעם אַזוי נישט מורא, ווי פאַר איר. כ'האָב מורא מיט אַ גרויסער זיס־נאָגנדיקער שרעק, זי זאָל נישט זאָגן, אַז איך בין אַ שלעכט יינגל.

כ'זעען זיך דערפאַר שטענדיק לעבן גאָלדען. כ'פאַררייס צו איר די אויגן און קוק איר גלייך אין מויל אַריין.

אויף דער ערשטער פאַרזאַמלונג האָט זי אונדז געלייענט דאָס מעשה־לע וועגן נעגערלעך.

דאָס מעשהלע האָט זי אונדז געלייענט פאַרנאַכט. זי האָט זיך, גאָלדע, אַוועקגעזעצט אויפן פענצטער. די פּיס האָט זי אַוועקגעשטעלט אויף אַ בענקל.

— קינדער, — זאָגט זי צו אונדז, און איין האַלב פּנים איז ביי איר פאַררויטלט פונעם זון־פאַרגאַנג, און איין האַלב פּנים איז טונקל.

— קינדער, — גיט זי אַ ווייז אויף די שאַרפע שפּיצן פונעם טורמע־פאַרקאַן מיט די צוויי טורעמלעך, וואָס זעען זיך שוואַרצע, דייטלעכע אַנט־קעגן דער גרויסער פאַרגייענדיקער זון — ווו איז אַפריקע, ווייסט איר? האַ?

מיר ציען נאָר אויס די קעפּ, קוקן אויפן קיילעך פון דער זון, קוקן אויף גאָלדען, וואָס זיצט אין איר ווייס בלוזקעלע, און ווייסן איר נישט וואָס צו ענטפערן.

— זעט, — ציט זי אויס די נאַקעטע האַנט מיטן קורצן אַרבעלע צום רויט־פאַרגאָסענעם הימל און הייבט אָן פירן מיטן פינגער אויף לינקס.

מיר הייבן אָן אַלע קוקן אויף לינקס, אויף דרום, ווו דער הימל איז שוין אינגאַנצן טונקל און ווו ס'באַווייזן זיך די ערשטע שטערן.

— אַריבערקריכן דעם טורמע־פאַרקאַן, — זאָגט זי צו אונדז — און גיין די גאַנצע צייט אהינצו, צו די שטערן... גיין לאַנג. פאָרן לאַנג־לאַנג. דורך פעלדער און דורך בערג פאָרן. מיט ימען און אָקעאַנען שווימען — און אַלץ אהינצו, צו די שטערן, וואָלטן מיר אָנגעקומען צו אַ וואַלדיקער, יואַרעמער ערד, וואָס הייסט אַפריקע און ווו ס'לעבן שוואַרצע־שוואַרצע מענטשן, וואָס רופן זיך נעגערס...

נאָכדעם צעעפנט גאָלדע אַ ביכעלע און הייבט אָן לייענען.

און אוים: נישטאָ דער קלוב און נישטאָ גאָלדע. דער קלוב ווערט פול און פול מיט אַפריקע. ס'ציען זיך נאָר די געדיכטע, פינצטערע אַפריקאַנער וועלדער. מיר הערן, ווי סע שרייען די קראָקאָדילן פון די טייכן און ווי ס'רעווען די לייבן... דורך די וועלדער לויפן די נעגערלעך... שוואַרצע נע־גערלעך מיט גלאַנציקע קוטשעראַווע קעפּעלעך... אַ ווייסער מענטש מיטן נאָמען דזשים יאָגט זיך נאָך זיי... ער וועט זיי באַלד אָניאָגן... וועט זיי קוילען... זיי לויפן לאַנג־לאַנג און וועלן באַלד אומפאַלן. די ווייסע מענטשן האָבן שוין לאַנג זייערע עלטערן אויסגעקוילעט...

אַז גאָלדע ענדיקט לייענען, איז זייער און זייער שטיל. ס'איז אַזוי שטיל, אַז מע הערט אפילו, ווי רחלע סמאָרעט מיטן נעזל און ווישט זיך די אויגן מיטן פאַרטעכל.

נאָכדעם ווערט אַ גרויסער טומל.

מיר שרייען, אַז די ווייסע זענען פּעטליוראָווצעס...[2] אַז די קינדער וועלן אומקומען... אַז מע דאַרף העלפן די נעגערלעך...

אַפריקע איז אָבער ווייט־ווייט. פעלדער און סטעפּעס, וועלדער און טייכן, ימען און בערג, זאָגט גאָלדע, טיילן אונדז אָפּ פון דער ווייטער נישט־געזעענער ערד.

כ'האָב שוין אפילו נישט געגלייבט, אַז איך זאָל ווען עס איז קאָנען קומען די נעגערלעך צו הילף, נאָר אין איין שיינעם האַרבסטיקן בייטאָג האָט זיך מיר פאָרט איינגעגעבן איבערשיקן זיי אַ בריוו קיין אפריקע. דעם בריוו האָב איך איבערגעשיקט מיט אַ בושל.

די מעשה איז געווען אַזוי:

איך בין געשטאַנען און געגראָבן אַ קבֿרל פאַר אַ שוואַלב.

די שוואַלב איז געשטאָרבן.

זי איז אַרויסגעפאַלן פון אַ נעסט.

די שוואַלב איז געווען אַ קליינינקע, אַ שוואַכינקע, מיט אַ געוואַלדיק גרוים מויל, וואָס זי האָט אַלעמאָל צעעפנט, ווי עפּעס אַ גרויסער פיש, ווען מע כאַפּט אים אַרויס אויף דער טריקעניש.

כ'האָב געמיינט, דאָס וויל זי אַזוי עסן. האָב איך איר אַזוי אָנגעשפּאַרט דאָס מויל מיט שטיקלעך ברויט, אַז זי האָט אַ ציטער געטאָן, צעשפּרייט די פליגעלעך און איז אויסגעגאַנגען.

בין איך געשטאַנען אונטער דער הויכער אַלטער ליפּע, וואָס וואַקסט הינטער אונדזער פענצטער, און געגראָבן אַ קבֿרל.

ווי איך שטיי אַזוי און גראָב, דערהער איך איבער מיין קאָפּ אַ פאָכען פון פליגל.

---

[2] פּעטליוראָווצעס — אוקראַינישע פאַשיסטן.

איך גיב אַ קוק אין דער הייך: סע פליען דריי בושלען. צוויי גרויסע און איינס אַ קלענערס, ווייזט אויס, זייער קינד. דאָס קלענערע בושעלע שטייט אַליין מער אָפּ, און די עלטערע דרייען זיך אַרום דעם מיט אַ געשריי.

— בושל, בושל, דיינע קינדער ברענגען, און מיינע — נישט... — האָב איך גענומען שרייען צו זיי מיט אַלע כוחות.

אַזוי שרייען מיר שטענדיק, אַז מיר דערזעען אַ בושל.

נאָר דאָס קלענערע בושעלע איז שוין, ווייזט אויס, געווען זייער מיד און ס׳האָט זיך אָנגעהויבן אַראָפּלאָזן אויף דער גרויסער הויכער ליפּע, וואָס וואַקסט הינטער אונדזער פענצטער.

ס׳האָט זיך אַ שטעל געטאָן אויף אַ דין, טרוקן צווייגעלע. דאָס צווייגל האָט זיך אַ בראָך געטאָן, און, טשעפּענדיק זיך אין די צווייגן, צעוואַרפנדיק בלעטער און ווייסע פוכיקע פעדערן, איז דאָס בושעלע אַ פאַל געטאָן אויף דער ערד — און כמעט לעבן מיינע פיס.

קינדער — אַ וועלט מיט קינדער — האָבן מיך גענומען אַרומרינגלען.

דאָס בושעלע איז געלעגן אויף אַ זייט און האָט זייער שוואַך געפּיש־טשעט. כ׳האָב דאָס געפּרוווט שטעלן אויף די פיס, נאָר ס׳איז גלייך געפאַלן. איין פליגל האָט זיך אָנמאַכטיק אָפּגערוקט אין אַ זייט. די קליינינקע שוואַר־צע קיילעכדיקע אייגעלעך זענען געווען פול מיט שרעק און ווייטיק.

מיר האָבן דעם בושעלע אָנגעלייגט שטיקלעך ברויט, עמעצער האָט אויך געבראַכט מילך. נאָר דאָס בושעלע האָט זיך צו גאָרנישט נישט צוגע־רירט. ס׳איז נאָר געלעגן און געפּישטשעט. די מאַמע און דער טאַטע — די צוויי גרויסע בושלען — האָבן עטלעכע מאָל באַצייכנט קרייזן, געשריען און — אַוועקגעפלויגן.

זייער פאַמעלעך האָב איך גענומען דאָס בושעלע און עס אַריינגע־טראָגן אין דעם אָפּגעצוימטן ווינקל פון אונדזער שטאַל. מיט ווייך פריש היי האָב איך דעם אויסגעבעט און עס אַרומגעלייגט.

ביז גאָר אומצופרידן איז געווען מיין הינטל מוציק. מיין הינטל האָב איך אָבער געגעבן עטלעכע פעטש, האָט עס דעם בושל נישט געטשעפּעט. כמעט צוויי טעג איז דאָס בושעלע אַזוי געלעגן.

איצטער פלעג איך שוין גאַנצע טעג אַרומלויפן זוכן עסן פאַר דעם. בושלען עסן דער עיקר פרעש. פרעש איז אָבער שווער צו כאַפּן. פרעש לעבן דערהויפּט ביי די געדיכטע־פאַרוואַקסענע סאַזשלקעס, און ווי נאָר איך דער־נעענטער זיך צו זיי, אַזוי גיבן זיי, ווי די שטיינער, זיך אַ פליוכע אין וואַסער און בלייבן נישט. דערפאַר איז גרינג צו כאַפּן זשאַבקעס, דערהויפּט פאַרנאַכט און דערהויפּט אין גאָרטן. זיי זענען זייער אַ סך פאַראַן. פרעש זענען גרינע. זשאַבעס זענען גרויע און מיט פינטעלעך, און שטענדיק מאַכן זיי מיטן גרויסן מויל.

פריער פלעג איך זיי אפילו מורא האָבן כאַפּן. די מאַמע און דער טאַטע זאָגן, אַז דאָס שילטן זיי אַזוי. נאָר גאָלדע האָט מיר געזאָגט, אַז ס'איז נישט אמת. ווײַבאַלד אַזוי, כאַפּ איך זיי און וואַרף דעם בושל.

דער בושל שטעלט זיך אַוועק אויף זײַנע הויכע געלע פיס, פריער באַטראַכט ער זיי, און נאָכדעם מיט איין קלאַפּ שלינגט ער איין אַ לעבעדיק שפרינגענדיק זשאַבקעלע. דער בושל האָט זיך טאַקע פאַרריכט ביי מיר. איך בין זייער צופרידן געווען, ווייל פון שטענדיק אָן האָב איך געטרוימט צו האָבן אַן אייגענעם בושל.

אַלע פאַרטאָג הער איך פון מײַן פענצטער אַ טראַכקערײַ: טראַכ־טאַכ־טאַכ־טאַכ־טאַכ, וואָס דערמאָנט זייער אין אַ ווייטער שיסערײַ פון אַ קוילנ־וואַרפער: דאָס רעדן אַזוי צווישן זיך צוויי הויכע, ווייסע מיט שוואַרץ גע־פלעקטע, בושלען אין דער קיילעכדיקער געפלאָכטענער נעסט אויפן נאָענטן שייער פון אונדזער שכן.

אָבער כאַפּן זיי לאָזט מען נישט.

אין אונדזער שטרויען הילצערן שטעטל, וווּ ס'טרעפן זיך זייער אָפט שׂרפות, האַלט מען, אַז דאָרטן, וווּ בושלען בוען אוים אַ נעסט, וועט שוין קיין שׂרפה נישט זײַן. זענען טאַקע פאַראַן אַ סך שׂרפות און אַ סך בושלען.

פון פאַרטאָג ביז זון־פאַרגאַנג זע איך, ווי זיי שפּאַנען אַרום אויף זייע־רע לאַנגע, דאַרע געלע פיס, זוכנדיק פרעש אין דער הויכער גרינער אָסאָקע [3] פון די אַרומיקע נאַסע לאָנקעס.

בין איך טאַקע איצט געווען צופרידן. כ'האָב איצטער געהאַט אַן איי־גענעם בושל, און נאָך אַ מין בושל! אַ שיינעם, אַ הויכן, עטוואָס נידעריקער פון מיר.

כ'האָב אים אַזוי צוגעוווינט צו זיך, אַז ער לויפט מיר שוין נאָך און פּיקט מיר די האַנט, וואַרטנדיק אויף אַ נאַשערײַ.

נאָר סוף זומער איז מײַן בושל געוואָרן אויף מיר עפּעס ברוגז, ער האָט אָנגעהויבן ווערן אומעטיק. ער האָט זיך אינגאַנצן געענדערט. ער באַ־גענגט מיך שוין נישט פריילעך. ער פאַררוקט זיך אין אַ ווינקל און פאַרלייגט זײַן לאַנגן, שיינעם, דינעם האַלדז אונטער אַ פליגל. ווען עס איז שפרינגט ער גאָר אונטער — צענעמט די פליגל, גיט מיט זיי אַ פאָכע, ווי ער וואָלט וועלן זיך אַרויסרייסן פון שטעלכל.

ער האָט אפילו אויפגעהערט עסן, אומרואיק און מיט אַ טראַכקערײַ רופט ער זיך אָפּ אויפן מינדסטן פויגל־געשריי, וואָס שלאָגט זיך דורך דורכן ווענטל.

— דער בושל בענקט, — דערצייל איך אין קלוב. אָבער פאַרוואָס, פאַרוואָס האָב איך זיך גאָרנישט פאַרטראַכט.

[3] פּיליערִיק בלאָטע־גראָז מיט עלאַסטישע לאַנגע בלעטער.

די אַרומיקע סעדלעך און וועלדלעך האָבן שוין אָנגעהויבן ווערן געלער, רויטער, גרויער. אַ ווינט טראָגט שוין דאָ און דאָרט אַרום די אַראָפּגעפאַלענע בלעטער. פויערים הייבן שוין אָן צענעמען די קאָפּיצעס אויף די פעלדער.

פויגלען, רעשיקע, פילשטימיקע מחנות טראָגן זיך שוין אַרום איבער די פעלדער און לאָנקעס.

— חתונות ביי פויגלען! חתונות ביי פויגלען! — שרייען מיר אַלע.

שוואַלבן און בושלען, וואָס פליען שטענדיק פּאָרלעכווייז, הייבן זיך שוין אָן צונויפזאַמלען אין גרויסע ראַשיקע סטייעס. בלויערלעך, ווי פּוך־קייקעלעך, מיט דינינקע שמאָלינקע עקן, שפּרינגען שוין אַרום און באַקלעפּן טשאַטעסווייז די בערעזעס און קליאָנען. מחנות שטאָרכן קלאַפּן ווי אַ סך, אַ סך שפּינדלען, איבער די אָפּגעשניטענע לאָנקעס.

— די פויגלען געזעגענען זיך, — האָט פלוצעם צו מיר אַ זאָג געטאָן מיין חבר זיאַמע. איך בין פאַרציטערט געוואָרן.

— מיין בושל וויל אויך מסתמא אין די וואַרעמע לענדער?!

איבער לאָנקעס, איבער פעלדער און הויך איבער די דעכער פון אונדזער האַרבסטיקן שטעטל ווייזן זיך אַלץ אָפטער פליענדיקע דרייעקן פייגל — דאָס זענען שטאָרכן, קאָסע ליניעס איילנדיקע פייגל — דאָס זענען שוין ווילדע גענדז און צעבראָכענע שורות — דאָס זענען שוין בושלען.

יעדער מין פויגל פליט זיך אין זיין אָרדענונג. אייניקע פליען גלאַט סטייעסווייז, אייניקע פליען אין שערענגעס, נאָר אַלע פאַרפולן די לויטערע שטילקייט מיט אומרואיקע געשרייען.

איך קוק זיי נאָך, און ס'טוט מיר זייער באַנג. כ'וויל זייער נישט אָפּלאָזן מיין בושל.

— ווייסט, — זאָגט ווידער צו מיר זיאַמע — זיי פליען וויט־וויט, זיי פליען אין די וואַרעמע לענדער. און דאָרטן וואַקסן פּאַלמעס, און דאָרטן איז קיין ווינטער נישטאָ. און העלפאַנטן לעבן דאָרטן... און ס'לעבן נאָך דאָרטן, ווי ס'האָט אונדז גאָלדע אַמאָל דערציילט, נעגערלעך. זיי לויפן אַרום נאַקעטע, אַזוי היים איז דאָרטן, און ווייסע מענטשן יאָגן זיי נאָך. די מענטשן שלאָגן זיי, מוטשען זיי...

— אַהין? האַ? — פאַרריים איך דעם קאָפּ אין דער הייך. — אַהין פליען עס די פויגלען?

און פלוצעם האָט מיר עפּעס אין קאָפּ דורכגעבליצט אַ וווּנדערלעכער געדאַנק. ס'האָט מיר דעם אָטעם פאַרכאַפּט. כ'האָב אַזש רעדן נישט געקאָנט.

— לאָמיר אָנשרייבן אַ בריוול אַהין...

איך בין אַוועק אין קלוב. איך בין געלאָפן צו גאָלדען.

— חברטע גאָלדע! — האָב איך געשריען נישט מיט מיין קול. — אַ בריוו אין די וואַרעמע לענדער!... צו די קינדער!...

— שטילער! וואָס שרייסטו? — האָט מיך גאָלדע נישט פאַרשטאַנען.
— כ׳לאָז אָפּ מיין בושל! — האָב איך געשריען.

ס׳איז געוואָרן יום־טוב, מ׳האָט פאַרגעלייגט בריוו, איינער שטאַרקער פון דעם אַנדערן: „מאַכט רעוואָלוציעס!... קומט צו פאָרן!... שרייבט בריוו!... צעשיסט דעם קייסער!...“

„טייערע נענערלעך! — האָב איך זיך אַוועקגעזעצט ביים טיש און גענומען שרייבן. — מיר בענקען זייער נאָך אייך און האָבן זייער פיינט דעם פעטליוראָווינעץ דזשים, וואָס האָט געקוילעט אייערע עלטערן און יאָגט אייך אַרום צווישן לייבן און קראָקאָדילן.

ביי אונדז זענען נישטאָ קיין לייבן און קיין קראָקאָדילן, נאָר ביי אונדז זענען אויך דאָ פעטליוראָווצעס. זיי האָבן געקוילעט מיין חבר כולעס טאַטע און מאַמע און געשאָסן וועלוול כאַדאָראָוו, וואָס איז דער חברטע גאָלדעס געליבטער ברודער.

אַלע אונדזערע ברידער שלאָגן זיך. מיין אַרל ליגט אין לאַזאַרעט, ער איז אַ רויטאַרמייער. די רויטאַרמייער האָבן אַראָפּגעוואָרפן דעם קייסער און געמייט ליסיצען,[4] וואָס האָט אונדז אַלע געוואָלט אויסקוילען.

מיר בעטן אייך אויכעט אַראָפּוואַרפן דעם קייסער, מאַכן אַ רעוואָלוציע און אונטערצינדן דזשימען. אין נאָמען פון אַלע קינדער פונעם קלוב אויפן נאָמען פון ספּאַרטאַק, וואָס וואַרטן אויף אייער ענטפער, פון מיר — אָשר“.

פאַרענדיקט דעם בריוו, האָב איך אים אַריינגעלייגט און פאַרקלעפּט אין אַ קאָנווערט.

בושלען פליען אָבער לאַנג, לאַנג. זיי פליען איבער סטעפּעס און קאָכיקע ימען. זיי שלאָגן זיך דורך דורך ווינטן און שלאַקס־רעגנס. און דאָס בריוועלע קאָן צעווייקט און פאַרפאַלן ווערן ערגעץ אין הימל.

כ׳האָב דערפאַר דעם בריוו פאַרוויקלט, ווי אַ טרייבעלע, אין אַ שטיקעלע לעדער, אַרומגעוויקלט מיט אַ דין שפּאַגאַטל און מיט אַלע כוחות זיך געלאָזט אהיים צו מיין בושל.

איך לויף, און אַלע קינדער נאָך מיר.

כ׳האָב געכאַפּט דעם בושל. ער האָט זיך נישט געוועדט. נאָר ווי כ׳האָב אים אַרויסגעטראָגן אין דרויסן, אַזוי איז ער גלייך אומרואיק געוואָרן און האָט זיך אָנגעהויבן רייסן פון די הענט. ער האָט געפּאַטשט מיט די גרויסע ווייסע פליגל און געוואָלט אַנטלויפן. כ׳האָב אים קוים איינגעהאַלטן.

זייער פּאַמעלעך, ס׳זאָל אים נישט שטערן, האָב איך אונטער זיינע פליגל צוגעבונדן דאָס בריוועלע אַזוי, אַז ס׳איז אויסגעקומען פּונקט אויף זיין רוקן. ס׳האָט זיך געהאַלטן פעסט.

---

[4] ליסיצע — אַ פירער פון אַ פעטליוריסטער באַנדע.

הויך איבער מיין דאַך האָט זיך באַוויזן אַ געבראָכענע שורה בושלען. קוים איינהאַלטנדיק דעם בושל, בין איך אַרויפגעקראָכן אויפן דאַך. דער בושל האָט זיך געריסן און מיך געפּיקט אין פּנים. כ'האָב זיך קוים געהאַלטן אין דעם פאַררייכערטן, אַ ביסל צעבראָכענעם קוימען.

— יאַטן, — האָב איך זיך צעשריען — זעט! — און אָפּגעלאָזן דעם בושל.

דער בושל איז פריער געבליבן שטיין, נאָכדעם עטלעכע מאָל אונ־טערגעשפּרונגען אויף זיינע געלע דאַרע פיס, האָט עטלעכע מאָל אַ פּאַטש געטאָן מיט די פליגל, אפילו זיך אויף מיר נישט אומגעקוקט, זיך אַ לאָז געטאָן אין הימל.

כ'האָב לאַנג אים נאָכגעקוקט, ווי ער פליט עס אין די וואַרעמע לענ־דער. דאָס בריוועלע איז שוין הויך. דער בושל יאָגט שוין אָן די שורה... קוים וואָס איך זע אים שוין.

— אַוועקגעפלויגן! אַוועקגעפלויגן! — שרייט מען פון אונטן און מע פרייט זיך.

איך שטיי נאָך אויפן דאַך און האַלט זיך אָן אין קוימען.

— אין די וואַרעמע לענדער! קיין אַפריקע!... — שריי איך.

איבער וועלדער און סטעפּעס, דורך פעלדער און טייכן, דורך ימען און בערג, אויף פליגל, אויף ווייסע פליגל פון אַ בושל פליט מיין בריוו צו די נעגערלעך, צו די שוואַרצע קוטשעראַווע קינדערלעך פון די ווייטע און וואַרעמע לענדער.



# ווינטער

...פרי האָט אין יענעם יאָר זיך געשטעלט דער ווינטער. פּלוצעם, איידער דער עולם האָט זיך אַרומגעקוקט, האָט פון צפון-זייט אַ בלאָז געטאָן אַ קאַלטער ווינט און זיך אָנגערוקט אַ בייזע, פינצטערע כמאַרע — דעם ווינטערס צוויי קאָזאַקן — לויפנדיק פאָרויס מיט אַ שטורעם, אַ פייפן: „ציטערט לעבעדיקע באַשעפענישן! אָט קומט ער, דער קאַלטער פעטער און וועט אייך אָנרייבן אַ רויטע נאָז“...

די פעלדער ליגן שוין באַגראָבן אין דעם ווייסן קיטל[1] פון שניי, די ביימער דאָרט שטייען אָפּגעשמיסענע, נאַקעטע, אַראָפּגעלאָזן די קעפּ, און די צווייגן געפּענטעט מיט די קייטן פון פליטערלעך, פּרענטעס אייז. פון פייגל און וואַלד-חיהלעך איז נישטאָ קיין שפּור, אַלע ווי אויסגעשטאָרבן. זיי ליגן באַהאַלטן טיף אין די לעכער, יענער האָבן געמאַכט פּליטה[2] — אַוועק וווהין די אויגן טראָגן, און אומעטום איז שאַ, שטיל, נאָר וורשאָנעס דרייען זיך ערטערווייז אַרום אין דער לופט, עפּעס האָבן זיי געשעפטן: חתונות אָדער גלאַט אַזוי אסיפות[3] וועגן קהלשע[4] זאַכן — און ווייסט זיי דער גוטער יאָר, וואָס זיי קראַקען דאָרט, קרעכצן, רייסן זיך אַלץ די העלדזער...

## אויפגאַבע:

1. פּרווו אַליין באַשרייבן דעם אָנקומען פון ווינטער ביי דיר אין שטאָט.



[1] קיטל — אַ גרויס, ווייס לאַנג העמד, וואָס פרומע יידן פלעגן טראָגן אויף זייערע קליידער יום-כיפור (יאָם-קיפּער) ביים דאַווענען.
[2] פּליטה (פּלייטע מאַכן) — אַנטלויפן, זיך אָפּטראָגן.
[3] אַסיפות (אַסיפעס) — פאַרזאַמלונגען, צונויפקומען.
[4] קהלשע (קאָלישע) — געזעלשאַפטלעכע.

איציק פעפער

## אַקעגן פראָסט

די פייגל האָבן שוין פאַרלאָזט
סעפּטעמבערדיקע נעסטן,
ס׳איז גוט אַרויס אַקעגן פראָסט,
מיט ווינטן זיך פאַרמעסטן...

די שנייען דרייען אומעטום
און לייגן זיך אויף צווייגן,
און נאָר די טייכן זענען שטום,
און נאָר די וואָלקנס שווייגן...

און כ׳טו צו ווינטן אַ געשריי:
כ׳בין גרייט צו דעם געראַנגל!
כ׳האָב ליב דעם שניי, ווען ער איז ניי,
ווען ער איז נישט צעגאַנגען.

כ׳האָב ליב דעם פראָסט, וואָס בריט און ברענט,
צו שניידן מיטן שליטן;
כ׳האָב ליב די זון, ווען זי בלענדט,
און שנייען, ווען זיי שיטן!

אברהם רייזען

## ביימער

ווינטער זענען הויל די ביימער,
ווי פאַרשטיינערט שטייען זיי,
און דער קאַלטער פראָסט ער פרעסט זיי,
און דער הימל שיט מיט שניי.

און מיט קאַלטקייט פון אַ דענקער
טראַכטן זיי אין האַרץ דערביי:
וואָס דער ווינטער איז אַלץ בייזער,
ווערט אלץ ליבער זיין דער מאַי.

ב. אָלעוואַסקי

# אין טייגע

מע זעט נישט דעם וועג אינעם שניי.
סע שיט. און סע שיט. און סע שיט.
איך בייג זיך אַראָפּ צו דער ערד —
איך זע נישט די אייגענע טריט.

סע שיט. און סע שיט. און סע שיט.
און כ׳דאַרף איצטער גאָרנישט קיין סך:
אַ קעסעלע האָבער דעם פערד,
פאַר זיך — אַ גלאָז טיי און אַ דאַך.

איך דאַרף איצטער גאָרנישט קיין סך:
נאָר זאָל דאָ נישט זיין אַזוי שטיל!
אַ פייערל ערגעץ זאָל זיין!
כאָטש הערן פון ווייט אַ געביל!

נאָר וואַלד. און אַ נאַכט. און ס׳איז שטיל.
נישט אַ שויב, נישט אַ וואָיען פון הינט.
וואָס זוכט עס מיין פערד אין דער נאַכט?
וואָס הערט מיין פערד אינעם ווינט?





מענדעלע מוכר-ספרים

# דאָס קעלבל

## א.

ווינטער אַמאָל, גאַנץ פרי, אַז איך בין געלעגן איינגענאָרעט אונטער דער קאָלדרע, פאַרשלאָפן, נאָך נישט קלערנדיק וועגן אויפשטיין צו גיין אין חדר, דערפיל איך ווי מע וועקט מיך, טאָרעט מיך אין איין געשריי:

— גיכער, שטיי אויף, גיכער, גיכער!

איך טו מיך, נישט טויט, נישט לעבעדיק, אַ כאַפ אויף און דערזע פאַר מיר מיין שוועסטער, אַ מיידל פון אַ יאָר צוועלף. דאָס פנימל שיינט איר, די אייגעלעך פינקלען עפּעס מיט אַ גלאַנץ, דאָס מיילכל האַלב אָפן, אויף די ליפּעלעך עפּעס אַ פאַרגליווערט מין שמייכעלע. זי וויל זאָגן און קען נישט, אַזוי פאַרפעלט איר אָטעם, זי שטרעקט אויס, וואַרגנדיק זיך, דאָס הענטל, טייטנדיק אויף עפּעס דאָרט אין דער מיט שטוב:

— אָ-אָ!

איך גיב אַ קוק — אוי, געוואַלד, אַ קעלבל!

און אַזוי ווי איך בין: באָרוועס, נאַקעט, אין איין העמדל, טו איך אַ שפּרונג אַראָפּ פונעם געלעגער געשווינד צו אים. די פרייד מיט מיר איז געווען אַזוי גרויס, גלייך ווי די וועלט איז מיינע. עפּעס לייכט די זון גאָר אַנדערש, עפּעס איז דער פרימאָרגן מילדער, פריינדלעכער ווי שטענדיק, עפּעס פילט זיך אומעטום אין דער לופט יום-טובדיקס, פול און פול מיט

קעלבל. אַלצדינג שמייכלט, זאָגט: גוט יום־טוב, מזל־טוב דיר מיטן קעלבל!...

איך זעץ מיך אויף די קניעלעך, אַ ביסל פון דערווייטנס, און באַטראַכט מיר דאָס קעלבל. אַ שיינס, אַ רויטס, אויפן שטערן אַ ווייסער פלעק, ווי אַ זילבערנע קאָקאַרדע, גאָר גאָטס וווּנדער!

וואָס ווייטער, ווייטער, גיב איך מיך אַ רוק אונטער, באַקענענדיק זיך מיט דעם נענטער; וואָס ווייטער, ווייטער, גיב איך עס אַ גלעט, דאָ אַ טאַפּ, דאָרט מיט אַ פינגער, ארייַנקוקנדיק דעם דערביי אין די אויגן, ביז איך ווער דערמיט שוין אַ נאָענטער שמעלקע און לאָז דעם אַראָפּ אַ גראָבן „שלום־עליכם“.[1] אַזוי טאַקע מיט דער גאַנצער האַנט, מיט אַלע פינף פינגער.

דאָס קעלבל האָט, ווייזט אויס, נאָך נישט געוווּסט דעם טייטש פון דעם „שלום־עליכם“, וואָרעם עס האָט זיך עפּעס געפילט ווי באַליידיקט און, צונויפנעמענדיק זיך, מיט אַלע קרעפטן געפּרוווט אויפשטיין.

פריער האָט עס אָנגעהויבן הינטן אַרום, פאַמעלעכן, פאַמעלעכן זיך געשטעלט אויף די הינטערשטע פיסלעך, בלייבנדיק אָנגעשפּאַרט אויף די קני פון די פעדערשטע, וואָס נאָך פאַרלייגט אונטער זיך, שפּעטער אַ ביסל האָט זיך עס שוין געשטעלט אויף אַלע פיר פיס, וואָס האָבן זיך געשאָקלט, ווי פיסלעך פון אַ צעשאָטענעם טיש. אַזוי איז עס, שאָקלענדיק זיך אומ־געלומפּערט, אויסשטעלנדיק אַ פּאָר קעלבערנע אויגן, אַ היפּשע ווײַלע גע־שטאַנען — און פּלוצעם פאַררייסט עס דעם וויידל און גאַלאָפּ, גאַלאָפּ איבער דער שטוב. עס ווערט אַ רעש, אַ געפּילדער. עס פאַלט אום די מילכיקע באַנק[2] מיטן צעבראָכענעם פיסל, עס דערשרעקן זיך די הינער, פליען משוגע־נערווייז איבער טיש און בענק, צעברעכן אַ גלעזל, קערן איבער עפּעס אַ שיסל. די מאַמע, ביי דער בהמה דאָרט אין הויז, דערהערט דעם טאַרעראַם, דעם האַרמידער, לויפט אין איין אָטעם אַריין אין שטוב שטאַרק אויפגעבראַכט און לאָזט אויס איר צאָרן צו מיין קאָפּ.

ב.

אַוועקגעגאַנגען פון דערהיים אין חדר בין איך מיט אַ קאָפּ פול מיט קעלבל. ווען איך האָב באַגעגנט אויפן וועג, האָב איך אָנגעזאָגט די בשו־רה: אונדזער קו האָט געהאַט אַ קעלבל! פאַר איטלעכן פון מיינע באַקאַנטע יינגלעך האָב איך אָפּגעלויבט אין טאָג אַריין דאָס קעלבל. ווען מיר האָט געטויגט, האָב איך צוגעזאָגט אים ווייזן דאָס קעלבל, אינאיינעם מיט מיר זיך דערמיט אַ ביסל אָנשפּילן. ביי איינעם האָב איך אפילו גענומען פאָרויס אַ פּאָר מעשענע קנעפּ מיט אָדלערס און אַ בייטעלע, שווערנדיק אים, אַז

---

[1] שאָלעם־אַלייכעם — דאָ געמיינט: אַ קלאַפּ.

[2] אַ באַנק, אויף וועלכער פאַרצייטיקע פרומע יידענעס פאָרעגן זיך אויסשליסלעך מיט מילכיקס. ס׳איז דאָסגלייכן געווען אַ פלײשיקע באַנק.

דער כבוד צו פאָרן רייטנדיק צום ערשטן אויפן קעלבל געהער אים. עס פאַר־שטייט זיך, אַז פאַר גרויס שמחה און אַזוי פיל געשעפטן האָב איך פאַר־שפעטיקט קומען אין חדר און געכאַפּט געשמיסן.

דאָס בוך ליגט פאַר מיר אָפן, און עס קוקט מיר אַרויס פון דאָרט, עס דרייט זיך מיר פאַר די אויגן — קעלבל. עס קריכט, קריכט מיר אַ מאָר־דעטשקע, אַ שיינס, אַ געטאָקטס, אויערלעך קליינטשיקע, אויפגעשטעלטע, אַ קעפּעלע, אַ העלדזועלע.

### ג.

געקומען אַהיים, איז די ערשטע זאַך מיינע געווען — קעלבל. שטיל, אויף די שפּיץ פינגער האָב איך זיך צוגעגנבעט צום קעלבל. די מאַמע האָט עס פאַרשטופּט אין אַ ווינקעלע פאַר אַ גוט אויג, מע זאָל עס קיין עין־הרע נישט געבן. אָנגעהויבן האָט זיך ביי מיר, ווי דער שטייגער איז, פריער אַ קוק, אין אַ ווײַלע אַרום שוין אַ גלעט, דערנאָך אַ האַלדזן, אַן אַרומנעמען און צום סוף שוין גראָבלעך אַ קוועטש אין מיין קעלבל טוט אַ שפּרונג אַהין־אַהער־איבערן שטוב, ווערט עס אַן איבערקערעניש, און עס רעגנט אויף מיר פעך און שוועבל, גאָר אַ שרעק!

די ליבע צום קעלבל איז ביי מיר געוואָקסן מיט יעדן טאָג און גלייך מיט איר — דער האַרץ־ווייטיק מיינער, וואָס עס האָט מיר אָנגעמאַכט. מיין קינדיש הערצל איז פאַרלאָפן מיט בלוט, האָט נישט געקאָנט רואיק אָן פאַר־דרום האָרכן דעם שמועס וועגן קעלבל,ווי מע וויל עס, נעבעך, קוילען, ווי מע דינגט זיך מיט דעם קצב. עס שטייט זיך,קוקט, קוקט אַזוי גוט, אַזוי הײמיש, לעקט דער מאַמעס האַנט אַזוי ליבלעך־פריינדלעך, און דאָ שאַצט מען אָפּ דעם ווערט פון זיין לעקער, זיין צינגל!...

עס האָט מיר ווײ געטאָן דאָס האַרץ אויפן קעלבל: געוואַלד, אַ רחמ־נות! עס האָט מיך פאַרדראָסן: געוואַלד, וואָס וויל מען האָבן פון זיין לעבן!

ווער ווייסט צו וואָס דאָס וואָלט געפירט, ווען עס זאָל זיך נישט געווען אונטערוקן פּלוצעם אַזוינס, אויף וואָס מע האָט זיך גאָרנישט געריכט.

### ד.

ס'איז אַ ווינטער־נאַכט. אַ פראָסט מיט אַ ווינט. אַ פראָסט אַ ברע־נענדיקער, אַ ווינט אַ שטורעמדיקער. עס בלאָזט, פייפט, ריפּ־סקריפּ, ווי אויף אַ חתונה פון טויזנט טייוולאָנים; עס שפּרינגען, טאַנצן זיילן שניי, דרייענ־דיק זיך משוגענערווייז איבער די גאַסן, עס קנאַקן, טראַסקען דעכער, עס הוילט, וויעט אין די קוימענס, און עס זשומען, צימבלען שויבן אין די פענצטער.

אויף דער גאַס קיין לעבעדיק באַשעפעניש, קיין איין יידישע בהמה, אַלע ווי אויסגעראָטט. און וועלכע זענען געבליבן דאָ, ליגן באַגראָבן, אַז אָך־און־וויי, איבער די אויערן אין שניי. אונדזער בהמה, עפּעס נאָך אַ קימ־

פּעטאָרין, האָט אונטערגענעכטיקט אין דעם פינצטערן הויז, אין נעץ און שמוץ, ווו עס בלאָזט פון אויבן, פון אונטן, פון אַלע זייטן, ווו עס איז אומ־צוקומען פאַר קעלט. און וואָס טוט אַ בהמה? אַ בהמה מאַלעגיירעט, קייט איבער אַלץ פריערדיקע, שוין האַלב פאַרדייטע זאַכן, און ביים איבערקייען קייכט זי, לאָזט זי שטילע זיפצן. די זיפצן צעגייען זיך ווייט אַרום און לאָזן זיך פילן אויך אין שטוב.

אויף מאָרגן גאַנץ פרי האָט מיך אויפגעוועקט אַ טרויער. אַלע שטייען פאַראומערט, ווייבער, שכנות אויך אין דער מיט. די מאַמע באַוויינט פאַר זיי די בהמה, דערציילט אירע מעלות, וועגן איר קעז, איר פּוטער, אַלדאָס גוטס, פון וועלכן איך האָב פריער גאָר נישט געוווּסט.

— הערט אַ מעשה, — זאָגט זי מיט אַ וויינענדיקן ניגון — היינט גאַנצפרי עפן איך די טיר אין דעם הויז, גיי, ווי אַ באַלעבאָסטע מעלקן מיטן מעלק־שעפל אין דער האַנט. רוף איך: מאַין־מאַין־מאַין! זי רופט זיך נישט אָפּ. גיי איך שוין צו נאָענט. איך גיב אַ קוק — אוי, אַ דונער האָט מיך נישט דערשלאָגן, זי איז טויט!

און אין מיטן פון דעם באַוויינען פליט אַריין פונעם אַלקערל דאָס קעלבל, האָץ־האָץ מיט אַ פאַרריסענעם וויידל, אַ פאַרוואָרפן קעפּל: מע־מע אין איין קול. דאָס האַרץ רייסט ביי איטלעכן אין שטוב, קוקנדיק אויף דעם יתום — נעבעך. אַלע פאַרשטייען דעם טייטש פון „מע“, וואָס דאָס באַטייט. דאָס מעקעט עס, נעבעך, נאָך דער ברוסט, עס וויל עסן. דאָס מעקעט עס, בעט זיך צו דער מאַמען, זי זאָל עס אויסצוואָגן, אָפּלעקן מיט דער צונג. ווייבער, שכנות, ווישן זיך די נעז, די אויגן, מאַכן פיסקלעך, און די ליפּעלעך זייערע רירן זיך, גרייט צום רעדן. איינע פון זיי פאַרכאַפּט זיך פריער:

— מיין עצה וואָלט געווען — דאָס קעלבל זאָל בלייבן לעבן. זאָל עס ביי אייך זיך האָדעווען, אַמאָל מיט שאָלעכץ פון קאַרטאָפּל, אַמאָל מיט אַ ביסל קלייען, דאָס אַ ביסל, יענץ אַ ביסל, וואָס קען עס זיך אָנזען אין אַ באַ־לעבאַטישקייט אַ קעלבל?

אַלע ווייבער באַסעוון צו. די מאַמע לאָזט זיך איינרעדן. דאָס קעלבל בלייבט לעבן. און מיר פאַלט אַראָפּ אַ שטיין פונעם האַרצן.

## פראַגעס און אויפגאַבעס:

1. וואָסער נייעס דערציילט די שוועסטער דעם יינגעלע?
2. וויאַזוי פילט זיך דאָס יינגעלע צווישן זיינע חברים?
3. פאַרוואָס איז דאָס יינגעלע אומרואיק? (וואָס ווילן זיינע עלטערן טאָן מיטן קעלבל?).
4. וואָס איז געשען מיט דעם קעלבלס מוטער? (דערצייל געניי!).
5. שטעל צונויף אַ פּלאַן פון דער דערציילונג (מאַך קעפּלעך צו יעדער קאַפּיטל) און דערצייל לויטן פּלאַן.



שלום-עליכם

# חנוכה־געלט

## א.

טרעפט, קינדער, וואָסער יום־טוב איז דער בעסטער פון אַלע יום־טובים?

— חנוכה.

אַכט טעג כסדר נישט גיין אין חדר, עסן לאַטקעס מיט שמאַלץ, שפּילן אין דריידל און באַקומען פון אַלע זייטן חנוכה־געלט — נו, באַדאַרף מען אַ בעסערן יום־טוב?

ווינטער, דרויסן איז קאַלט, דער פראָסט ברענט, די פענצטער זענען באַדעקט מיט שניי, און אין שטוב איז וואַרעם, מחיה־נפשות.[1] דאָס זילבערנע חנוכה־לעמפּל שטייט צוגעגרייט נאָך פון בייטאָג. דער טאַטע גייט אום איבער דער שטוב, די הענט אַרונטער, און דאַוונט מעריב. אָפּגעדאַוונט, נעמט ער אַרויס פון טישקעסטל אַ וועקסן ליכטל און זאָגט אונדז, צו מיר און מיין יינגערן ברודער מאָטל:

— רופט אַריין די מאַמע, לאָז זי גיין הערן בענטשן חנוכה־ליכטלעך.

איך און מיין ברודער מאָטל לאָזן זיך לויפן ביידע, איינס איבערן אַנדערן.

---

[1] מחיה־נפשות (מעכאַיע נעפאָשעס) — אַ דערקוויקעניש, אַ פאַרגעניגן.

— מאַמע גיכער, חנוכה־ליכטלעך!

די מאַמע וואַרפט אַוועק אַלע אַרבעטן אין קיך און לאָזט זיך לויפן אין שטוב אַריין, און נאָך איר — בריינע די קעכין.

דער טאַטע גייט צו מיטן אָנגעצונדענעם ליכטל צום חנוכה־ליכטל, בייגט זיך אָן און מאַכט די ברכה [2] מיטן באַקאַנטן ניגון.[3]

די מאַמע ענטפערט „אָמן", און בריינע שאָקלט מיטן קאָפּ און מאַכט דערביי אַזאַ פּנים, אַז איך און מיין ברודער מאָטל האָבן מורא אַ קוק צו טאָן איינער אויפן אַנדערן.

דער טאַטע שפּאַצירט אַרום הין און צוריק איבערן זאַל, קוקט אויפן חנוכה־לעמפּל, זאָגט און זאָגט און הערט גאָרנישט אויף צו זאָגן. מיר וואָלטן וועלן, ער זאָל זיך שוין נעמען צו דער קעשענע, צום בייטעלע, מיר ווינקען זיך איבער, שטופּן אונטער איינער דעם אַנדערן:

— מאָטל, גיי צו, זאָג אים חנוכה־געלט!

— וואָס עפּעס איך זאָל זאָגן חנוכה־געלט?

— אַזוי, וואָרום דו ביסט אַ קליינער, באַדאַרפסטו בעטן חנוכה־געלט!

— טאָמער פאַרקערט, דו ביסט עלטער, באַדאַרפסטו בעטן חנוכה־געלט!

דער טאַטע הערט גאַנץ גוט, אַז מיר רעדן פון חנוכה־געלט, נאָר ער מאַכט זיך, ווי ער הערט נישט. שטיל, נישט געכאַפּט, גייט ער צו צום טיש־קעסטל און ציילט געלט. עס גייט אונדז איבער אַ קליין פרעסטל איבערן לייב, עס ציטערן די הענט, עס קלאַפּט דאָס האַרץ. מיר קוקן אויף דער סטעליע, קראַצן זיך אונטער דער פּאה,[4] מאַכן זיך כלומערשט קאַלטבלוטיק, גלייך ווי נישט אונדז מיינט מען.

דער טאַטע טוט אַ הוסט.

— הם... קינדער, קומט נאָר אַהער.

— האַ? וואָס איז?

— נאַט אייך חנוכה־געלט.

באַקומען אונדזער חנוכה־געלט, לאָזן מיר זיך גיין, איך און מיין ברודער מאָטל, פריער פּאַמעלעך, און נאָכהער גיכער און גיכער מיט אַ שפּרונג־אונטער און מיט אַ טענצל. און ביז מיר קומען אין אונדזער חדרל [5] אַריין, קאָנען מיר זיך נישט איינהאַלטן, קוליען זיך איבער דריי מאָל מיטן קאָפּ אַראָפּ, מיט די פיס אַרויף, שפּרינגען אויף איין פוס און זינגען אונטער:

---

[2] די ברכה (בראָכע) — ביים אָנצינדן די ליכט זאָגט מען אַ לויב צו גאָט, אַ בראָכע.

[3] ניגון (ניגן) — מעלאָדיע.

[4] פּאה (פייע) — אַמאָל פלעגן די יידישע קינדער טראָגן לענגערע האָר אויף די באַקן ביי די אויערן, פייעס.

[5] חדרל (כיידערל) — צימערל.

ענגע, בענגע,
סטופּע, צענגע,
אַרצע, באַרצע
גאָלע שוואַרצע,
איימעלע, ריימעלע,
בייגעלע, פּייגעלע —
האָפּ!

און פּאָר גרויס שמחה גיבן מיר זיך אַליין צו צוויי פּעטש אין די באַקן. עס עפנט זיך די טיר און עס קומט אַריין דער פּעטער בעני.

— חברה פּלעצל, אייך קומט חנוכה־געלט!

דער פּעטער בעני לייגט אַריין די האַנט אין קעשענע, נעמט אַרויס צוויי זילבערנע גילדן [6] און גיט אונדז חנוכה־געלט.

## ב.

קיינער אין דער וועלט וועט נישט זאָגן, אַז דער טאַטע און דער פּע־טער זענען ברידער. דער טאַטע — אַ הויכער, אַ דאַרער, דער פּעטער — אַ קורצער, אַ גראָבער; דער טאַטע — אַ פֿאַרזאָרגטער, אַ שווייגער, דער פּעטער בעני — אַ פֿריילעכער, אַ רעדנער. טאָג מיט נאַכט, זומער און ווינ־טער — און דאָך אייגענע ברידער.

דער טאַטע נעמט אַרויס אַ בויגן פּאַפּיר, צעווירעט אויף קעסטעלעך, שוואַרצע און ווייסע, הייסט אַריינטראָגן פֿון קיך פּאַסאָליעס, שוואַרצע און ווייסע — דאָס וועט זיין דאַמקעס.

די מאַמע אין קיך באַקט לאַטקעס, איך מיט מיין ברודער מאָטלען שפּילן אין דריידל, און דער טאַטע מיטן פּעטער בעני זעצן זיך אַוועק שפּילן אין דאַמקעס.

איין זאַך וועל איך ביי דיר בעטן, בעני: אָן חרטה [7] און אָן דריי, דאָס הייסט, אַ גאַנג איז אַ גאַנג, — זאָגט דער טאַטע.

— אַ גאַנג איז אַ גאַנג, — זאָגט דער פּעטער בעני און גייט אַ גאַנג.

— אַ גאַנג איז אַ גאַנג, — זאָגט דער טאַטע און שלאָגט אָפּ דעם פּע־טער בענים אַ ציגל.

וואָס ווייטער זיי לאָזן זיך אַריין אין דער שפּיל, אַלץ טיפער קייען זיי דערביי די בערד, טרייסלען מיט די פֿיס אונטערן טיש און זינגען שטילער־הייט ביידע איין לידל.

---

[6] גילדן — פּופֿצן קאָפּיקעס, אַזאַ רוסישע מאָנעטע.
[7] חרטה (כאַראָטע) — זיך צוריקציען.

— אוי, וואָס טוט מען, וואָס טוט מען, וואָס טוט מען? — זינגט דער טאַטע, און קייט איין עק באָרד. — זאָל איך גיין אהער? — וועט ער גיין אהין! וועל איך גיין אהער? — וועט ער גיין אַהער, באַדאַרף מען בעסער גיין אַזאַ מין גאַנג.

— אַזאַ מין גאַנג, אַזאַ מין גאַנג! — העלפט אים אונטער דער פעטער בעני.

— אוי, ביסטו אַ טיפּש, בעני, אַ טיפּש און אַ גרויסער — זינגט דער טאַטע און גייט אַ גאַנג.

— ביסט אַליין אַ טיפּש, מיין ברודער, און נאָך אַ גרעסערער! — זינגט דער פעטער בעני און גייט אַ גאַנג און פאַרכאַפּט זיך באַלד צוריק.

— פע, בעני, מיר האָבן דאָך גערעדט אַ גאַנג איז אַ גאַנג! — זאָגט דער טאַטע שוין אָן אַ ניגון און כאַפּט דעם פעטער בעני פאַר דער האַנט.

— אַ גוטער משל! — זאָגט דער פעטער בעני. — כל־זמן [8] איך האלט אין מיטן אַ גאַנג, מעג איך גיין וווהין איך וויל.

— ניין! — זאָגט דער טאַטע. — אַ גאַנג איז פאַרפאַלן! — מיר האָבן דאָך עפּעס געשמועסט, בעני, אָן חרטה, בעני, אָן דריי!

— חרטה? — זאָגט דער פעטער בעני — וויפל מאָל מאַכט זיך, אַז דו האָסט חרטה?

— איך? — זאָגט דער טאַטע. — ע, בעני, דערפאַר האָב איך דאָך פיינט מיט דיר צו שפּילן אין דאַמקעס!

— ווער זשע נייט דיך זאָלסט מיט מיר שפּילן?

— שוין? מען קריגט זיך שוין איבער אַ פּאַסאָלקע? — רופט זיך אָן די מאַמע און קומט אָן פון קיך מיט אַ פאַרפלאַמט פּנים, און נאָך איר — ברײנע מיט אַ גרויסער שיסל מיט הייסע לאַטקעס. אַלע לאָזן זיך צום טיש. איך און מיין ברודער מאָטל, וואָס האָבן זיך פריער אַ ביסל געקריגט, גע־ריסן ווי די קעץ, בעטן זיך גיך איבער, ווערן שלום און זעצן זיך צו די לאַטקעס.

ג.

ביינאַכט אויפן געלעגער ליג איך און טראַכט: וויפל קאָן זיך אַ שטיי־גער ביי מיר צונויפקלייבן, אַז אַלע פעטערס און אַלע מומעס מיט אַלע קרובים וועלן מיר געבן חנוכה־געלט?

— מאָטל, דו שלאָפסט?

— יאָ, וואָס איז דען?

[8] כל־זמן (קאָלזמאַן) — אַזוי, לאַנג.

— וויפל, מיינסטו, וועט אונדז געבן דער פעטער בער חנוכה־געלט?
— פונוואַנען זאָל איך וויסן? איך בין דען אַ נביא? [9]
אין אַ מינוט אַרום:
— מאָטל, דו שלאָפסט?
— יאָ, וואָס איז דען?
— עמעצער האָט אַזויפיל פעטערס מיט אַזויפיל מומעס ווי מיר?
— אָדער יאָ, אָדער ניין.
אין צוויי מינוט אַרום:
— מאָטל, דו שלאָפסט?
— יאָ, וואָס איז דען?
— ווי באַלד דו שלאָפסט, היינט וויאַזוי רעדסטו צו מיר?
— דו פרעגסט דאָך מיך, מוז איך דיר ענטפערן.
אין דריי מינוט אַרום:
— מאָטל, דו שלאָפסט?
— טסס טררר — כיל כיל — טסססס...

מאָטל כראָפּעט, פייפט מיט דער נאָז, און איך זעץ מיך אויף אויף מיין בעטל, נעם אַרום מיין קערבל, גלעט דאָס, באַטראַכט דאָס.

דאַכט זיך וואָס? — טראַכט איך מיר. — אַ שטיקל פּאַפּיר, און וואָס קאָן מען דערפאַר נישט קויפן? צאַצקעס, מעסערלעך, שטעקעלעך, בייטעלעך, נים און קאָנפעקטן און ראָזשינקעס און באָקסערן און וואָס נישט?

איך באַהאַלט דאָס קערבל צוקאָפּנס אונטערן קישן און לייען אָפּ קריאת־שמע [10], קומט אַריין ברײנע פון קיך מיט אַ פולער שיסל מיט קערבלעך... ברײנע גייט נישט, נאָר זי שוועבט אין דער לופטן, און מאָטל שלינגט קערבלעך...

— מאָטל! — שריי איך מיט אַלע כוחות, — גאָט איז מיט דיר, מאָטל, וואָס טוסטו??...

איך כאַפּ זיך אויף און שפּיי אוים דריי מאָל: „טפו־טפו־טפו — אַ חלום!" און ווער אַנטשלאָפן.

## אויפגאַבע:

טיילט פאַנאַנדער צווישן זיך די דערציילונג אין „ראָלן". פּרוווט זיך פאָרשטעלן, וויאַזוי עס האָט אויסגעזען שלום־עליכמס שטוב, דער טאַטע, דער פעטער בעני, מאַמעלע און דער אויטאָר גופא, און לייענט אַזוי. אַז יעדע פּערזאָן זאָל זאָגן זיינע ווערטער ווי די פּערזאָן, וועמען ער „שפּילט".

---

[9] אַ נביא (נאָווי) אַ מענטש, וואָס זעט פאָרויס געשעענישן.
[10] קריאת־שמע (קרישמע) — אַ געבעט, וואָס מען פלעגט זאָגן פאַרן שלאָפן גיין.

# װיצן װעגן כעלעמער נאַראָנים

פֿון לאַנגע, לאַנגע יאָרן דערציילט מען צווישן פֿאָלק פֿאַרשידענע װיצן װעגן נאַראָנים. ס'איז אָנגענומען די אַלע װיצן דערציילן װעגן די איינװוינער פֿון דער שטאָט כעלעם. די איינװוינער פֿון דער שטאָט זענען געװען שטאַרק באַליידיקט, פֿאַרװאָס אַלע נאַרישקייטן שרייבט מען צו דווקא זיי, איז אָפּגעמאַכט געװאָרן, אַז מיט די אַלע װיצן, װאָס װערן דערציילט װעגן די כעלעמער נאַראָנים, מיינט מען דאָס אַלטע כעלעם, װאָס איז פֿון לאַנג אָפּגעברענט געװאָרן און אויף דעם אָרט זענען אויפֿגעקומען די ניי־כעלע־מער, װאָס זענען שוין נישט װיניקער קלוג װי אַלע אַנדערע.

און אַזעלכע זענען אייניקע װיצן װעגן אַלט־כעלעם:

## אַ גוטער ענטפֿער

אַ כעלעמער ייִנגעלע האָט אַמאָל פֿאַרבלאָנדזשעט. ער האָט געװיינט און געזוכט זיין מאַמען.

— װער איז דיין מאַמע? — האָבן אים מענטשן געפֿרעגט.

דאָס ייִנגעלע האָט געענטפֿערט:

— איר קענט נישט מיין מאַמע? מיין מאַמע איז דאָך די בעסטע פֿון אַלע.

## אויפֿן גאַנצן לעבן

יעקעלע: — טאַטע, איך װיל דיך עפּעס פֿרעגן.

טאַטע: — נו, פֿרעג מיין קינד.

יעקעלע: — אַז אַ מענטש שטאַרבט, איז דאָס שוין אויפֿן גאַנצן לעבן?

## ער האָט זיי אַליין אויספּרובירט...

דער טאַטע האָט אַמאָל יעקעלען געשיקט קויפֿן שװעבעלעך. קומט יעקעלע צוריק אַ צופֿרידענער:

— טאַטע, אַלע שװעבעלעך זענען גוט! איך האָב זיי אַלע אויס־פּרובירט.

## נישט געװוסט, אַז ס'װעט רעגענען

בערל: — פֿאַרװאָס עפֿנסטו נישט דיין שירעם, עס רעגנט דאָך?

שמערל: — עס װעט גאָרנישט העלפֿן, מיין שירעם איז מיט לעכער.

בערל: — טאָ פֿאַרװאָס האָסטו מיטגענומען אַ שירעם מיט לעכער?

שמערל: — איך האָב דען געװוסט, אַז עס װעט רעגענען?...

## אַ יתום

לערער: — וויאַזוי וועלן מיר רופן אַ ווילדן מענטשן, וואָס האָט אויפגעפרעסן זיינע אייגענע טאַטע־מאַמע?
שילער: — אַ יתום!...

## ער קאָן דאָס וועטער נישט זען...

אַ כעלעמער מאַמע זאָגט צו איר יעקעלען:
— גיי צו, מיין קינד, צום פענצטער און גיב אַ קוק, וואָס פאַר אַ וועטער איז היינט.
יעקעלע קומט צוריק פון פענצטער און זאָגט:
— מאַמע, היינט איז אַ גרויסער נעפּל, אַזוי אַז איך קאָן נישט זען דאָס וועטער.

יאַנינאַ בראָניעווסקאַ

# יאַקובעק

איך האָב אים באַמערקט זיצן ביי דער וואַנט פון דעם טעאַטער פאַר זעלנער. אַ קליינער זעלנער אין אַ כאַקי־מונדיר, וואָס איז גאַנץ גוט געלעגן אויף אים. ער האָט געלאַכט הויך, קינדיש.

— און דו פון וואַנען האָסטו זיך אַהערגענומען, ברודערל?

ער האָט אויף מיר אומצוטרוילעך אַ קוק געטאָן פון אונטער די געדיכטע, שוואַרצע ברעמען.

— איך קום אַהער פון די פּאַרטיזאַנער...

— וואָס?

— נו, יאָ. איצט בין איך אַ פאַרבינדלער פון שעף פון שטאַב.[1]

איך האָב זיך אַוועקגעזעצט נעבן אים.

— און וויאַזוי האָסטו זיך אַריינגעקראָגן צו אונדז?

יאַקובעק הייבט אָן דערציילן, ער רעדט מיט אַ רואיקער, איינטאָניקער שטים וועגן זאַכן, פון וועלכע עס שטאַרבט אָפּ דאָס האַרץ, און די הענט ביילן זיך אין פויסטן פון האַס. אָט די זייער פּשוטע ווערטער רופן ביי מיר אַרויס בילדער פון דעם, וואָס ס'האָט איבערגעלעבט פאַר זיין קורץ לעבן מיין מיטשמועסער.

---

[1] דער שעף — דער עלטסטער, דער פאַרוואַלטער פון שטאַב (וועלכער פירט אָן מיט די זעלנער־אָפּטיילונגען).

— איך בין צוזאַמען מיט אַלעמען געווען אין געטאָ... — זאָגט יאַקו־בעק.

און איך דערזע פאַר מיינע אויגן: שמאָלע געסעלעך, איבער וועלכע עס שלעפּן זיך אויסגעמאַטערטע טרויעריקע מענטשן; פאַרצוימונגען פון שטעכל־דראָט, וואָס שניידן אָפּ דאָס געטאָ פון דער רעשט שטאָט; הונ־גער, נויט, באַליידיקונגען; אייביקע שרעק פאַר איבערפאַלן פון די היטלע־ריסטן, וועלכע קומען אַהער, בכדי צו רויבן, אונטערצינדן, מאָרדן.

דער קליינער יאַקובעק האָט נישט קיין עלטערן. ער איז אַליין, און מוז אַליין פאַר זיך זאָרגן. ער קען אַלע באַהעלטענישן און דורכגענג אין דעם אַרומגעצוימטן געטאָ.

— שפּעטער, ווען מע האָט אָנגעהויבן אויסהרגענען דאָס געטאָ, בין איך אַנטלאָפן.

פאַרטאָג, ווען דאָס געטאָ שלאָפט נאָך, פאַלן אַריין אַהין באַוואָפנטע געשטאַפּאָווצעס. די שמאָלע געסעלעך ווערן פול מיטן הילך פון אויטאָ־מאַטן, מיט געשרייען פון געמאָרדעוועטע מענטשן. די געשטאַפּאָווצעס רייסן זיך אַריין אין די הייזער, רויבן אַלץ, וואָס קומט אונטער דער האַנט, צינדן אונטער דאָס הויז, וואַרפן די מענטשן אין פייער אַריין. יאַקובעק אַנטלויפט אויף אַ בוידעם פון עפּעס אַ הויז. נאָר דאָס הויז הייבט אָן ברע־נען. דאָס יינגל קריגט זיך אַרויס אויפן דאַך, לאָזט זיך מיט דער רינווע אַראָפּ אויפן הויף און קריגט זיך אַרויס דורך באַקאַנטע שטעגעלעך פון צווישן די חורבות און אָפּגעברענטע הייזער. ער באַהאַלט זיך אויס, ביז עס ווערט פינצטער. ביינאַכט גנבעט ער זיך אַדורך צום אָרט, ווי די שטעכל־דראָטן זענען עטוואָס שיטערער. ער האָט דאָס אָרט זיך פאַרגע־דענקט שוין לאַנג צוריק. ער קריכט שטיל אַדורך, צעקאַליעטשעט זיך די הענט ביי די שטעכלקעס. אָבער דאָס איז גאָרנישט. ער איז ענדלעך פריי... אָבער נישט אויף לאַנג.

— שפּעטער בין איך געווען אין לאַגער...

...ווידער פאַרצוימונגען פון שטעכל־דראָט. אָבער שוין נישט אין שטאָט, נאָר אין פעלד, אונטערן נאַקעטן הימל. פון פאַרטאָג ביז ביינאַכט שווערע האָרעוואַניע אונטער דער בייטש פון דייטשן, אויפזעער. די יידן פון לאַגער בויען אַ שאָסיי, פירן אויס די שווערסטע אַרבעט. זיי באַקומען פון די אויפזעער אַ קליינע, שיטערע פּאָרציע זופּ און גרויסע פּאָרציעס שמיץ. פיל שטאַרבן פון הונגער, פון אויסגעשעפּטקייט, פון די קלעפּ, פון קראַנקהייטן. יאַקובעק האַלט אויס אַלץ. אַמאָל טראָגט ער ציגל, אַמאָל שטופּט ער אַ וועגעלע מיט זאַמד, ער טראַכט אָבער וועגן איינס: וועגן אַנטלויפן. ביינאַכט, ליגנדיק אויף דער פייכטער ערד און ציטערנדיק פאַר קעלט, מאַכט ער פּלענער וויאַזוי זיך אַרויסצוקריגן פון לאַגער.

— שפּעטער האָט מען אָנגעהויבן ליקווידירן דעם לאַגער [2], און כ'בין אַנטלאָפן... — זאָגט יאַקובעק.

איינמאָל האָט אַ טייל פון די געפאַנגענע באַקומען רידלען און אונטער אַ וואַך זענען זיי אַרויסגעפירט געוואָרן פון לאַגער. אָבער אין אַ שטיקל צייט אַרום איז באַוווּסט געוואָרן: מיט אָט־די רידלען האָבן זיי געגראָבן אַ מאַסן־קבר פאַר זיך אַליין. און פון דעמלט אָן האָט עס זיך איבערגעחזרט כמעט יעדן טאָג. יאַקובעק האָט געוווּסט, אַז אויך זיין ריי וועט קומען. ער אַנט־לויפט ווידער אין אַ פינצטערער נאַכט, קריכט דורך בלאָטעס, קאַליע־טשעט זיך ביי די דראָטן, מיט האַרצקלאַפּעניש הערט ער זיך צו צו די טריט פון וועכטער. ער איז קליין און פלינק. עס געלינגט אים. איצט איז ער שוין אויף אַן אמת פריי. — פריי — אָבער איינגאַנצן עלנט, הונגעריק, אויסגעצערט. ער לויפט פאָרויס, ער אַנטלויפט פון מענטשן — ווי אַ גע־שלאָגענער הונט זוכט ער שוץ אין וואַלד.

און דער וואַלד בלייבט אים אויף לאַנג אַ היים. ער טרעפט דאָרט גרופּקעס מענטשן, וועלכע באַהאַלטן זיך פונקט ווי ער פאַר די דייטשן. עס זענען דאָ פאַראַן יידן פון די שכנותדיקע שטעטלעך, וועלכע עס איז געלינגען באַצייטנס צו אַנטלויפן, עס זענען פאַראַן פויערים פון די אַרומיקע דערפער. איבערהויפּט פרויען און קינדער. נישט איינעם איז געלונגען צו ראַטעווען עפּעס וואָס פון אייגענעם פאַרמעגן. עס הערט זיך דאָס מעקען פון קי, וועלכע פאַשען זיך אויף די וואַלדיקע לאָנקעס, עס קוואָקען הינער. די דייטשן האָבן מורא אַריינגיין טיף אין וואַלד, ווייל עס איז קיינמאָל נישט באַוווּסט, ווו עס טשאַטעווען אויף זיי די פאַרטיזאַנער.

יאַקובעק טרוימט וועגן טרעפן זיך מיט די פאַרטיזאַנער. אין דעם יונגן האַרץ האָט זיך אָנגעקליבן אַזויפיל האַס צו די היטלעריסטישע פאַרברעכער. יאַקובעק טרוימט וועגן נקמה, טרוימט וועגן קאַמף, אַ גאַנץ יאָר וואַרט ער. ביז ענדלעך...

— ...און שפּעטער זענען געקומען די פאַרטיזאַנער. — די שטים פון יינגל ווערט לעבעדיקער. — איך בין אַ יאָר צייט געווען אַ פאַרטיזאַן...

די פאַרטיזאַנער האָבן ליב באַקומען דעם פלינקן יאַט. ער איז געווען אַזאַ דרייסטער און איינצייטיק אַזאַ פאָרזיכטיקער. ער האָט געקאָנט אומ־באַמערקט זיך אונטערגנבענען צו אַ דאָרף, זיך אונטערהערן, שטייענדיק הינטערן פענצטער, וואָס מען רעדט אין דייטשן שטאַב, און דערצו האָט ער נאָך פאַרשטאַנען די דייטשע שפּראַך. נישט איין וויכטיק נייעס האָט ער געבראַכט.

די דייטשן זענען אָפּגעטראָטן. דער פראָנט האָט זיך שנעל ד'ערנענ־

---

[2] ליקווידירן — פאַרמאַכן, דאָ געמיינט: פאַרניכטן דעם לאַגער, דורך טויטן די מענטשן.

טערט צום אָרט, ווו עס האָט זיך געפונען יאַקובעקס פּאַרטיזאַנער־אָפּטיילונג. די פּאַרטיזאַנער האָבן באַשלאָסן איבערצושיקן דאָס יינגל צוזאַמען מיט דער רעשט באַפעלקערונג אויף יענער זייט. דאָס איז נישט געווען קיין זיכער אַריבערגיין. מע האָט געדאַרפט אַדורכגיין דורך די ליניעס פון די דייטשע פּאָזיציעס.

— מיר זענען אויף יענער זייט געגאַנגען 250 מענטשן, און געקומען זענען 150, ווייל ווו מיר זענען געגאַנגען, זענען געווען דייטשע שוץ־גרובנס און מע האָט אונדז באַשאָסן...

יאַקובעק איז אויך דאָס מאָל אַרוים גאַנץ. דאָס מאָל איז אים אויף אַן אמת געלונגען.

איצט איז ער אין דער פּוילישער אַרמיי. ער איז גליקלעך. צוזאַמען מיט די אַנדערע זעלנער היט ער אָפּ די פרייהייט פון זיין לאַנד, דאָס רעכט צו לעבן פון אַלע מענטשן, אָן אונטערשיד פון ראַסע און פאָלק, שטייט אויף דער וואַך פון שלום.

לייב מאָרגנטוי

## אין די צווייגן רוישט דער ווינט

אין די צווייגן רוישט דער ווינט.
נאַכט. עס אָטעמט שטיל מיין קינד.
און די מאַמע ביי זיין וויג
זינגט איר זונעלע אַ ליד.

„שלאָף מיין קינד, שלאָף מיין טרייסט,
וועסט נישט וויסן פון קיין בייז.
קיינער וועט דיין שלאָף נישט שטערן:
נישט קיין וועלף און נישט קיין בערן,
נישט קיין באָמבעס פון די הייכן,
נישט קיין רוצחים וועלן גרייכן
איצטער צו דיין שטילער וויג...
ס׳האָט שוין אָפּגעהילכט דער קריג.
אין די הייכן פינקלען שטערן,
אין די נאָרעס ליגן בערן,
און די וועלף, וואָס אויף פיר פיס,
שלאָפן אויך אַצינד געווים.

בלויז די צווייפיסיקע וועלף
נעמט קיין רו נישט, נישט קיין שלאָף.
און אין אַלע עקן וועלט
וואַרטן זיי אויף זייער שטראָף...״

נאַכט. אין דרויסן רוישט דער ווינט.
כאַפּט זיך אויף פון שלאָף מיין קינד,
עפנט בלויע אויגן צוויי
און הייבט אויפעט אַ געשריי.
ס׳איז זיין שרייען פול מיט חן,
שריי זשע פיל דו ווילסט אַליין!
נישט פאַרווערן וועט דיר קיינער
הילכיק טומלען, לאַכן, וויינען,
ווייל די צייט איז שוין געמיטן,
אין דער אייביקייט אַוועק,
ווען אין טונקלען קעלער יידן
פלעגן ווייס ווערן פאַר שרעק
און זיך איינקאָרטשען אין דרייען,
ווען אַ קינד פלעגט נעמען שרייען,
און די מאַמע פלעגט אין גרויל
גיך פאַרשטאָפּן אים דאָס מויל...

ס׳איז די בייזע צייט פאַרביי!
וואַקס, מיין קינד, צעבלי זיך פריי,
ווי די דעמבעס פון מיין לאַנד,
ווי די סאָסנעס פון מיין קאַנט,
ווי דער עפּל־סאָד אין צוויט,
ווי דער פויגל מיט זיין ליד,
אַזוי זוניק, ווי אַ שטראַל,
אַזוי לויטער, ווי אַ קוואַל!...

און אַז דו וועסט עלטער ווערן,
וועסטו וויסן, וועסטו הערן,
אַז די פרייהייט, וואָס דו האָסט,
טייער האָט דעם לאַנד געקאָסט!...
וועסטו שטאָלץ זיין מיט די העלדן,
וועסטו ליב האָבן דאָס לאַנד,
וועסטו גרייט זיין אָט די פרייהייט
טריי באַשיצן מיט דיין האַנט!

א. קאָרנילאָוו

# וויאַזוי קאַרעישע קינדער האָבן אָראָפּגעשלאָגן אַן אַעראָפּלאַן

אין יענעם טאָג זענען אין רעדאַקציע געקומען אומגעווײנלעכע געסט. דער עלטסטער פון זיי האָט אויסגעזען אַ יאָר פערצן־פופצן, די איבעריקע — נאָך ייִנגער. זיי זענען אַרײַנגעקומען, ווי אַלטע באַקאַנטע, רירעוודיקע, פרייִדיקע, באַרעדעוודיקע און האָבן נאָך ביי דער טיר, ווי אין איין קול, אויסגערופן:

— מיר דאַרפן זיך זען מיטן סאָוויעטישן קאָרעספּאָנדענט.[1]

— איך הער אײַך, — האָב איך זיך אָפּגערופן.

— ניין, ס'איז דאָ געווען אַן אַנדערער... אַזאַ נישט זייער קיין הויכער...

— ער איז איצט נישטאָ, ער איז אַרויסגעפאָרן און וועט זיך מאָרגן אומקערן.

— נו, וועלן מיר צוווארטן.

— וואָס איז געשען, איר האָט עפּעס וויכטיקע נײַעס? — האָב איך געפרעגט.

— יאָ. ווען מיר האָבן מיט אים גערעדט, האָבן מיר אים דאָס סאַמע וויכטיקע נישט דערציילט.

— וואָס אַזוינס האָט איר נישט דערציילט?

— וועגן אַעראָפּלאַן.

— וועגן וואָסער אַעראָפּלאַן?

— וועגן דעם, וואָס מיר האָבן אַראָפּגעשלאָגן.

איך קאָן נישט באַהאַלטן מײַן פאַרוווּנדערונג:

— איר האָט אַראָפּגעשלאָגן אַן אַעראָפּלאַן?

— יאָ, מע קאָן זאָגן, אַז מיר האָבן אַראָפּגעשלאָגן...

— מיט וואָס?

— מיט גאָרנישט, כמעט מיט הוילע הענט.

— וואָס הייסט, מיט גאָרנישט?

דאָס עלטערע ייִנגל האָט אויף מיר אויפמערקזאַם אַ קוק געטאָן און זיך אָפּגערופן.

---

[1] קאָרעספּאָנדענט — אַ זשורנאַליסט, וואָס זאַמלט ידיעות (יעדיעס), נײַעסן פאַר דער צייטונג.

— נו, אויב איר פרעגט זיך אַזוי נאָך, וועלן מיר אייך שוין אַלץ גענוי דערציילן.

דער פעסט געבויטער יאַט האָט אָנגעהויבן זיין דערציילונג:

— איר קלערט אוודאי, אַז מיר זענען נאָך קליינע קינדער, אָבער מיר זענען שוין פּאַרטיזאַנער. מיר פּאַרטיזאַנעווען לעם אונדזער קוילנגרוב אנדיו. ווען עס זענען געקומען די אַמעריקאַנער, האָבן זיי פאַרנומען אונדזערע טאַטעס און עלטערע ברידער, אַלע אַרבעטער פון קוילנגרוב. אין אַ וואָך אַרום האָבן מיר זיך דערוווסט, אַז אַ טייל פון די פאַרנומענע האָבן די אַמעריקאַנער געטייט און די רעשט אַוועקגעפירט. דעמלט האָבן מיר זיך פאַרזאַמלט אין וואַלד און באַשלאָסן נקמה צו נעמען אין די אַמעריקאַנער מערדער.

מיר האָבן אָבער נישט געהאַט קיין געווער, אפילו נישט געקאָנט באַקומען קיין גראַנאַטן. וואָס אַן אמת, האָב איך געהאַט אַ פּיסטאָלעט, וואָס מיין ברודער האָט באַהאַלטן אין רייז־שטרוי, נאָר ער האָט אינגאַנצן פאַרמאָגט צוויי קוילן. מיר האָבן באַשלאָסן צו דערהרגענען דעם פּאָליציי־קאָמענדאַנט, וואָס האָט דערשאָסן מיין טאַטן. עס איז אָבער געווען אוממעגלעך זיך אַהין אַריינצובאַקומען. אין דער קאָמענדאַטור האָבן זיך געפונען אפשר הונדערט פּאָליציאַנטן, איז וואָס קאָן מען דאָ אויפטאָן מיט צוויי קוילן?...

מיר האָבן געטראַכט, געטראַכט און זיך גאָרנישט נישט געקאָנט דערטראַכטן. פּלוצעם קומט איינמאָל ביינאַכט מיין ברודער — אַ מיטגליד פון דער אַרבעטס־פּאַרטיי — און ווען ער האָט זיך דערוווסט, אַז מיר האָבן אָרגאַניזירט אַ פּאַרטיזאַנער־אָפּטיילונג און זיך געשווירן נקמה נעמען אין שונא, האָט ער אונדז געלויבט און געזאָגט, וואָס מיר האָבן צו טאָן אין דער נאָענטסטער צייט. ער האָט אונדז געבראַכט גראַנאַטן און אָנגעזאָגט, אַז מיר זאָלן זיי באַנוצן בלויז אין אַ נויט־פאַל, ווען קיין אַנדער אויסוועג וועט נישט זיין.

מיר האָבן אָנגעהויבן אונדזער אַרבעט פון די טעלעפאָן־דראָטן — יעדע נאַכט האָבן מיר זיי איבערגעשניטן. די יענקיס [2] זענען געקראָכן פון דער הויט!... זיי שרייען אין טעלעפאָן־טרייבל: „כעלאָו, כעלאָו!“ — און דער טעלעפאָן שווייגט... איבער די דערפער זענען אַרומגעגאַנגען פּאַטרולן, האָבן געזוכט די פּאַרטיזאַנער. מיר מאַכן אַן אָנשטעל, אַז מיר ווילן זיי העלפן. די אַמעריקאַנער פרעגן אונדז:

— יינגלעך, צי האָט איר נישט געזען די מענטשן, וואָס שניידן ביינאַכט איבער די טעלעפאָן־דראָטן?

— ניין, — ענטפערן מיר — דערווייל נישט באַמערקט, נאָר מיר וועלן זיך איצט שוין גוט צוקוקן...

---

[2] יענקיס — אַ צונאָמען פון די אַמעריקאַנער.

נישט ווייט פון אונדזער קוילנגרוב איז געווען אַן אַמעריקאַנער אַעראָ־דראָם. אַעראָפּלאַנען זענען דאָרט געווען ווייניק, אײנגאַנצן עטלעכע שטיק, און אַלע עפּעס אַזעלכע אַלטע. אַרויספליען פלעגן זיי בלויז ביינאַכט און זיך צוריק אומקערן אויך ביינאַכט. אונדז האָבן די פּליטים פון אַנדערע דערפער דערציילט, אַז אַזעלכע אַעראָפּלאַנען באַשיסן דערפער און וועגן, הרגענען מאַמעס, קינדער. האָבן מיר באַשלאָסן צו פאַרניכטן כאָטש איין אַעראָפּלאַן.

די אַעראָפּלאַנען פלעגן אַרומפליען נישט מער ווי אַ פיר־פינף שעה. אויף מער האָט זיי קיין בענזין נישט געקלעקט. דער ערשטער אַעראָפּלאַן פלעגט זיך געוויינלעך אויפהייבן אין דער הייך אַרום אַכט־ניין אַזייגער אינאָוונט און זיך אומקערן אַרום איינס־צוויי ביינאַכט. שפּעטער פלעגט זיך אויפהייבן אַ צווייטער און פליען ביז פאַרטאָג. אפילו אין די פינצטערסטע נעכט פלעגן די אַעראָפּלאַנען אַרויספליען.

איינמאָל האָבן מיר זיך אַריינבאַקומען אין סאַמע מיטן פון אַעראָדראָם, ווו ס'האָט זיך געפונען אַ גרויסער עלעקטרישער לאַמטערן. ער האָט געלויכטן ווי אַ פּראָזשעקטאָר, און דער פליער האָט אים געזען פון דער ווייט. מיר האָבן באַשלאָסן פאַרלעשן דעם לאַמטערן, ער זאָל נישט ווייזן דעם פליער ווו עס געפינט זיך דער אַעראָדראָם. מיר האָבן באַצייטנס אויסגעגראָבן אַ גרוב, אויסגעקליבן אַ זייער פינצטערע נאַכט, נאָך אַמאָל קאָנטראָלירט, ווו עס שטייען די וואַך־זעלנער, זיך באַזאָרגט מיט מעסערס אויף איבערצושניידן די דראָטן און זיך אומבאַמערקט אַריינגעגנבעט אויפן אַעראָדראָם. מיר האָבן זיך באַהאַלטן אַ הונדערט מעטער ווייט פון לאַמטערן, אַזוי, אַז מיר זאָלן זיך געפינען הינטער אים. מיר, הייסט עס, האָבן אַלץ געזען און אונדז — קיינער.

עמעץ פון די וואַך־זעלנער איז צוגעקומען צום לאַמטערן, עפּעס דאָרט אַ דריי געטאָן און אַוועק אין צווייטן עק אַעראָדראָם. איך גיב אַ קוק אויף דעם זייגער, וועלכער איז מיר פאַרבליבן נאָכן טאַטן, ס'איז נאָך איינס. קים שעפּ־טשעט: „עס הודזשעט דער אַעראָפּלאַן!" איך גיב אַ צייכן. מיר זענען אַלע צוגעשפּרונגען צום לאַמטערן, איבערגעשניטן די דראָטן און גיך אַוועקגע־שלעפּט. אויפן אַעראָדראָם איז פינצטער געוואָרן, ווי אין אַ גרוב. מיר האָבן איינער דעם צווייטן נישט געזען. און דער אַעראָפּלאַן הודזשעט שוין איבער אונדזערע קעפּ. מיר שלעפּן דעם לאַמטערן, ער איז שווער און זיינע פיסלעך שטעלן אַ ווידערשטאַנד. מיר שוויצן, ספּאָטיקען זיך, פאַלן. מיר זעען ווי איבערן אַעראָדראָם לויפן אַרום מענטשן מיט עלעקטרישע לעמפּלעך אין די הענט. דער אַעראָפּלאַן וואַרפט אַ ראַקעטע נאָך אַ ראַקעטע, ווי ער זאָל שרייען: „צינד אָן דעם לאַמטערן"! און דער לאַמטערן איז ביי אונדז. מיר האָבן זיך מיט מאַטערניש דערקליבן צום טאָל, אַריינגעוואָרפן דעם לאַמטערן אין גרוב, צעבראָכן דעם לאָמפּ, אים פאַרשאָטן מיט ערד און היידא`שנעל אַהיים. פאַרשטייט זיך, אַז קיינער פון אונדז איז די נאַכט נישט געשלאָפן. מיר האָבן אַלץ געהערט ווי דער אַעראָפּלאַן קרייזט אַרום, הודזשעט און קאָן

נישט אַראָפּשטייגן, לאַנדן, שפּעטער איז שטיל געוואָרן: ער איז ערגעץ אוועקגעפלויגן.

אויפצומאָרגנס האָט אונדז אַ מענטש פון שכנותדיקן דאָרף דערציילט:

— אַן אַעראָפּלאַן איז די נאַכט אַרומגעפלויגן, אַרומגעפלויגן און זיך שפּעטער אַריינגעשניטן אין אַ בערגל און פאַרברענט געוואָרן צוזאַמען מיט די פליער.

ביינאַכט האָבן מיר זיך פאַרזאַמלט אין וואַלד אויף דעם אָפּגערעדטן אָרט און אַלץ דערציילט די פּאַרטיזאַנער. זיי האָבן אונדז אַרומגענומען און געקושט.

לי-בען סאַם איז שטיל געוואָרן. ער האָט אַ קוק געטאָן אויף זיינע חברים. זיי זענען געשטאַנען ערנסטע, אויפמערקזאַמע און זיך איינגעהערט אין דער דערציילונג פון זייער פּיאָנערן-עלטסטן. ביים געזעגענען זיך האָט לי-בען סאַם זיך אָפּגערופן:

— מיר בעטן אייך דערציילן די העלדישע קינדער פון אייער לאַנד וויאַזוי מיר, די קאָרעישע קינדער, העלפן אונדזערע טאַטעס און ברידער, וואָס קעמפן אויפן פראָנט, וויאַזוי מיר העלפן אונדזער פאָלק צו פאַרטרייבן דעם פאַרהאַסטן שונא פון אונדזער היימלאַנד.





י. ל. פרץ

## האָפן און גלויב

נישט ווייט איז שוין דער פרילינג,
עס וועלן שמעטערלינגען שפּרינגען.
נייע נעסטן — נייע פייגל
וועלן נייע לידער זינגען.

די נאַכט איז שוין פאַרשוווּנדן
און די וואָלקנס שוין צערונען;
בלוי וועט זיין דער הימל,
נייע שטערן, נייע זונען.

נייע רויזן, נייע בלומען
וועלן בליִען, וואַקסן הויך,
עס וועט שיינען, שמעקן, זינגען
און אין אונדזער ווינקל אויך.

לייב ניידוס

## די ערד דערוואַכט

ס'ווערט דער הימל בלויער, העכער,
בושלעס שטייען שוין אויף דעכער,
שוואַלבן רוישן שוין אין לופט;

ס'ווילט זיך שרייען, וועמען רופן,
און דאָס האַרץ איז בגילופין [1]
פון דעם שיכּורדיקן דופט...

נעכטן שניי, און איצטער — ווי־זשע?
ס'בליצט אין זון אַ ברייטע לוזשע,
שטראַלן ברעקלען זיך אין איר;
שקאָצים פּלישקען זיך און שפּרינגען,
שפּריצן וואַסער, לאַכן, זינגען,
לאָזן שלאַנגען פון פּאַפּיר...

ראָרשטיק, גיך, ווי בחיפּזון,[2]
שפּראָצן בלימלעך אויף אין גראָזן
אומעטום, אין סאָד און פעלד;
אָט־אָ — צען, און אָט — שוין הונדערט,
און זיי גלאָצן־אָן פאַרוווּנדערט
גאָטס צעשפּרייטע ווייסע וועלט.

ערשט נאָך נאַקעטע געשטאַנען,
שוין באַבלעטערט די קאַשטאַנען
און די אָלכע, און דער גראַב;
נעם אין האַנט אַ בלאַנקן מעסער,
קלייב דיר אויס אַ צווייג, וואָס בעסער;
און שנייד אויס אַ וואַנדער־שטאַב [3]...

גוט צו זיין איז אונטערוועגנס
אין די ערשטע וואַר'מע רעגנס
און זיך צוהאָרכן פאַרקלערט,
ווי די טראָפּנדלעך די לויע,
פול מיט דאָרשטיקע הנאה,
טרינקט די אויפגעוואַכטע ערד...



[1] בגילופין (בעגילופן) — שיכּור (שיקער), פריילעך.
[2] בחיפּזון (בעכיפּאָזן) איילנדיק זיך, שנעל.
[3] שטאַב — שטעקן, וואַנדער־שטעקן.

פּעטראָס צווירקאָ

# דער סאָלאָוויי

גלייך נאָך דער שלאַכט איז אין שטעטל אַריינגעקומען אַ נישט גרויסע אָפּטיילונג פון דייטשישע זעלנער. פון ביידע זייטן וועג האָט מען בלויז געזען שוואַרצע פלעקן — רעשטלעך פון אָפּגעברענטע כאַטעס, הוילע סעדער מיט אומעטיק־איינגעבויגענע און צעהאַקטעביימער.

די שטילקייט פון זומער־טאָג האָט איבערגעריסן אַ סאָלאָוויי־געזאַנג. אַ ווייל איז דאָס געזאַנג שטיל געוואָרן און האָט באַלד ווידער זיך צעקלונגען מיט נייער קראַפט.

די זעלנער און דער לייטענאַנט האָבן אָנגעשפּיצט די אויערן און אָנגעהויבן מיט פאַרדאַכט באַקוקן די אַרומיקע קוסטעס, די איבערן וועג אַראָפּהענגענדיקע בעריאָזע־צווייגן — און פּלוצעם האָבן זיי, גאָר נאָענט פון זיך, באַמערקט אַ יינגל, וואָס איז זיך רואיק געזעסן אַראָפּגעלאָזט די פיס ביים ברעג פון קאַנאַל.

ער איז געזעסן אָן אַ היטל, אין אַ גרינער מאַרינאַרקע, און עפּעס געשניצט, צודריקנדיק צו דער ברוסט אַ שטיקל האָלץ.

— העי, דו! — האָט אַ רוף געטאָן דער לייטענאַנט צום יינגל.

דאָס יינגל, פון אַ יאָר דרייצן, האָט אויף גיך אַריינגערוקט דאָס מעסער אין קעשענע, אָפּגעטרייסלט די סטרוזשקעס פון מאַרינאַרקע און איז צוגעגאַנגען צום דייטשן אָפיציר.

— אנו, ווייז נאָר וואָס דו האַלטסט דאָרט! — האָט געזאָגט דער דייטש.

דאָס יינגל האָט אַרויסגענומען פון מויל אַ קליינעם, פאַרסליניעטן קעגנשטאַנד און אים דערלאַנגט דעם דייטש, קוקנדיק אויף אים מיט פריילעכע, בלויע אויגן.

דאָס איז געווען אַ פייפל פון בעריאָזע־האָלץ.

— קונציק געמאַכט, בחורל, קונציק! — האָט אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ דער לייטענאַנט. אויף זיין שטרענג, בייז פּנים האָט זיך באַוויזן אַ שמייכל.

— איך האָב עס זיך אַליין אויסגעלערנט. איך קאָן אויך שרייען ווי אַ קוקאַווקע.

און דאָס יינגל האָט אָנגעהויבן שרייען, ווי אַ קוקאַווקע. שפּעטער האָט ער ווידער אַריינגענומען דאָס פייפל און אַ פייף געטאָן.

— דו ביסט אַליין אין דאָרף? — האָט ווייטער געפרעגט דער דייטש, אויפהייבנדיק דעם בינאָקל [1] צו די אויגן.

— וואָס הייסט אַליין? — דאָ זענען פאַראַן וואָראָבייטשיקעס, קראָען, פעלד־הינער... נאָר אַ סאָלאָוויי — בין איך איינער אַליין.

— דו, שלעפּער, האָט אים איבערגעריסן דער אָפיציר — איך פרעג דיר, צי זענען דאָ פאַראַן מענטשן?

— מענטשן זענען שוין דאָ פון אָנהייב מלחמה נישטאָ... אַז ס'האָט זיך אָנגעהויבן די שיסערייַ, און ס'דאָרף האָט אָנגעהויבן ברענען, האָבן אַלע גענומען שרייַען: „חיות גייען, חיות גייען!" — און זענען אַנטלאָפן.

— דעם וועג אויף סוראַמאָנטאַס ווייסטו? אַזוי הייסט, דאַכט זיך, אָט דאָס אָרט?

— וואָס הייסט איך ווייס נישט? — האָט מיט זיכערקייט געענטפערט דאָס יינגל. — איך פלעג גיין מיט דעם פעטער צום מיל־סטאַוו פיש כאַפּן. אָ, סאַראַ העכט ס'זענען דאָרט — געגנדזלעך שלינגען זיי!...

— גוט, גוט, פיר! וועסט ריכטיק פירן, וועל איך דיר שענקען אָט־דאָס־אָ. — און דער לייטענאַנט האָט אים געוויזן אַ צינד־מאַשינקע. — וועסטו אונדז פאַרפירן, דאַן וועל איך דיר דעם קאָפּ אַראָפּדרייען מיטן פייפל צוזאַמען, פאַרשטאַנען?

* * *

די אָפּטיילונג האָט זיך געלאָזט אין וועג. פאָרויס איז געפאָרן די פעלד־קיך, און נאָך איר האָט ביי דער זייט פון לייטענאַנט געשפּאַנט דאָס יינגל. אָט האָט ער זיך צעגאָסן אין טרעלן ווי אַ סאָלאָוויי, אָט האָט ער געשריגן ווי אַ קוקאַווקע, געפּאָכעט מיט די הענט, פאַרטשעפּעט צווייגלעך ביים וועג, זיך אָנגעבויגן נאָך שישקעס און זיי געשליידערט מיט די פיס. צוזעענדיק זיין אויפפירונג, האָט זיך געקאָנט דוכטן, אַז ער ווייזט נישט אַרויס קיין שום אינטערעס צום אַרום.

דער וואַלד איז געוואָרן אַלץ געדיכטער, דער געשלענגלטער שטעג האָט זיך געצויגן צווישן יונגע אָבער געדיכטע בעריאָזקעס, פאַרוואָקסענע זומפּן, וואָס האָבן געפירט אַרויף צו באַוואָקסענע היגלען, באַדעקטע מיט פעטטע יאַדלע־ביימער.

— און וואָס דערציילט מען ביי אייך וועגן פאַרטיזאַנער? זיי זענען דאָ פאַראַן? — האָט געפרעגט דער לייטענאַנט.

---

[1] בינאָקל — אַ שפּאַקטיוו, דורך וועלכן מע קוקט אין דער וויַט. פאַרגרעסער־גלעזער.

— דאָס זענען שוואַמען?... ניין, נישט פאַראַן ביי אונדז אַזעלכע, ביי אונדז זענען בלויז פאַראַן באַראַוויקעס, ליסיטשקעס, מאַסליאַקעס — האָט געענטפערט דאָס ייִנגל.

דער אָפיציר האָט פאַרשטאַנען, אַז ער וועט זיך ביי אים גאָרנישט דער־וויסן, און זיי זענען ווייטער געגאַנגען שווייגנדיק.

* * *

טיף אין וואַלד האָבן עטלעכע פאַרטיזאַנער צונויפגעשטעלט ביי אַ בוים זייערע ביקסן און זיך אויסגעצויגן אויף דער ערד. דורך די צווייגן צווישן די יונגע יאָדלעס האָט מען געקאָנט זען דעם געשלענגלטן וועג. פון צייט צו צייט האָבן זיי זיך אַדורכגעשמועסט מיט קורצע ווערטער, און, פאַנאַנדערוקנדיק די צווייגן, אויפמערקזאַם געקוקט אין דער ווייט אַריין.

— איר הערט? — האָט זיך פלוצעם אָפּגערופן איינער פון די ליגנ־דיקע און, אויפהייבנדיק זיך אין דער העלפט, אויסגעדרייט דעם קאָפּ אין דער זייט, פון וואַנען עס האָט זיך דורכן אומדייטלעכן וואַלד־גערויש קוים געהערט הער פויגל־געזאַנג.

— דער סאָלאָוויי!

— אפשר האָט זיך דיר געדוכט? — האָט געפרעגט אַ צווייטער, וואָס האָט אָנגעשפיצט די אויערן און גאָרנישט געהערט. דאָך האָבן זיי אַרויס־געשלעפּט פיר גראַנאַטן און זיי אַוועקגעלייגט נעבן זיך.

— און איצט הערסטו שוין?

אַלע דייטלעכער האָט זיך דערטראָגן צו זייערע אויערן דאָס געזאַנג פון סאָלאָוויי. דער, וואָס האָט דער ערשטער דערהערט די טרעלן פון סאָ־לאָוויי, איז פאַרגליווערט געוואָרן, ווי אַ טויטער, און האָט פּאַמעלעך גע־ציילט „איינס, צוויי, דריי, פיר...“ באַגלייטנדיק יעטוועדע פויזע אין געזאַנג מיט אַ מאַך פון דער האַנט.

— צוויי און דרייסיק דייטשן... — האָט אָפּגעציילט דער מענטש, איינהערנדיק זיך אין דעם פויגל־געזאַנג, וואָס האָט גערעדט אויף אַ שפּראַך, וועלכע איז בלויז באַקאַנט געווען די פאַרטיזאַנער. — צוויי קוילנוואַרפער, — האָט ער צוגעגעבן, דערהערנדיק נאָך דעם סאָלאָוויי־געזאַנג דאָס שרייען פון אַ קוקאַווקע.

— מע דאַרף זיין גרייט, — האָט אַ זאָג געטאָן אַן עלטערער מאַן מיט אַ באָרד, אַן אַרומגעגאַרטלטער מיט אַ פּאַטראָנען־לענטע, און גענומען אין האַנט אַ ביקס.

— איילט זיך צו. — האָט זיך אָפּגערופן דער, וואָס האָט דער ערש־טער דערהערט דאָס פייגל־געזאַנג. — איך מיטן פעטער סטעפּאַן וועלן זיי אַדורכלאָזן פאָרויס, און ווען איר וועט אָנהייבן, וועלן מיר זיי באַשיטן מיט



פייער פון הינטן. אויב עס וועט מיט אונדז עפּעס שלעכטס געשען, פאַרגעסט נישט אין אונדזער סאָלאָוויי...

אין עטלעכע מינוט אַרום האָט זיך נעבן יונגן יאָדלע־וועלדל באַוויזן אַ דייטשישע מיליטערישע אָפּטיילונג. דער סאָלאָוויי האָט נאָך אַלץ געזונגען מיט דעם זעלבן ברען, נאָר אין זיין ליד איז שוין נישט געווען קיין שום נייעס פאַר די מענטשן, וואָס האָבן אים געהערט אין דער וואַלד־שטילקייט.

* * *

די דייטשן זענען אַרויס צום וואַלד־פּליין. פּלוצעם האָט, ווי אַן עכאָ אויפן פייף פון יינגל, זיך דערהערט אַ פייף פון דער וואַלד־געדיכטעניש. דער לייטענאַנט האָט אפילו נישט באַוויזן זיך צו כאַפּן פאַרן רעוואָלווער. ער האָט אַ צעלעכערטער פון פּאַרטיזאַנער־קוילן זיך אַראָפּגעקוילערט אין וועגשטויב. איינער נאָכן אַנדערן זענען געפאַלן די דייטשן, אין וועלכע עס האָבן געצילט די פּאַרטיזאַנישע אויטאָמאַטן. קרעכצערייען, באַפעלן און געשרייען האָבן פאַרהילכט דעם וואַלד.

אויף צומאָרגנס איז ביים ראַנד פון פאַרברענטן דאָרף, דאָרט, ווו עס האָבן זיך געקרייצט די וועגן, אויף דעם זעלביקן אָרט ביים ראַנד פון קאַ־

נאַל, געזעסן אַ יינגל פון אַ יאָר דרייצן און האָט עפּעס געשניצט, וואָרפנדיק פון צייט צו צייט אַ בליק אויף די וועגן, וואָס פירן אין דאָרף, ווי ער זאָל עמעצן אָפּוואַרטן.

פון זיינע ליפּן איז אַראָפּגעפלאָסן אַ שיין, האַרציק ליד, און ס'איז שווער געווען אפילו דעם שאַרפסטן אויער צו אונטערשיידן עס פון אַן אמת־דיק סאָלאָוויי־געזאַנג.

## פראַגעס:

1. וועלכע צייט ווערט אין דער דערציילונג דערמאָנט?
2. פאַרוואָס האָט מען דאָס יינגעלע גערופן סאָלאָוויי?
3. פאַרוואָס פלעגט ער זיצן ביים קאַנאַל? וועמען פלעגט ער אָפּ־וואַרטן?
4. פאַרוואָס זענען די היטלערישע זעלנער אַזוי פאַרהאַסט געווען ביי קליין און גרויס?
5. צו וואָס האָט דעם יינגעלע געדינט דאָס געזאַנג פון סאָלאָוויי און דאָס שרייען ווי אַ קוקאַווקע.

פּרץ מאַרקיש

# פרילינג

עפנט טירן, קומט אין דרויסן,
רייסט די פענצטער, ברעכט זיי אוים,
נעמט אַריין דעם גאַסט דעם גרויסן, —
קומט אַנטקעגן אים אַרויס!

ס'איז היינט יום־טוב אין די גערטנער,
אויף די גאַסן, אומעטום,
ס'איז היינט ליכטיק, זעט נאָר, הערט נאָר,
ווי עס טאַנצן ווינטן אום.

הערט נאָר ווי די צווייגן טרישטשען,
און דער טייך, ווי שרייט און ברומט;
הערט נאָר פייפן, הערט נאָר סווישטשען —
קומט אין דרויסן, גיכער קומט!

אברהם רייזען

# פרילינג

דער שניי איז צעגאַנגען,
דערוואַכט האָט די וועלט;
די זון שיט מיט שטראַלן,
און שמייכלט און קוועלט.

און מתנותווייז קומען
די פייגל צוריק
— מיט פריילעכע לידער
טשיריק און טשיריק!

עס קומען די פייגל,
עס ציט זיי אהיים:
צום נעסט צו דעם אַלטן,
געפלאָכטן ביים בוים.

# די סאַמע בכבודיקסטע געסט

## אַ כינעזיש מעשהלע

דער קייסער פון כינע איז געווען אַ בייזער מאַן. איינמאָל האָט ער גע־לאָזט וויסן די איינוווינער פון דער הויפּט־שטאָט, אַז קיינער טאָר נישט אַרויס פון שטוב נאָך צוועלף אַזייגער ביינאַכט. ווער ס׳וועט נישט פאָלגן, — איז געווען געמאָלדן אין באַפעל — וועט גלייך אויפן אָרט געטייט ווערן.

באַוואָפנטע זעלנער זענען אַרויסגעשיקט געוואָרן אין אַלע פיר עקן פון שטאָט, בכדי צו זען, ווער עס וועט וואַגן צו ברעכן דעם קייסערלעכן באַפעל.

איינמאָל ביינאַכט האָט די קייסערלעכע וואַך אָנגעטראָפן דריי מענטשן געמיטלעך שפּאַצירן איבער די שטילע, פּוסטע גאַסן, לאַנג נאָך דער דער־לויבטער שעה.

— שטייט! — האָט אויסגערופן דער עלטסטער פון די זעלנער, פאָ־כענדיק מיט זיין בלאַנקענדיקער שווערד.

די דריי מענטשן האָבן זיך אָפּגעשטעלט.

— ווער ביסטו, אומגליקלעכער? — האָט דער אָפיציר הויך אויפן קול געזאָגט צום ערשטן פון די דריי. — וויאַזוי האָסטו געוואַגט נישט צו פאָלגן

דעם קייסערס באַפעל? זיי ווייסן, אַז וועסט דאָ גלייך אויפן אָרט געטייט ווערן!...

דער ערשטער פון די דריי האָט אים קאַלטבלוטיק געענטפערט:

— דו ווילסט וויסן, ווער איך בין? טאָ הער מיט קאָפּ! איך בין דער, פאַר וועמען אַפילו קיניגן און פירשטן בייגן דעם רוקן. איך בין דער, פאַר וועמען זיי זיצן שטיל, האַלטן איין דעם אָטעם און רירן נישט מיט קיין גליד, — סיידן, ווען איך הייס זיי. זייער לעבן געפינט זיך דאַן אין מיינע הענט, איך קאָן מיט זיי דערמלט טאָן, וואָס איך וויל...

„דאָס מוז זיין עפּעס זייער אַ בכבודיקער מאַן — האָט זיך געטראַכט דער אָפיציר. — ווען איך וועל אים טייטן, וועט שפּעטער נאָך מיר אַליין אויסקומען צו באַצאָלן מיטן קאָפּ דערפאַר. איך וועל אים בעסער נעמען און אַוועקפירן אין קייסערס פּאַלאַץ"...

— און ווער ביסטו? — האָט ער שוין איידל זיך געווענדט צו דעם צווייטן שפּאַצירער.

— ווער איך בין? איך בין דער, צו וועמען קיניגן און פּרינצן מוזן אַלעמאָל און אין אַלע צייטן פון יאָר אָנקומען. אָן מיר וואָלטן זיי גאָר קיין אויסזען נישט געהאַט. ווען נישט איך, וואָלטן זיי שטענדיק געבליבן פאַרשפּאַרט אין זייערע פּאַלאַצן און וואָלטן זיך געשעמט אויף דער ליכטיקער וועלט זיך באַווייזן...

„אָ, דאָס מוז אויך זיין אַ גרויסער מאַן, — האָט זיך דער עלטסטער געטראַכט מיט ציטער אין האַרצן — איך וועל אים גאָרנישט טאָן" — האָט ער באַשלאָסן.

— און ווער זענט איר, מיין האַר? — האָט ער שוין ביז גאָר העפלעך זיך געווענדט צום דריטן.

— איך?... איך זיין אַפילו עטוואָס נידעריקער פון קיניגן און פירשטן, אָבער מיין אַמט איז גאָרנישט אַזוי קליין... איך טו זיי, די גרעסטע לייט, נישט איינמאָל גרויסע טובות און פאַרהיט זיי פון צוקילונג און וווּנדן. נישט איין קייסער וואָלט געהונקען, ווען נישט מיין גרויסע און נוצלעכע אַרבעט.

„דאָס מוז אויך זיין אַ הויכער באַאַמטער" — האָט דער אָפיציר געטראַכט, און זיי אַלע מיט גרויס כבוד געפירט צום קייסערלעכן פּאַלאַץ.

און וואָס האָט זיך אַרויסגעוויזן?... זיי האָבן קיין ליגן נישט געזאָגט. דער ערשטער איז געווען אַ שערער, און אונטער זיין גאָל-מעסער זענען די פירשטן און די געקרוינטע קעפּ געזעסן שטיל, ווי פיש... דער צווייטער איז געווען אַ שניידער, און ווען נישט דער שניידער, ווו וואָלט דער קייסער געקומען זיין קיניגלעכן טראַכט!... און דער דריטער, ווי איר שטויסט זיך אָן איז געווען אַ שוסטער. ער זיצט טאַקע אויף אַ נידעריק שטולכל, אָבער טוט אַ זייער בכבודיקע אַרבעט.

# דאָס פּערד און דער אייזל

אַ מענטש האָט געהאַט אַ פּערד מיט אַן אייזל. איינמאָל האָט ער זיך געלאָזן אין וועג אַריין. ער האָט גענומען מיט זיך דאָס פּערד און דאָס אייזל. דאָס פּערד איז אים אַ שאָד געווען: ער האָט עס געלאָזן פריי אָן אַ שום משא. דערפאַר האָט ער אויפן אייזל אַרויפגעלייגט אַלע פּעק, וואָס ער האָט געדאַרפט נעמען מיט זיך.

דער אייזל האָט אַ לענגערע צייט געשלעפּט די שווערע משא. ביסלעכווייז אָבער האָט דער אייזל אָנגעהויבן אָפּשטיין און פילן זיך שלעכט. האָט ער זיך געווענדעט צום פּערד און געזאָגט:

— פריינד! נעם אויף זיך אַ טייל פון מיין לאַסט. פאַר מיר אַליין איז צו שווער אַלץ צו טראָגן. אויב דו וועסט נעמען אַ טייל, וועט מיר ווערן לייכטער. איך וועל באַלד קומען צו זיך און וועל קאָנען גיין דעם גאַנצן וועג. וועסטו אָבער מיר נישט אַרויסהעלפן, וועל איך פאַלן אונטער דער שווערקייט פון דער לאַסט.

דאָס פּערד האָט אָבער גראָב געענטפערט:

— גיי זיך דיר, נאַרישער אייזל, געזונטערהייט. לאָז מיך צורו.

דער אייזל האָט אַראָפּגעלאָזט דעם קאָפּ און שטילערהייט זיך אַוועקגעשלעפּט ווייטער. אָבער די משא איז געווען צו שווער פאַר אים. ער האָט נישט אויסגעהאַלטן און איז געפאַלן אויף דער ערד אַ טויטער.

איצט האָט דער באַלעבאָס פאַרשטאַנען, אַז ער האָט נישט גוט און נישט קלוג באַהאַנדלט דעם אייזל. ער האָט אַראָפּגענומען די גאַנצע משא פון דעם אייזל און אַרויפגעלייגט זי אויפן פּערד. ער האָט אויך אָפּגעשונדן די פעל פון דעם אייזל און אַרויפגעוואָרפן זי אויפן פּערד.

האָט דעם פּערד איצט שוין פאַרדראָסן, וואָס ער האָט פריער נישט אַרויסגעהאָלפן דעם אייזל.

דאָס פּערד האָט געזאָגט:

— ווי איז מיר פאַר מיין שלעכטקייט: דערפאַר, וואָס איך האָב נישט געוואָלט טראָגן מיין טייל דאַרף איך איצט טראָגן די גאַנצע משא און דערצו נאָך די פעל פון דעם אייזל.

## פראַגעס:

1. פאַרוואָס איז דער אייזל געפאַלן טויט?
2. פאַרוואָס באַדויערט איצט דאָס פּערד?
3. ווי רופן מיר אַ מענטשן, וואָס זאָרגט נאָר וועגן זיך, און וויל אַ צווייטן נישט העלפן?

שלום-עליכם

# פורים־שפילערס

## א.

— געקומען די פורים־שפילערס! געקומען די פורים־שפילערס!

דערהערט „פורים־שפילערס“, שפרינגען מיר, קליינוואַרג, אַלע אין איין רגע ארויס פונעם טיש, און מיר שטייען שוין אַלע אַרום דעם קיניג אחשוורוש [1] מיט דער גילדענער קרוין.

— גוט יום־טוב! — שיסן אוים די חברה אַלע מיטאַמאָל גאַנץ פריי־לעך און מע שטעלט זיך אוים אין צוויי רייען. אויף אַ גילדענעם שטול זיצט דער קיניג אחשוורוש, און עס טרעט אַרויס אויף איין פוס ממוכן (חיים שמויסער). ער זינגט אַ לידל.

— — — — — — — — — —

— דו ביסט יוסף הצדיק? [2] — רוף איך מיך אָן צו פייוול דעם יתום, וואָס שטייט ביי דער זייט מיט אַן אויסגעשמירט, פאַריאָמערט [3] פנים.

— יוסף הצדיק — מאַכט צו מיר פייוול.

— דו וועסט אויך שפּילן? — פרעג איך אים.

— אַז מע וועט מיך הייסן שפּילן, וועל איך שפּילן. — מאַכט צו מיר יוסף הצדיק און בייגט זיך אָן צו מיר אויפן אויער. — גיב מיר אַ שטיקל קוילעטש פון אייער פורים־קוילעטש.

— מע וועט דערזען, וועט מען זיך בייזערן: — מאַך איך צו אים שטילערהייט.

— שלעפּ אַוועק אַזוי, אַז קיינער זאָל נישט זען. — זאָגט ער צו מיר, און די אייגעלעך בלישטשען.

— גנבענען? — זאָג איך.

[1] אַחשוורוש (אַכאַשווייר‏עש) — אַ פּערסישער קעניג, פון וועלכן עס ווערט דער־ציילט אין דער מעגילאַס־עסטער; איז געוואָרן איבערגעאַרבעט דורך פּשוטע אָרעמע פאָלקס־מענטשן אין אַ פּורים־שפּיל און פלעגט פאָרגעשטעלט ווערן דורך אָרעמע אַר־בעטס־מענטשן.

[2] יוסף הצדיק (יאָסעף האַצאַדיק) — אַ העלד פון אַ צווייטער פּורים־שפּיל, וואָס דערציילט די מעשה וויאַזוי יעקבס (יאַנקעווס) זין האָבן פאַרקויפט יאָסעפן צו די טערקן.

[3] פאַריאָמערט — אומעטיק, טרויעריק.



— דאָס הייסט דען געגנבעט? — מאַכט ער.

— וואָס דען — זאָג איך — הייסט דאָס? געלקחנט [4] ?

— איך בין טויט־הונגעריק, — זאָגט ער צו מיר שטילערהייט און עסט דעם קוילעטש מיט די אויגן — פון גאַנצפרי אָן נאָך אין מיין מויל נישט געהאַט...

דער גאַנצער עולם אין פאַרטיפט אין דער „שפיל“, גיי איך צו פאַ־וואָלינקע צום טיש, פאַרלייג די האַנט אַרונטער, שלעפ אַוועק אַ שטיק קוילעטש און רוק דאָס אים אַריין אין האַנט אַריין. יוסף הצדיק לאָזט אַראָפּ קונציק דאָס שטיקל קוילעטש אין קעשענע אַריין און טוט מיר אַ קוועטש ביי דער האַנט.

— ביסט אַ וווּיל יינגל. געבן זאָל דיר גאָט אַלדאָס גוטס!

— — — — — — — — — —

ב.

— אפשר ווילט איר, מיר זאָלן אייך אויפשפּילן „מכירת יוסף“ [5] ? — רופט זיך אָן דער קיניג אַחשוורוש און טוט זיך אויס די גילדענע קרוין און טוט זיך אָן אַ פּראָסטע היטל.

---

[4] געלקחנט (געלאַקכנט) — גענומען, געגאַנוועט.

[5] מכירת יוסף (מעכיראַס יאָסעף) — דער נאָמען פון דער פּורים־שפּיל, וואָס דערציילט, ווי די ברידער פאַרקויפן יאָסעפן.

— גענוג, גענוג — מאַכט דער זיידע, און ער גיט דעם קיניג אחשוורוש אין האַנט אַ גילדענע מטבע,[6] און הייסט דעם משרת,[7] ער זאָל נעמען אַ בעזעם און אויסראַמען די בלאָטע, וואָס די פּורים־שפּילערס האָבן אָנגעמאַכט... אין שטוב ווערט אַ רוקעריי מיט די בענקלעך, און בשעת די משפּחה האַלט אין אויסזעצן זיך צוריק אויף די ערטער, כאַפּ איך מיך דערווייל אַרויס אויף אַ מינוט באַגלייטן די „חברה“.

— קום! — מאַכט צו מיר יוסף הצדיק און נעמט מיך אָן ביי דער האַנט. — פּאָלג מיר, קום מיט מיר. איך האָב דיך ליב, ביסט אַ ווויל ייִנגל, ייער אַ ווילער.

— וווהין? — זאָג איך און דאָס האַרץ קלאַפּט מיר.

— צום קיניג אַחשוורוש. — מאַכט ער צו מיר. — מיר שפּילן שוין מער היינט נישט. דאָס גייען מיר צום קיניג אַחשוורוש צו דער סעודה.[8]

יוסף הצדיק נעמט מיך אָן ביי דער האַנט, און מיר שפּאַנען איבער דער בלאָטע.

די נאַכט רוקט זיך אָן נעענטער און נעענטער. די בלאָטע ווערט וואָס ווייטער אַלץ טיפער, עס דאַכט זיך מיר אויס, אַז איך האָב פליגל, עס טראָגט מיך אינדערלופטן. אָט באַלד הייב איך אָן פליען... שוועבן...

— איך האָב מורא — זאָג איך צו יוסף הצדיק און האַלט אים צו ביי דער האַנט.

— וואָס האָסטו מורא, נאַרעלע? — מאַכט ער צו מיר און קייט דאָס שטיקל קוילעטש, וואָס איך האָב אים געגעבן. — דאָרט וועט זיין אַ סעודה, נאַרעלע, דאָרט וועסטו הערן, ווי מיר זינגען לידער... אוי, וואָס פאַרא קוילעטש ביי אייך! טעם גן־עדן![9] צעגייט זיך אין מויל, ווי אַ פּוטער! איך פאַרשטיי נישט, וויאַזוי זעט מען פאַר זיך אַזאַ אַנטיק און מען עסט דאָס נישט!

— אַ טייערע מציאה! — זאָג איך — ביי אונדז עסט מען אינדער־וואָכן אויך קוילעטש.

— אַלעמאָל קוילעטש? — זאָגט יוסף הצדיק און באַלעקט זיך. — און פליישׁ?

---

6 מטבע (מאַטבייע) — מאָנעטע.

7 משרת (משאָרעס) — באַדינער, אָנגעשטעלטער.

8 סעודה (סודע) — פּייערלעכע, יאָנטעוודיקע וועטשערע.

9 טעם גן־עדן (טאַם־גאַניידן) — זייער געשמאַק.

— אַלע טאָג! — זאָג איך.

— אַלע טאָג, — מאַכט ער און טוט אַ שלונג. — און איך עס פלייש נאָר איין מאָל אין וואָך, שבת, אי דאָס — נישט אַלע שבת.

— ווו איז דיין טאַטע? — פרעג איך אים.

— איך האָב נישט קיין טאַטן.

— ווו איז דיין מאַמע?

— איך האָב נישט קיין מאַמע.

— דער זיידע? די באָבע?

— איך האָב נישט קיין זיידן, איך האָב נישט קיין באָבע.

— אַ פעטער? אַ מומע?

— איך האָב נישט קיין פעטער, איך האָב נישט קיין מומע.

— אַ ברודער? אַ שוועסטער?

— איך האָב נישט קיין ברודער, איך האָב נישט קיין שוועסטער, איך האָב קיינעם נישט, קיינעם נישט, איך בין אַ יתום, בין איך.

איך כאַפּ אַ קוק אויף זיין פּנים און אויף דער לבנה, און עס דאַכט זיך מיר, אַז ער און די לבנה האָבן איין קאָליר... איך רוק מיך צו צו אים נאָך נעענטער, און מיר לויפן נאָך דער „חברה“ מיט אונדזערע קליינע פיסלעך גאַנץ געשמיידיק.

ג.

— אָט דאָ זיצט דער קיניג אחשוורוש. — מאַכט צו מיר יוסף הצדיק, און מיר לאָזן זיך אַראָפּ אַלע אין אַ קליין פינצטער שטיבל, מיט ערד גע-דעקט.

— פריידע-עטל, אַרויס פון בעטל! — רופט זיך אָן דער קיניג אחשוורוש צו זיין ווייב, אַ קראַנקע יידענע. „חברה“ האָבן זיך אָנגעזונ-גען אַ גאַנצן טאָג מיט לידער און זענען שוין אַזוי געוווינט געוואָרן מיטן גראַם, אַז אָן גראַם אַז זיי שוין שווער צו רעדן...

— די שיינע פיש זאָלט איר געבן צום טיש! — זאָגט ממוכן. — קוילעטש האָבן מיר אַליין, אויף צו קנאַקן מיט די ציין... מאָנדריש, בינד אויף דעם זאַק, אָט גיב איך דיר אַ קנאַק!

— איידער באַקומען אַ קנאַק אין באַק, איז גלייכער אויפבינדן דעם זאַק, — זאָגט מאָנדריש מיט אַ דרייגאָרנדיקן גראַם און וויל אויפבינדן דאָס זעקל.

— איר האָט זיך גענומען צום עסן, און דאָס געלט האָט איר פאַר-געסן! — זאָגט ווּשתי.

— נישט מער זאָלן די נגידים [10] פאַרמאָגן אויף זייערע לייבער, וויפל מיר וועלן ברענגען אַהיים אונדזערע ווייבער! — זאָגט ממוכן.

— — — — — — — — — —

ד.

פּלוצעם עפנט זיך די טיר, און איך דערזע דעם טאַטן מיטן רבין רב איציע, און עס ווערט מיר פינצטער אין די אויגן. וואָס דער טאַטע האָט געקלערט, ווען ער האָט מיך דערזען, ווייס איך נישט. איך האָב נאָר געזען, אַז ער איז געבליבן שטיין צוגעקאָוועט צום אָרט, געקוקט אויף מיר, אויף דער „חברה" און אויפן רבין; דער רבי האָט געקוקט אויף מיר, אויף דער „חברה" און אויפן טאַטן; איך האָב געקוקט אויפן טאַטן, אויף דער „חברה" און אויפן רבין... און „חברה" האָט געקוקט אויפן טאַטן, אויפן רבין און אויף מיר... קיינער פון אונדז האָט נישט געקאָנט אויסרעדן אַ וואָרט. איז אַרויסגעטרעטן ממוכן און האָט זיך אָנגערופן מיט אַ גראַם, ווי זיין שטייגער איז:

— וואָס שטייט איר אין איינע יסורים [11]? ס'איז דאָך היינט עפּעס פּורים! לאָמיר מאַכן אַ כוסה [12], און דווקא אַ גרויסע, פאַרביסן מיט פלאָדן, סע האָט זיך געענינען אייער שאָדן!...

און ממוכן טראָגט אונטער דעם טאַטן אַ גלעזל בראָנפן מיט פאַרביסן. דער טאַטע שטופּט אים אָפּ פון זיך אָן ווערטער. ממוכן פאַלט ביי זיך נישט אַראָפּ און רעדט ווייטער:

— הנגיד רעב אשר בערעב מאיר! איך געפעל אייך נישט אין שליי־ער? וועל איך טרינקען אַליין, ונאמר אָמן [13]!...

און ממוכן קערט איבער דאָס גלעזל בראָנפן און זינגט אַ לידל:

וואָס מער קבצן
מער הוליאַקע,
וואָס מער נגיד
מער סאָבאַקע!

וואָס מער אביון [14]
מער ספּיוואַקע,
וואָס מער עושר
מער סוויניאַקע!...

[9] נגיד (נאָגיד) — רייכער; נגידים (נעגידים) — רייכע.
[11] יסורים (יעסורעם) — פּיין, צאָרעס, חייטיקן.
[12] אַ כוסה (קויסע) — געמיינט: אַ קעלישעק בראָנפן.
[13] ונאמר אָמן (ווענוימאַר אָמיין) — געמיינט: און אַ סוף (סאָף) אָן עק.
[14] קבצן (קאַבצען) , אביון (עוויען) — אָרעמאַן.

— וואָס שווייגט איר, רעב אָשערל? — רופט זיך אָן דער רבי איציע און טוט אַ רעכטן שמעק טאַבאַק און אַ קנאַק מיט צוויי פינגער אינדער־לופטן.

— איר זעט דען נישט, אַז ס'איז שיכורים? — זאָגט דער טאַטע אויסער זיך פון כעס און נעמט מיך אָן ביי דער האַנט אַזוי שטאַרק, אַז עס טוט מיר וויי, און מיר גייען אַרויס אַלע דריי פונעם קיניג אַחשוורוש אָן אַ זיי־געזונט. אין דרויסן שטעלט זיך דער טאַטע אָפּ, טוט אַ קוק אויף מיר און שענקט מיר צוויי רעכטע פּעטש.

— דאָס — זאָגט ער — איז ערשט אַן אויפגאַב. דיין פּסק[15] וועסטו ערשט האָבן אינדערהיים פונעם רבין... הערט זשע צו, רעב איציע! איך גיב אייך אים איבער אויף אייערע הענט! איר זאָלט אים קאַטעווען וויפל עס וועט אין אים אַריין! בלוט זאָל גיין! אַזאַ בחורל פון קנאַפּע ניין יאָר! ער זאָל געדענקען, וויאַזוי נאָכצולויפן פורים־שפּילערס, קאָמעדיאַנטשי־קעס, שלעפּערס!... פאַרשטערן דעם יום־טוב!...

איך לאָז נישט קיין טרער, נאָר איך פיל, אַז עס פלאַמט מיר אַ באַק, און דאָס האַרץ איז מיר שווער, ווי אַ שטיין. איך קלער נישט פון דעם פּסק, וואָס איך וועל האָבן אינדערהיים פון רבין. מיין קאָפּ איז מיר גאָר ערגעץ אַנדערש, דאָרטן, ביים קיניג אַחשוורוש, ביי יוסף הצדיק...

## פראַגעס:

1. פאַרוואָס האָט דער טאַטע באַשטראָפט דאָס יינגעלע?
2. ווער זענען געווען די פורים־שפּילערס? און ווער דעם יינגעלעס טאַטע?
3. וואָס זאָגט דער טאַטע וועגן די פורים־שפּילערס? און וואָס זאָגט ממוכן וועגן די רייכע? (לייען איבער דאָס לידל).
4. פאַרוואָס געפעלט דעם יינגעלע די „חברה“?
5. וואָס זאָגט וועגן יינגעלע יוסף הצדיק? (געפין דאָס אָרט).
6. ווער פאַרנעמט זיך היינט מיט יתומים? ווו געפינען זיי זיך און וואָס טוען זיי?

---

[15] פּסק (פּסאַק) — שטראָף, באַשטראָפט ווערן.

משה קולבאַק

# דער פעטער איצע...

ס'האָט זיך פעטער איצע
אויסגעלערנט שניידעריי,
מאַכט ער אַלטע סערמיעגעס
פונקט ווי שפּאָגל-ניי,
מאַכט ער אַלטע סערמיעגעס
פונקט ווי שפּאָגל-ניי.

קומט ער אין אַ דערפל אָן
מיט דער נאָדל-פאָדעם,
הענגט ער אויס אַ וויוועסקע:[1]
„דאָ פאַרריכט מען בגדים".

זיצט דער פעטער אויפן טיש
טערקיש, טאַמעוואַטע,
טרענט און ניצעוועט און לייגט
אַ לאַטע אויף אַ לאַטע.
טרענט און ניצעוועט און לייגט
אַ לאַטע אויף אַ לאַטע.

אויסגעלאַטעוועט איין דאָרף,
גייט ער אין אַ צווייטן,
ביז ער לאָזט אַרויס פון האַנט
דעם געגנט אַ באַנייטן...
ביז ער לאָזט אַרויס פון האַנט
דעם געגנט אַ באַנייטן...

ס'האָט זיך פעטער איצע
אויסגעלערנט שניידעריי,
מאַכט ער אַלטע סערמיעגעס,
פונקט ווי שפּאָגל-ניי,
מאַכט ער אַלטע סערמיעגעס,
פונקט ווי שפּאָגל-ניי.

---

[1] וויוועסקע — שילד.



י. ל. פרץ

# אין ערגעץ־לאַנד

א.

הינטער דער שטאָט, אויף אַ בערגל אַ ליימיקן, שטייען, גלייך ווי צונויפגעוואַקסענע, צוויי קליינע הייזלעך. אין איין הייזל האָט געוווינט אַ האָלצהעקער, וואָס פלעגט אַ גאַנצן זומער־טאָג — און די מעשה איז געווען זומער — שפּאַלטן האָלץ אין די הייפן, מיט אַ ווייב אַ לעקעך־בעקערין, וואָס פלעגט אַרומגיין אין די רייכע הייזער און באַקן לעקעך.

דאָס צווייטע פּאָרפאָלק איז אויך געווען פּאַרנומען אין שטאָט: ער איז געווען אַ טרעגער, וואָס איז געשטאַנען אַ גאַנצן טאָג אין מאַרק, און האָט אָפּגעוואַרט, מע זאָל אים צורופן פון אַ געוועלב און הייסן ערגעץ אָפּטראָגן סחורה, און זי — זי איז, נישט פאַר אייך, קינדערלעך, געדאַכט, אַ קראַנקע געווען און דעמלט געלעגן אין שפּיטאָל...

איינמאָל אינדערפרי, אַ שיינער זומער־טאָג געווען, די עלטערע פון די הייזלעך זענען שוין לאַנג אין שטאָט, קומט אַרויס פון איין הייזל איציקל, קוקט זיך אום אין אַלע זייטן, צי איז שוין שיינדעלע נישט אַרויסגעקומען,

און זעענדיק אַז נישט, גייט ער צו איר פענצטערל צו און קוקט אַריין: זעט ער, אַז שיינדעלע שטייט ביי אַ שיסל וואַסער, זי דאַרף זיך וואַשן, האָט שוין אייַנגעבויגן דאָס קעפּל און האַלט זיך אָפּ, מן־הסתם קיל וואַסער געווען.

פּויקט ער, איציקל, אין שייבל פון פענצטער אַריין:

— שיינדעלע!

— וואָס, איציקל?...

— וואַש זיך אָפּ געשווינד, טו זיך אָן און קום אַרויס, מיר וועלן עפּעס טאָן...

— וואָס?

— וועסט שוין זען. עס איז מיר עפּעס אייַנגעפאַלן... נאָר געשווינד, שיינדעלע!

— ווי דו הייסט, — ענטפערט שיינדעלע און הייבט זיך אָן פּליעסקען אין וואַסער.

אַז שיינדעלע איז אַרויסגעקומען פאַר דער טיר, איז שוין אַ גרויסע זון געווען. פאַרלייגט זי דאָס פלאַכע הענטל איבער די אויגן און הייבט דאָס קעפּל אויף און דערזעט: איציקל איז אויפן שפּיץ פון ליימיקן בערגל. פייל פון בויגן איז זי צו אים צוגעלאָפן:

—אוי, איציקל, זאָלסט זען, ווי דיינע שוואַרצע האָר שעמערירן אויף דער זון, גלאַנצן שלאָגן פון זיי!

הייבט צו איר איציקל, וואָס איז אויפן ליים געלעגן, די אויגן אויף:

— און פון דיינע — זאָגט ער — פליען פונקען...

— ווייל מיינע — זאָגט שיינדעלע — זענען רויט...

— פלאַמענדיקע...

— אָבער וואָס טוסטו, איציקל?

זי באַמערקט ערשט, אַז איציקל גראָבט אין ליים.

— דאָס — ענטפערט איציקל, דאָס גראָבן נישט איבעררייסנדיק — איז דאָך די אַרבעט, פון וועלכער איך האָב דיר גֿעזאָגט...

— וואָס האָסטו געזאָגט? וואָס איז דיר אייַנגעפאַלן?

— יאָ, שיינדעלע, פאַר ליים צאָלט מען אין שטאָט געלט. פאַר אַ מול־טער ליים גיט מען אַ צווייער, אַ דרייער,איז מיר אָיינגעפאַלן, אַז מיר זאָל'ן גראָבן ליים.

— איך אויך?

— דו אויך, שיינדעלע!... דאָס ליים וועלן מיר פאַרקויפן אין שטאָט. און פאַר דעם געלט עפּעס קויפן פאַר דיין מאַמעס וועגן אין שפּיטאָל אַריין.

— אוי, אַ גוטער דו ביסט, איציקל! — שרייט אויס שיינדעלע און וואַרפט זיך צו איציקלען קושן — אוי, ווי ליב האָב איך דיך!

— שפּעטער, שפּעטער, — ווערט זיך איציקל — פריער אַרבעטן.

געלט פאַרדינען, עפּעס קויפן, דער מאַמען דיינער אַריינטראָגן, פריער זי קושן...

— אמת, אמת! — זאָגט שיינדעלע, און לאָזט די פינגערלעך אין ליים אַריין...

ב.

איציקל, קיין בייז אויג, גראָבט ווי אַ דערוואַקסענער. שיינדעלע קוועלט פון זיין שטאַרקייט און זאַמלט דאָס ליים... קוקט אויף איציקלס הענט און זאַמלט, און שרייט נאָך אַ צייט אויס:

— איציקל, פול!...

כאַפּט איציקל די מולטער אויף די אַקסל.

— האַלט אונטער, שיינדעלע!

שיינדעלע האַלט אונטער, און זיי לאָזן זיך ביידע פון ליימיקן בערגל אַראָפּ. באַלד אונטערן בערגל, זעען זיי, זיצט עמעץ, שטעלן זיי זיך אָפּ באַטראַכטן.

עפּעס אַ יונגער מענטש אין אַ פּעלערינע, אין אַ גרויסן קאַפּעליוש מיט ברייטע, ברייטע ראַנדן, וואָס פאַרשטעלן אים דאָס פּנים, די קינדער זעען דאָ אַזאַ פיגור [1] צום ערשטן מאָל.

— כ׳האָב מורא! — שטעלט זיך שיינדעלע אָפּ.

— ע, וואָס איז מורא צו האָבן? איך וועל צו אים צוגיין.

— אַז דו וועסט צוגיין, גיי איך אויך... כ׳וועל דיך אַליין נישט לאָזן...

לייגט איציקל אָפּ די לאַסט פון אַקסל און גייט צו צום יונגנמאַן און דערלאַנגט אים אַ ברייטן שלום־עליכם.

דער יונגערמאַן וועקט זיך אויף פון דרימל...

— אַ, שלום־עליכם!... אי — צוויי קינדערלעך...

— אַנטשולדיקט, כ׳האָב אייך געוועקט?

— עט, אַ ביסל געדרימלט, מיר פון וועג...

— פון וויינט? — פרעגט איציקל.

ווערט שוין שיינדעלע האָפּערדיק:

— איר דאַרפט אין שטאָט אַריין, וועלן מיר אויך ווייזן...

— מיר טראָגן — זאָגט איציקל — ליים אין שטאָט אַריין.

— צו וואָס?

— געלט פאַרדינען. — זאָגט איציקל.

— פאַר מיין מאַמען אין שפּיטאָל אַריין עפּעס קויפן!... — פירט אויס שיינדעלע און גיט צו, אַרויפלייגנדיק אַ האַנט אויף איציקלס אַקסל — ער

---

[1] פיגור — געשטאַלט, מענטש, פּערזאָן.

איז אַ שטאַרקער!... גראָבט מיט די הענט ליים! און באַלד וועט איר זען, ווי ער גיט אַ הייב אויף די מולטער און טראָגט דאָס ליים...

זאָגט דער פרעמדער:

— נאַרישקייטן!

— איך גיי — זאָגט ער — דעריבער נישט אין אייער שטאָט אַריין, ווייל מען אַרבעט דאָרט...

איציקל מאַכט אַ נישט גלוביקע גרימאַסע[2]: שיינדעלעס אייגעלעך אָבער פלאַמען נייגעריק אויף:

— וווּהין דען? ווו מען אַרבעט נישט? אַפילו עלטערע? ווו קיינער אַרבעט נישט?

— קיינער! — שניידט אָפּ דער פרעמדער.

איציקל שמייכלט נישט גלוביק.

— איר ווילט זען? קומט מיט מיר! — זאָגט דער פרעמדער.

— וווּהין?

— קיין „ערגעץ"...

— אַזאַ שטאָט?

— אַזאַ לאַנד...

— ווי הייסט?

— דאָס גאַנצע לאַנד, — דערציילט דער פרעמדער — דאָס גאַנצע לאַנד, וווּהין איך גיי און קאָן אייך אויך מיטנעמען, איז איין גאָרטן. אַ גאָרטן אָן אַ גרענעץ, אָן אַ ברעג... און דאָרטן וואַקסן אַלערליי פרוכטן...

— רייסט מען?

— ניין!... רייסן איז אויך אָן אַרבעט. מע גייט נאָר צו: „בוים, בוים, גיב אַ פרוכט!" — בייגט דער בוים צו אַ צווייג צום מויל, מיט אַן עפּל, מיט אַ באַרנע, מיט אַ מאַראַנץ, מיט וואָס איר ווילט...

— בייסט מען אָפּ?

— ניין!... בייסן איז אויך אָן אַרבעט. מע גיט אַ שלונג, און די פרוכטן זענען דאָרט אַזוינע, אַז זיי צעגייען זיך אַליין אין מויל...

— נאָר פרוכטן? — פרעגט איציקל, אין דער זאַך שוין אַ ביסל אַריינגעצויגן.

— ברויט אויך, זעמל אויך, אויף נידעריקעביימלעך וואַקסן זיי, שוין געבאַקענע און זיסע... און בלומען אויך...

שטענדיק? — פרעגט שיינדעלע. — סיי זומער, סיי ווינטער?

דער פרעמדער שאָקלט מיטן קאָפּ אויף יאָ.

— סיידן אין ספּעקטן[3]? — מיינט איציקל.

---

[2] גרימאַסע — מינע, פאַרקרימט דאָס פּנים (פּאָנעם).

[3] ספּעקטן, אינספּעקטן — אַן אָרט, ווו עס ווערט אונטער גלאָז אָנגעהאַלטן אַ קינסטלעכע וואַרעמקייט, אַז די געוויקסן זאָלן קאָנען וואַקסן אין ווינטער.

— ניין זאָגט דער פּרעמדער. — דאָרט איז קיין ווינטער גאָרנישט פאַראַן... קיין שניי און קיין רעגן נישט. שטענדיק אַ לויטערער הימל איבערן קאָפּ און שטענדיק פרישע בלומען... און ס'איז ביי זיי קיין גערטנער נישטאָ, מען דאַרף זיי נישט באַגיסן, מען דאַרף נישט האָדעווען. זיי וואַקסן אויף און צעגיסן זייער ריח איבערן גאַנצן לאַנד.

— און מענטשן וואָס טוען? — פרעגט איציקל.

— גאָרנישט. ליגן אין שאָטן פוןביימער, פון אַלערליי ביימער, אויף געלעגערם פון אַלערליי פאַרביקע און שמעקנדיקע בלומען און האָבן פאַרגעניגן. און ווערט מען הונגעריק, זאָגט מען: בוים... בוים... ווי איך האָב אייך דערציילט...

איציקל פאַרטראַכט זיך עפּעס.

— עפּעס אַ כישוף, — מאַכט שיינדעלע — אַ צויבער־לאַנד...

— ערגעץ־לאַנד. — זאָגט דער פרעמדער. — קומט, קינדערלעך, אין ערגעץ־לאַנד...

און ער הייבט זיך אויף צו גיין.

— ס'איז ווייט? — פרעגט שיינדעלע.

— איך גיי נישט! — שרייט פּלוצלינג אויס איציקל, און מורא האָבנדיק טאָמער טראָגן אים די פיס אַליין אַוועק, גיט ער זיך האַסטיק אַ זעץ אַנידער און כאַפּט אָן מיט אַ האַנט אַ צווייג פון אַ פאַרטרוקנטביימל, אונטער וועלכן דער פרעמדער איז געזעסן...

— פאַרוואָס? — פרעגט דער פרעמדער.

— וואָס וועל איך דאָרטן טאָן? — פרעגט איציקל.

— פאַרגעניגן האָבן! — זאָגט דער פרעמדער. — ליגן זיך אויף בלומען... עסן... טרינקען...

— און שפּעטער?

— ווייטער ליגן...

— נאַריש!

— אָבער נישט אַרבעטן...

— ניין! — ענטפערט פעסט איציקל. — איך וואָלט משוגע געוואָרן פונעם ליידיק גיין... ווי קאָן מען דאָס ליגן?

— גייט מען שפּאַצירן...

— אויף מיר אַ גאַנג... ניין! — און דעם קליינעם איציקלס שטים ווערט עפּעס ווי אַ שטאָלענע שטאַרק. — איך גיי נישט!

און די שטים ברעכט זיך באַלד איבער און ווערט אומרואיק — ציטערנדיק:

— און דו שיינדעלע?



שיינדעלע טראַכט נישט לאַנג. זעצט זיך צו צו איציקלען, ציט זיך אוים און לייגט איר גאָלדן קעפּל אויף זיין קני און קוקט אים מיט אירע געטרייע אייגעלעך אין פּנים אַריין:

— אַז דו נישט, איך — אויך נישט...

*

* *

דער פרעמדער ציט מיט דעם אַקסל און גייט זיין וועג.

לאַנג־לאַנג האָט אים איציקל נאָכגעקוקט, ביז יענער איז פאַרשוואונדן געוואָרן, און דעמלט האָט ער זיך איבערגעבויגן איבער שיינדעלען:

— ווייסט, שיינדעלע, — פרעגט ער — ווער דאָס איז געווען?

און ענטפערט אַליין:

— דער יצר־הרע פון ליידיק גיין... [4]

שיינדעלע וואָס האָט שוין געהאַט געדרימלט, האָט דערהערט און די אויגן געעפנט:

—אמת! און מיך, איציקל, אָן דיר וואָלט ער פאַרפירט, און איך דאַנק דיר דערפאַר...

— און קום! — שפרינגט זי אויף — לאָמיר גיין מיטן מולטערל ליים...

און אַזוי האָבן זיי געטאָן...

*

* *

ווי מיינט איר, קינדער, זיי האָבן גוט געטאָן?

---

[4] יצר־הרע (יעצער האָרע) — אַמאָל האָט מען געגלויבט, אַז עס איז פאַראַן אַ מלאך (מאַלעך), וואָס רעדט אָן צו שלעכטס (יעצערהאָרע).

## פראַגעס:

1. צוליב וואָס איז איציקלען איינגעפאַלן צו גראָבן ליים?
2. וואָס האָבן געטאָן די עלטערן פון די קינדער?
3. וואָס האָט זיי פאָרגעלייגט דער פרעמדער?
4. פאַרוואָס האָט איציקל נישט געוואָלט גיין?
5. פאַרוואָס איז נישט געגאַנגען אין ערגעץ-לאַנד שיינדעלע?
6. ווי וואָלסטו אָנגערופן די באַציונג פון איציקלען און שיינדעלען צואַנאַנד?
7. ווי רופן מיר מענטשן, וואָס האָבן ליב צו לעבן פון גרייטן, אָדער פון פרעמדער מי?
8. ווער זענען ביי אונדז אין לאַנד די באַליבטסטע מענטשן?
9. צי קענסטו העלדן פון אַרבעט? (רוף אָן זייערע נעמען און דערצייל וועגן זייערע אויפטוען!).

## וו. קאָראָלענקאָ

# פ ר יי נ ד ש אַ פ ט

איינמאָל איז דאָס בלינדע יינגעלע פעטרוש געזעסן אויפן היגל ביים טייך און געשפּילט אויף זיין פייפל. די זון האָט זיך געזעצט, אין דער לופט איז געשטאַנען אַ שטילקייט. דאָס יינגל האָט נאָר וואָס אויפגעהערט צו שפּילן און זיך אַ לייג געטאָן אויפן גראָז. ער האָט אויף אַ מינוט זיך פאַרגעסן, ווי פּלוצעם האָט עמעצנס לייכטע טריט אים אויפגעוועקט פון דרעמל. ער האָט זיך אומצופרידן אונטערגעהויבן אויפן עלנבויגן און זיך איינגעהערט. די טריט האָבן זיך אָפּגעשטעלט. די טריט זענען אים געווען אומבאַקאַנט.

— יינגעלע, — האָט ער פּלוצעם דערהערט אַ שטים פון אַ מיידעלע — צי ווייסטו נישט, ווער עס האָט דאָ אָקערשט געשפּילט?

דער בלינדער האָט נישט ליב געהאַט, ווען מע האָט געשטערט זיין איינזאַמקייט. דעריבער האָט ער אויף דער פראַגע געענטפערט נישט גאָר פריינדלעך...

— דאָס האָב איך...

— ווי גוט דו שפּילסט, — האָט געזאָגט דאָס מיידעלע.

דער בלינדער האָט געשוויגן.

— פאַרוואָס־זשע גייט איר נישט אַוועק? — האָט ער נאָכהער גע־פרעגט, הערנדיק, אַז דאָס מיידעלע שטייט נאָך אַלץ אויף אַן אָרט.
— פאַרוואָס יאָגסטו מיך?
— איך האָב נישט ליב, ווען מען קומט צו מיר...
דאָס מיידעלע האָט זיך צעלאַכט.
— אַן איינפאַל, זעט... צי איז די גאַנצע ערד דיינע, און דו קענסט פאַרווערן וועמען עס איז צו גיין אויף דער ערד?
— מיין מאַמע האָט אַלעמען אָנגעזאָגט, מע זאָל אַהער צו מיר נישט גיין.
— די מאַמע? — האָט פאַרקלערט איבערגעפרעגט דאָס מיידעלע. — און מיין מאַמע האָט מיר דערלויבט צו שפּאַצירן ביים טייך־ברעג.
דאָס ייִנגעלע איז נישט געווינט געווען, מען זאָל אים אַזוי עקשנותדיק דערווידערן. זיין פּנים איז רויט געוואָרן פון כעס. ער האָט זיך אונטערגעהויבן און אָפּגערופן גיך און אויפגערעגט:
— גייט פון דאַנען, גייט פון דאַנען, גייט פון דאַנען...
מען קאָן נישט וויסן, מיט וואָס דאָס אַלץ וואָלט זיך געענדיקט, נאָר פּונקט אין דער רגע האָט מען דאָס ייִנגל גערופן טרינקען טיי. ער איז שנעל אַראָפּגעלאָפן פון היגל.
— אַך, וואָס פאַראַ שלעכט ייִנגל, — האָט געזאָגט דאָס מיידעלע.
אויף צומאָרגנס, זיצנדיק אויף דעם זעלביקן אָרט, האָט דאָס ייִנגעלע זיך דערמאָנט וועגן דער נעכטיקער פּאַסירונג. אין דער דערמאָנונג איז נישט געווען קיין פאַרדרוס. פאַרקערט, אים האָט זיך אפילו געוואָלט, עס זאָל ווי־דער קומען דאָס מיידעלע מיט דעם אָנגענעמען, שטילן קול, וואָס ער האָט נאָך קיינמאָל נישט געהערט. אַלע קינדער, וואָס זענען אים באַקאַנט געווען, האָבן הויך געשריגן, געלאַכט, זיך געשלאָגן און געוויינט, נאָר קיינער פון זיי האָט נישט גערעדט אַזוי אָנגענעם. ס'האָט אים באַנג געטאָן, פאַרוואָס ער האָט באַליידיקט די אומבאַקאַנטע, וועלכע וועט, וואַרשיינלעך שוין קיינמאָל צו אים נישט קומען.
און ווירקלעך. דריי טעג איז דאָס מיידעלע אינגאַנצן נישט געקומען. נאָר אויפן פערטן טאָג האָט פּעטרוש דערהערט אירע טריט אונטן, ביים ברעג טייך. זי איז געגאַנגען שטיל און עפּעס שטיל געזונגען, און, ווייזט אויס, אינגאַנצן נישט אומגעקוקט זיך אויף אים.
— הערט נאָר! — האָט אויסגעשריגן דאָס ייִנגעלע צו איר, דערהערנ־דיק, אַז זי גייט פאַרביי. — דאָס זענט איר ווידער?
צוערשט האָט דאָס מיידעלע נישט געענטפערט, ווייל זי איז געווען באַ־ליידיקט פאַר דער ערשטער אומפריינדלעכער אויפנאַמע, נאָר פּלוצעם האָט איר, ווייזט אויס, עפּעס אין דער פראַגע פון ייִנגל אויסגעזען מאָדנע, און זי האָט זיך אָפּגעשטעלט:

— צי זעט איר דען נישט, אַז דאָס בין איך?

די דאָזיקע ווערטער האָבן ווייטיקדיק געטראָפן אין בלינדנס האַרץ. ער האָט גאָרנישט געענטפערט און זיך אַ לייג געטאָן אויפן גראָז. אָבער דער שמועס האָט זיך שוין אָנגעהויבן, און דאָס מיידעלע, שטייענדיק אַלץ אויפן זעלביקן אָרט, האָט ווידער געפרעגט:

— ווער האָט דיך אויסגעלערנט אַזוי גוט צו שפּילן אויף דעם פּייפל?

— אונדזער דינער יאָאַכים האָט מיך אויסגעלערנט, — האָט געענטפערט פּעטרוש.

— זייער גוט. נאָר... פאַרוואָס ביסטו אַזאַ בייזער?

— איך... איך... בין אויף אייך נישט בייז, — האָט שטיל געזאָגט דאָס יינגל.

— נו, וויבאַלד אַזוי בין איך אויך נישט בייז... לאָמיר זיך ביידע שפּילן...

— איך קאָן זיך נישט שפּילן מיט אייך, — האָט ער געענטפערט, אַראָפּלאָזנדיק דעם קאָפּ.

— קאָנסט זיך נישט שפּילן?... פאַרוואָס?

— אַזוי.

— ניין, אָבער פאַרוואָס?

— אַזוי, — האָט ער געענטפערט זייער שטיל און נאָך שטאַרקער אַראָפּגעלאָזן דעם קאָפּ.

אים איז נאָך קיינמאָל נישט אויסגעקומען צו רעדן וועגן זיין בלינדקייט, און ס'איז אים געווען ווייטיקדיק צו הערן אַזאַ פראַגע.

דאָס מיידעלע האָט אַלץ נישט פאַרשטאַנען, אַז ער איז אַ בלינדער.

— סאַראַ קאָמישער דו ביסט! — האָט זי אַ זאָג געטאָן, זעצנדיק זיך נעבן אים אויפן גראָז, — דאָס זאָגסטו אַוודאי דערפאַר, ווייל מיר זענען נאָך נישט באַקאַנט. אָט וועסטו מיך דערקענען, וועסטו שוין קיין מורא נישט האָבן. און איך האָב פאַר קיינעם קיין מורא נישט.

זי האָט עס געזאָגט פרייליך, איבערקלייבנדיק דערביי די פעלד-בלימלעך און פיאָלקעס פון איר בוקעט. דערווייל האָט זיך דעם בלינדן פאַרוואָלט זי נעענטער דערקענען. און אַזוי ווי דערקענען די אויסערלעכקייט פון מענטשן איז ער געוויינט בלויז דורך אַרומטאַפּן, האָט ער אָנגענומען דאָס מיידעלע מיט דער לינקער האַנט פאַר דער פּלייצע, און מיט דער רעכטער אָנגעהויבן אַרומטאַפּן אירע האָר, נאָכהער די ברעמען און איז שנעל אַדורכגעלאָפן מיט די פינגער איבערן געזיכט, פאַרהאַלטנדיק זיך וווּ-נישט-ווו, צו דערלערנען אויפמערקזאַם די אומבאַקאַנטע שטריכן.

דאָס אַלץ איז געטאָן געוואָרן אַזוי אומגעריכט און גיך, אַז דאָס פאַרוווּנדערטע מיידעלע האָט נישט באַוויזן אַר יסצורעדן קיין וואָרט, זי האָט בלויז געקוקט אויף אים מיט ברייט צעעפנטע אויגן, אין וועלכע ס'איז געווען



צו זען שרעק. ערשט איצט האָט זי באַמערקט, אַז אין געזיכט פון דעם ייִנגע־לע איז פאַראַן עפּעס אומגעווײנלעכס. זײַן פּנים איז געווען אָנגעשטרענגט, ערנסט, און דער בליק אינגאַנצן אומבאַוועגלעך, דעם ייִנגלס אויגן האָבן גע־קוקט ערגעץ אָן אַ שום אויסדרוק, און ס'האָט זיך אין זיי מאָדנע געשפּיגלט דער אָפּגלאַנץ פון דער זון. דעם מיידעלע איז געוואָרן אומהיימלעך. זי האָט באַפרייט די פּלייצע פון דעם ייִנגלס הענט, איז פּלוצעם אויפגעשפּרונגען אויף די פיס און זיך צעוויינט.

— וואָס טוסטו מיט מיר, שלעכט ייִנגל? — האָט זי בייז זיך אָפּגערופן דורך טרערן. — פאַרוואָס טשעפּעסטו מיך? וואָס האָב איך דיר שלעכטס גע־טאָן?... פאַרוואָס?...

ער איז געזעסן אויפן זעלביקן אָרט מיט אַן אַראָפּגעזונקענעם קאָפּ. צום ערשטן מאָל האָט ער זיך דערוווּסט, אַז זײַן בלינדקייט קאָן אַרויסרופן נישט בלויז מיטגעפיל, נאָר אויך שרעק. און ער האָט זייער געליטן דערפון. ער האָט זיך אַ וואָרף געטאָן און זיך צעוויינט. דאָס געוויין איז אַלץ שטאַרקער גע־וואָרן, דער שלוכץ האָט געטרייסלט זײַן קליינעם קערפּער.

דעם מיידעלע האָט עס גערירט.

— הער נאָר, — האָט זי זיך שטיל אָפּגערופן — פאַרוואָס וויינסטו? דו מיינסט געוויס, אַז איך וועל גיין זיך קלאָגן אויף דיר? נו, וויין נישט, איך וועל קיינעם נישט דערציילן.

דערהערנדיק איר מיטפילנדיקע שטים, האָט דאָס ייִנגעלע זיך נאָך שטאַרקער צעוויינט. דאַן האָט זיך דאָס מיידעלע אַוועקגעשטעלט לעם אים

אויף די קני און אים אָנגעהויבן באַרואיקן, גלעטנדיק מיט דער האַנט זיינע האָר. נאָכהער האָט זי אונטערגעהויבן זיין קאָפּ און אָנגעהויבן אויסווישן מיט אַ טיכעלע זיינע פאַרוויינטע אויגן, ווי אַ מוטער, וועלכע באַרואיקט אַ פאַרטרויערט קינד.

— נו, נו — האָט זי געזאָגט — איך בין שוין פון לאַנג נישט בייז אויף דיר. איך זע, אַז דו האָסט חרטה פאַרוואָס דו האָסט מיך אָנגעשראָקן...

— איך האָב דיך נישט געוואָלט אָנשרעקן, — האָט ער געענטפערט, מיט אַ טיפן זיפץ, בכדי אָפּצושטעלן דאָס שלוכצן.

— נו, נו, גוט, איך בין נישט בייז... דו וועסט דאָך עס שוין מער נישט טאָן, — האָט זי געזאָגט, אויפהייבנדיק אים פון דער ערד און באַמיענדיק זיך אים אַוועקצוזעצן נעבן זיך.

דאָס יינגעלע איז געזעסן, ווי פריער, מיטן פּנים צו מערב צו. אין זיינע אויגן זענען נאָך געשטאַנען טרערן, די אויגן זענען ווי פריער געווען אומבאַוועגלעך.

— סאַראַ מאָדנער דו ביסט... — האָט זי געזאָגט מיט ערנסטן מיטגעפיל.

— איך בין נישט קיין מאָדנער, — האָט אומעטיק געענטפערט דאָס יינגעלע — איך... איך... בין אַ בלינדער!

— אַ בלינ—דער? — האָט זי אויסגעצויגן מיט אַ ניגון. — אַ בלינדער? — האָט זי איבערגעחזרט מיט אַ ציטערדיקער שטים און, אַ ציטער טוענדיק פון ווייטיק, פלוצעם אַרומגענומען מיט די הענט דעם יינגלס האַלדז, זיך צוגעטוליעט צו אים מיטן פּנים און אַליין זיך ביטער און טרייסטלאָז צעוויינט.

— מיר איז... אַ שאָד... — האָט זי ענדלעך אַרויסגערעדט.

נאָכהער, ווען זי האָט זיך באַרואיקט, האָט זי געזאָגט:

— די זון איז שוין פאַרגאַנגען.

— איך ווייס נישט, ווי זי זעט אויס, — האָט טרויעריק געענטפערט דאָס יינגל. — איך... פיל זי בלויז!...

— דו קענסט נישט די זון?

— ניין.

— און... און דיין מאַמע?... קענסטו אויך נישט?

— די מאַמע קען איך. איך דערקען שטענדיק פון ווייטנס איר גאַנג.

— יאָ, יאָ, דאָס איז אמת, אויך איך דערקען מיט פאַרמאַכטע אויגן מיין מאַמען.

די קינדער האָבן שוין געשמועסט רואיק.

— ווייסט, — האָט זיך אָפּגערופן דער בלינדער — איך פיל פונדעסטוועגן אָפּ די זון און ווייס, ווען זי איז פאַרגאַנגען.

— וויאַזוי ווייסטו?

— דער פּאַר ווייל... פאַרשטייסט... איך ווייס אַליין נישט וויאַזוי...

— אַ־אַ, — האָט אויסגעצויגן דאָס מיידעלע.

זיי זענען ביידע אַנטשוויגן געוואָרן.

איך קען לייענען, — האָט דער ערשטער זיך אָפּגערופן פּעטרוש — און אינגיכן וועל איך זיך אויסלערנען שרייבן מיט א פּעדער.

— און וויאַזוי טוסטו דאָס? — האָט אָנגעהויבן דאָס מיידעלע און פּלוצעם זיך פאַרהאַקט, נישט וועלנדיק אים ווידער דערמאָנען זיין בלינדקייט. נאָר ער האָט פאַרשטאַנען, וואָס זי מיינט.

— איך לייען אין מיין ביכל — האָט ער איר דערקלערט — מיט די פינגער.

— מיט די פינגער? איך וואָלט זיך קיינמאָל נישט אויסגעלערנט צו לייענען מיט די פינגער... איך קען קוים מיט די אויגן שלעכט לייענען.

— און איך קאָן אפילו לייענען פראַנצויזיש, — האָט געזאָגט דער בלינדער.

— פּיאָטר! — האָט זיך דערהערט די שטים פון יאָאַכימען.

— מען רופט דיך, האָט געזאָגט דאָס מיידעלע, אויפשטייענדיק.

— יאָ. נאָר מיר וואָלט זיך נישט וועלן גיין.

— גיי, גיי. איך וועל מאָרגן צו דיר קומען. איצט וואַרט מען אויף דיר און אויף מיר אויכעט.

* *
*

דאָס מיידעלע, וועלכע מע האָט גערופן עוועלינע, האָט געהאַלטן וואָרט און פלעגט קומען יעדן טאָג צו דעם בלינדן פּעטרוש. זיי האָבן געשפּילט און שפּאַצירט צוזאַמען. אינגיכן האָט עוועלינע אָנגעהויבן לערנען צוזאַמען מיטן יינגעלע. די לעקציעס זענען דאַן ביי פּעטרושן געוואָרן אַזעלכע לעבעדיקע און פריידיקע. דער בלינדער און זיין חברטע האָבן זיך מיט אַלץ געהאָלפן איינער דעם צווייטן און פון דאַן זענען זיי געבליבן פריינד אויפן גאַנצן לעבן.

## פראַגעס און אויפגאַבעס:

1. פאַרוואָס האָט דאָס מיידעלע אַרויסגעוויזן צו פּעטרושן אַזאַ צאַרטקייט און מיטגעפיל?
2. וויאַזוי האָבן זיי זיך באַפריינדעט?
3. צעטיילט די דערציילונג אויף קאַפּיטלעך, שטעלט צונויף אַ פּלאַן און גרייט זיך צו צו דערציילן דעם אינהאַלט געניי, און נאָכהער קורץ.

משה בראָדערזאָן

# בלומען

פעלדער גרינען, וועלדער רוישן,
גייען מיר מיט פולע קוישן,
בלומען אָן א שיעור...

גייען מיר אַרומגענומען,
און באַקראַנצט מיט יונגע בלומען
אין דעם בונטן ציר...

זינגען, שפּרינגען מיר און טאַנצן,
און פון גליק די אויגן גלאַנצן
בלומענדיק און ריין!

ווער באַקראַנצט וויל זיין מיט בלומען,
זאָל צו אונדז, צו אונדז זאָל קומען,
קומען זאָל צוגיין!

מירן אָפּגעבן אין גאַנצן!
און אין פעלדער ווייטער טאַנצן,
לאָזן ווייט זיך גיין!

לאָזן גיין זיך גיך, געשווינדער,
ווייל מיר זענען אַלע קינדער —
בלימעלעך אַליין!

יורי גערמאַן

# יינגלעך

אינאָוונט האָט מען דזשערזשינסקין איבערגעפירט פון דער אַלגעמיי־נער קאַמער אויפן דריטן שטאָק. דאָרט זענען געווען איינצל־קאַמערן, נאָר צוליב דער ענגשאַפט אין טורמע איז אין יעדערער פון זיי געזעסן צו צוויי און צו דריי אַרעסטאַנטן. אין דער נייער קאַמער איז דאָס בעטל שוין געווען פאַר־נומען. צוערשט האָט ער געקלערט, אַז דאָרט שלאָפט בלויז איין מענטש — אַ גראָבער, הויכוווקסיקער, נאָר שפּעטער האָט ער זיך געכאַפּט, אַז דאָס איז נישט קיין איין גרויסער מענטש, נאָר צוויי קליינע.

דזשערזשינסקי האָט זיך געשטעלט ביים בעט און אַ קוק געטאָן. דער לאָמפּ האָט קוים געלויכטן. ער האָט אַרויפגעדרייט דעם קנויט און זיך אַרי־בערגעבויגן איבער די שלאָפנדיקע. וואָס איז דאָס, צום טייוול? דאָס זענען דאָך קינדער, צוויי קינדער, צוגעדעקט מיט אַ גימנאַסטישן מאַנטל. אַ שיינע געשיכטע! קיינער פון זיי האָט נישט אויסגעזען עלטער פון דרייצן יאָר. פאַר־וואָס האָט מען זיי איינגעזעצט? זיי וויינען אוודאי פון שרעק ביינאַכט און רופן די מאַמע.

די יינגלעך זענען רואיק געשלאָפן. דזשערזשינסקי האָט זיך אַוועקגע־זעצט ביים טישל, אונטערגעשפּאַרט מיט די הענט דעם קאָפּ און זיך פאַר־טראַכט.

אַרום אַ האַלבע שעה איז ער געזעסן אינגאַנצן אומבאַוועגלעך, שפּעטער איז ער אויפגעשטאַנען, האָט גענומען זיין פּעקעלע און אָנגעהויבן גרייטן אָוונטברויט. ער האָט זיך קיינמאָל אַזויפיל נישט געפּאָרעט ביים צוגרייטן אָוונטברויט ווי דאָס מאָל, און דעריבער איז אים אַלץ געלונגען אויסגע־צייכנט: עס זענען געווען קליינע קאַנאַפּקעס מיט וווּרשט און אַ פרישע אוגערקע, האַרטע אייער, וואָס זענען פּינקטלעך צעשניטן און באַזאַלצט גע־וואָרן. ער האָט אויך געהאַט בייגל און צוקערקעס, וועלכע האָבן צוגעגעבן אַ באַזונדערע יום־טובדיקייט דער קיניגלעכער וועטשערע.

ווען אַלץ איז געשטאַנען אויפן טיש, האָט ער זיך איבערגעבויגן איבער די שלאָפנדיקע און שטיל געזאָגט:

— כ׳בעט אויפשטיין! דער אָוונטברויט איז שוין אַריינדערלאַנגט אין דעם גאָלדענעם זאַל! דאָס עסן איז פאַרטיק!

אַ נידעריק אָפּגעשוירן יינגל האָט פּאַמעלעך געעפנט די אויגן און באַ־טראַכט דזשערזשינסקין מיט אַ וואַרעמען שלעפעריקן בליק. אין דער ערש־טער רגע האָט ער גאָרנישט פאַרשטאַנען, שפּעטער זיך אַוועקגעזעצט אויפן בעטל און געפרעגט:

— איר זענט אַ נייער?

— עס ווענדט זיך אין אַ וואַסער זין? — האָט געענטפערט דזשערזשינסקי.
— אייך האָט מען איצט אַרעסטירט?
— ניין, נישט איצט. און אייך?
— מיט צוויי חדשים צוריק. לאָמיר זיין באַקאַנט. איך הייס סטעפאַן!
ער האָט דערלאַנגט דזשערזשינסקין אַ האַנט, אַ וואַרעמע פון שלאָף.
וועקט אויף אייער חבר. — האָט געזאָגט דזשערזשינסקי. — מיר וועלן עסן אָונברויט.
סטעפאַן האָט אויפגעוועקט דאָס ייִנגל.
— איך הייס װלאַדיסלאַװ — האָט ער זיך פאָרגעשטעלט.
די ייִנגלעך האָבן זיך אַרויסגעוויזן פאַר זייער ליבע, לעבעדיקע און האָבן זייער ווייניק געגעסן. זיך, ווייזט אויס, געשעמט. דזשערזשינסקי האָט זיי געראַטן, זיי זאָלן זיך נעמען צום עסן „אויף אַן אמת". דעמלט האָט װלאַדיסלאַװ געזאָגט:
— מיר קאָנען נאָך ביי אייך אַלץ אויפעסן, און מיר האָבן נישט קיין מעגלעכקייט אייך אָפּצודאַנקען פאַר אייער פריינדלעכקייט. — און באַלד שנעל צוגעגעבן: — איבעריקנס, כ'וועל נאָך אַ האַלב איי אויפעסן.
זיי האָבן געשמועסט קנאַפּע צוויי שעה. סטעפאַן האָט פּליסטערנדיק דערציילט זייער געשיכטע. אין גימנאַזיע האָט מען אַרויסגעלאָזט אַ צייטשריפט. רעדאַקטאָר איז געווען װלאַדיסלאַװ, און דער אַרויסגעבער — סטעפאַן. וואָס הייסט עס: דער אַרויסגעבער? די מעשה איז די, וואָס ער, סטעפאַן, האָט אַ שיינע האַנטשריפט, קאָן פאַרשידענע קאַליגראַפישע שטיקלעך און ער האָט עס — אויב מען קאָן אַזוי זאָגן — געשריבן די צייטשריפט. די צייטשריפט איז דאָך געווען געשריבן מיט דער האַנט. האָט געטראָפן, אַז מע האָט אָנגעשריבן אַן אַרטיקל און אין דעם אַרטיקל געזידלט דעם שול-אינספעקטאָר.
סטעפאַן האָט צוגעגעבן:
— איר ווייסט, עס גייט אין דעם, וואָס דאָס אַרטיקל האָט בכלל נישט געשריבן נישט איך און נישט װלאַדעק, נאָר אַ שילער פון אַכטן קלאַס, וואָס האָט אַ ברודער אַ סאָציאַל־דעמאָקראַט. מיר האָבן אים דאָך נישט געקאָנט פאַראַטן. דאָרטן איז דאָך געווען נישט בלויז וועגן אינספעקטאָר, נאָך אויך פאַרשידענע זאַכן וועגן דעם צאַר.

* *
*

אויף צומאָרגנס האָט דזשערזשינסקי אויפגעוועקט ביידע ייִנגלעך זייער פרי, כאָטש זיי האָבן געבעטן, ער זאָל זיי לאָזן נאָך אַ ווײַלע שלאָפן.
— מיר מאַכן גימנאַסטיק — האָט ער באַפוילן. — אין משך פון די



צוויי מאָנאַטן זענט איר שוין געל געוואָרן אין טורמע. לעבעדיק! טוט אַזוי, ווי איך! ציט אַריין אין זיך וואָס מער לופט. אָט אַזוי! סטעפעק, שעמט זיך נישט. נו, איינס! שטרעקט אויס די הענט פאָרויס! גוט. זיך זעצן אויף די שפּיץ פינגער! אויסגעצייכנט!

די ערשטע איבונג האָט געדויערט צוואַנציק מינוט.

— מאָרגן וועלן מיר איבן לענגער. — האָט געדראָט דזשערזשינסקי.

— און איצט בעט איך, איר זאָלט זיך ווי געהעריק אָפּוואַשן.

ער האָט פון זיין פעקעלע אַרויסגענומען זייף און אַ שוואָם.

— ביטע זייער! ביידע האָט איר שמוציקע העלדזער. אַזוי טויג נישט. אַן אמתער מענטש מענטש דאַרף אויך אין טורמע זיין אַ מענטש. וואַשט זיך אָרום.

נאָכן אַרומוואַשן זיך האָט ער געהייסן די יינגלעך זיך אויסטון נאַקעט און אָנרייבן די הויט מיט דער פייכטער שוואָם.

— ס'איז קאַלט — האָט געזאָגט סטעפאַן.

— וואָס? — האָט געפרעגט דזשערזשינסקי.

סטעפּאַן האָט נישט געוואָגט איבערצוחזרן און זיך אָנגעהויבן איינרייבן.

— איצט — האָט געזאָגט דזשערזשינסקי — וועלן מיר אָנהייבן צו ראַמען אונדזער וווינונג. מיר זענען מענטשן, און אונדזער קאַמער איז ענלעך צו אַ חזיר־שטאַל. וויאַזוי האָט איר דאָ געקאָנט וווינען צוויי חדשים?

נאָך צוויי שעה אַרבעט האָבן זיי די קאַמער געבראַכט צו אַזאַ זויבערקייט, אַז מע האָט זי נישט געקאָנט דערקענען.

— איר זעט?... — האָט אַ צופרידענער געזאָגט דזשערזשינסקי. — נו, און איצט וועלן מיר טרינקען טיי, איר ווילט?

ווען זיי האָבן געטרונקען טיי, האָט דזשערזשינסקי די גאַנצע צייט פאַרווײַלט די ייִנגלעך — זייער קונציק און קאָמיש איבערגעקרימט סטעפּאַנען, וויאַזוי ער וואַשט זיך, ווי אַ קאַץ מיט דער לאַפּקע, די ייִנגלעך האָבן געלאַכט,און ס'האָט זיך זיי געדוכט, אַז שוין לאַנג קענען זיי אָט דעם אויסערגעוויינלעכן מענטש, וואָס האָט זיך ערשט נעכטן אַרייַנגעקליבן צו זיי אין טורמע־קאַמער. איצט האָבן זיי מער פאַר אַלץ אין דער וועלט מורא געהאַט מע זאָל דזשערזשינסקין נישט אַריבערפירן און זיי וועלן ווידער בלייבן זאַלבעצווייט.

*

* *

נאָך מיטאָג האָט דזשערזשינסקי פאַרשטעלט מיט זיך דאָס יודאַש־אייגל [1] און אָנגעהויבן קלאַפּן.[2] די ייִנגלעך האָבן געקוקט אויף אים מיט אָפענע מיילער.

— חברים, חברים, חברים, — האָט אויסגעקלאַפּט דזשערזשינסקי — דאָ אין קאַמער זיצן צוויי גימנאַזיסטן. זיי קריגן נישט קיין פּעקלעך און קיין געלט; זייערע עלטערן ווייסן נישט, וואָס איז מיט זיי געשען. די ייִנגלעך זיצן צוליב אַ פּאָליטישער שטיפעריי. ווער עס האָט אַ קאָנטאַקט [3] מיט דרויסן זאָל געבן צו וויסן. די פאַמיליעס פון די ייִנגלעך זענען...

ער האָט געקלאַפּט לאַנג, ביז ער האָט נישט גענוי דערקלערט אַלץ, וואָס האָט געהאַט אַ שייכות צום ענין פון די גימנאַזיסטן, שפּעטער האָט ער זיך אַוועקגעזעצט ביים טיש און אָנגעהויבן קנעטן פון ברויט שאַך־פיגורן. דער גאַנצער טאָג איז אַוועק אויף שפּילן אין שאַך, פריילעכע שמועסן און דזשער־

---

[1] יודאַש־אייגל — אַן עפענונג אין דער טיר, דורך וועלכער עס קוקט אַריין דער טורמע־וועכטער.

[2] קלאַפּן — אויסקלאַפּן צייכנס, וועלכע באַדייטן ווערטער, ווי אין טעלעגראַף.

[3] קאָנטאַקט — פאַרבינדונג.

זשינסקיס דערציילונגען. אינאָוונט האָבן די יינגלעך אָנגעהויבן דרימלען פון מידקייט, דאָס האָט טאַקע דזשערזשינסקי געוואָלט. ער האָט געוואָלט, זיי זאָלן זיך שטאַרק פאַרמאַטערן — דערמלט וועלן זיי רואיק שלאָפן די נאַכט. בעתן לייגן זיך שלאָפן האָט ער זיי געדראָט שמייכלענדיק:

— מאָרגן וועל איז אייך אַריינהאַקן אַזאַ פּאָרציע גימנאַסטיק, אַז איר וועט אינגאַנצן פריילעך ווערן. חוץ דעם, וועלן מיר מאָרגן אינדערפרי פּוצן די שיך. ס'איז דאָ פאַראַן סאַזשע אין אויוון, און אונדזערע שיך וועלן גלאַנצן ווי אַ שפּיגל.

ביינאַכט האָט מען גערופן דזשערזשינסקין אויף אַ פאַרהער. דער סקריפּ פון דעם פאַרזשאַווערטן שלאָס האָט אויפגעוועקט וולאַדעקן, און ער האָט אויפגעהויבן דעם קאָפּ. דערזעענדיק, אַז דזשערזשינסקי טוט זיך אָן, האָט ער אַ שטויס געטאָן סטעפעקן.

ציטערנדיק פאַר קעלט און אויפרעגונג, זענען זיי געזעסן אויפן בעטל און מיט ברייט צעעפנטע מיילער געקוקט אויפן זשאַנדאַר מיטן לאַמטערן, אויף דזשערזשינסקין און אויף די שווערע פאַרזשאַווערטע טירן.

— וווהין גייט איר? — האָט ענדלעך געפרעגט וולאַדעק.

— כ'וועל זיך באַלד אומקערן, — האָט געענטפערט דזשערזשינסקי — שלאָפט און וואַרט נישט אויף מיר.

— און מען וועט אייך נישט אַריבערפירן, ערגעצאַנדערשוווּ? — האָט געפרעגט מיט אַ ציטערדיקער שטימע סטעפאַן.

דזשערזשינסקי האָט נישט געוווּסט צי מען וועט אים איבערלאָזן, ער האָט זיי אָבער פאַרזיכערט, אַז מע וועט אים פאַר קיין פאַל נישט אַריבער־פירן און, שטייענדיק אין טיר, זיי געזעגנט מיט אַ קאָפּ־שאָקל.

* *
*

אין קאַמער האָט ער זיך אומגעקערט ערשט אין אַ וואָך אַרום. די יינגלעך האָבן אים באַגריסט מיט אַזעלכע באַגייסטערטע אויסגעשרייען, מיט אַזעלכע אַרומאַרמונגען און שפּרינגערייען, אַז די ליפּן האָבן אים געציטערט פאַר גערירטקייט.

— גענוג, — האָט ער געזאָגט — באַרויקט אייך, אַנישט וועט מען מיר ווידער געבן אַ וואָך קאַרצער[4] פאַר אַזאַ טומל... שטילער!...

[4] קאַרצער — אַ פינצטער, פינצטערער קעלער, ווו מע האַלט אַרעסטאַנטן אויף ברויט מיט וואַסער.

אין משך פון דער וואָך איז ער זייער אויסגעדאַרט געוואָרן, און די הויט פון זיין פּנים איז געוואָרן קרענקלעך־געל, בלויז זיינע אויגן האָבן געגליט מיט אַ וווּנדערלעכן, העלן גלאַנץ.

זיי האָבן זיך געזעצט עסן, און ס'האָט זיך אָנגעהויבן אַ שמועס.

בעת זיין אָפּוועזנהייט, ווי ס'האָט זיך אַרויסגעוויזן, האָט מען די גאַנצע צייט געהערט אַ קלאַפּן, די יינגלעך האָבן אָבער נישט פאַרשטאַנען, וועגן וואָס עס האַנדלט זיך, און נישט געענטפערט. נאָך היינט גאַנצפרי האָט עמעץ געקלאַפּט.

— ווייזט אויס, אַז ס'איז פאַראַן נייעס — האָט געזאָגט דזשערזשינסקי.

ס'איז ווירקלעך געווען נייעס, און דאָס — גוטע. דער ענין פון די יינגלעך האָט זיך גערירט פון טויטן פּונקט: עס האָט זיך געפונען אַן אַדוואָקאַט, וואָס האָט מאָרגן באַדאַרפט קומען אין טורמע, און וואָס האָט שוין צו וויסן געגעבן די קרובים פון ביידע יינגלעך.

— יאָ, מען האָט אונדז אַרויסגערופן אויף אַ פאַרהער — האָט געענהט סטעפאַן. — מען האָט אונדז געדראָט מיט אַ פויסט, אַז ס'אַ שרעק צו טראַכטן! נאָר איך, אויף מיין ערן־וואָרט, האָב זיך אין גאַנצן נישט דערשראָקן. אַ וואַזשנע מעשה!

אין קאַמער איז געווען שמוציק, און דזשערזשינסקי האָט ווידער געמאַכט אַ טומל. זאַלבעדריט האָבן זיי געוואַשן די פּאָדלאָגע און די ווענט, גערייניקט, געסקראָבעט און געראָמט.

— אָבער גימנאַסטיק האָבן מיר געמאַכט! — האָט געזאָגט וולאַדעק.

— מיר האָבן געאיבט יעדן טאָג. אמת, סטעפאַן?

די יינגלעך האָבן שוין איצט באַקומען גרויסע און געשמאַקע פּעקלעך פון שטוב און פלעגן זיך אַזוי אָנפרעסן, אַז דזשערזשינסקי האָט זיי געהייסן עסן בלויז אין די שעהען, ווען מע גיט אַריין די טורמע־שפּייז. אַן אים האָבן זיי גאָרנישט געגעסן, יעדן עפּל האָבן זיי געטיילט אויף דריי טיילן, און ווען ער האָט נישט געוואָלט נעמען, זענען די יינגלעך געווען זייער באַליידיקט.

אַדאַנק דזשערזשינסקין האָט די גאַנצע טורמע געוווּסט וועגן די יינגלעך, און אייניקע האָבן שוין אַפילו געוווּסט אַז זיי זיצן דערפאַר, וואָס זיי האָבן נישט געוואָלט פאַראַטן אַ חבר. אויף די שפּאַצירן האָבן די אַרעסטאַנטן געווונקען צו זיי פריינדלעך, און איינער אַ בערדיקער אַרעסטאַנט האָט זיי אַפילו געשאָנקען אַ שפּילצייג, וואָס ער האָט אַליין געמאַכט פון גומע.

זונטיק אינאָוונט האָט וולאַדיסלאַוו געהאַט אַ זעונג מיטן פאָטער און זיך צוריקגעקערט אין קאַמער מיט אויגן רויטע פון געוויין, כאָטש דאָס פּנים האָט געשטראַלט פון פרייד.

— מע האָט אונדז ביידע אַרויסגעוואָרפן פון גימנאַזיע מיט וועלפּישע בילעטן[5] — האָט ער געזאָגט. — דיך, סטעפּאַן, און מיך.

סטעפּאַנס פּנים האָט זיך אויסגעצויגן פאַרזאָרגט.

— וואָס וועלן מיר איצטער טאָן? — האָט ער געפרעגט.

— כ'וויים נישט — האָט געענטפערט וואָלאָדיק. — נאָר ווייסט, וואָס דער טאַטע האָט געזאָגט?

— וואָס?

וואָלאָדיק האָט אַ קוק געטאָן אויף דזשערזשינסקין, נאָכהער אויף סטעפּעקן, שפּעטער ווידער אויף דזשערזשינסקין. וואָלאָדיקס אויגן האָבן געגלאַנצט, און זיינע באַקן האָבן זיך גערויטלט.

— דער טאַטע האָט געזאָגט, — האָט ער דערציילט — דער טאַטע האָט געזאָגט, אַז אים געפעלט אונדזער האַנדלונג. דער מאַמען אויך. און דיין מומען אויך. זיי זענען שטאָלץ, וואָס מיר האָבן נישט פאַראַטן דעם חבר. און וועגן דער גימנאַזיע האָט ער געזאָגט: ס'איז טאַקע אַ גרויסער שאָד, פאַרשטייט זיך, נאָר מע קאָן אויסוואַקסן אַ נוצלעכער מענטש אָן איר אויך...

וואָלאָדיק האָט זיך געווענדט צו דזשערזשינסקין:

— דער טאַטע האָט געבעטן, איך זאָל אייך זאָגן... — האָט ער זיך אָפּגערופן מיט אַ ציטערדיקער שטים — אַז מיר... מיר אַלע... האָבן אייך ליב ווי אַ ברודער און וועלן אייך קיינמאָל, קיינמאָל נישט פאַרגעסן.

ס'איז פאַרביי נאָך אַ וואָך, און מע האָט די יינגלעך באַפרייט.

זיי האָבן זיך לאַנג געזעגנט. סטעפּאַן האָט גערעוועט ווי אַ קעלבל. ביי דער טיר איז געשטאַנען אַ יונגער זעלנער און האָט געשטוינט: אַזאַ שטותעריי — מען גייט אַרויס פון טורמע אויף דער פריי און מע וויינט גאָר!...

ווען די טיר האָט זיך פאַרמאַכט הינטער די יינגלעך, איז דזשערזשינסקי צוגעגאַנגען צום פענצטער און האָט לאַנג געקוקט דורך דער קראַטע אויף דעם קליינעם פּיצל בלייך-בלויען הימל.

## פראַגעס און אויפגאַבעס:

1. פאַרוואָס האָבן די יינגלעך בעת דער געזעגענונג מיט דזשערזשינסקין געוויינט?
2. פאַרוואָס האָבן די יינגלעך אַזוי ליב געקראָגן דזשערזשינסקין?
3. פאַרוואָס האָבן די אַרעסטירטע אַזוי געשמייכלט צו די יינגלעך?
4. צעטייל די דערציילונג אין קאַפּיטלעך, גיב יעדן קאַפּיטל אַ קעפּל און דערצייל, לויט אַ פּלאַן, דעם אינהאַלט פון יעדן קאַפּיטל באַזונדער.

---

[5] וועלפּישער בילעט — אַ צייגעניש מיט אַ צייכן, נישט אָנגענומען צו ווערן אין קיין אַנדער גימנאַזיע.

איציק פעפער

# וויג-ליד

שלאָף ניט, קינד מיינס, שלאָף ניט, טייערס,
איצט איז ניט די צייט,
הער, ווי ס׳בושעוועט דאָס פייער,
ס׳קלאַפּט אין דאַך און שרייט.

כ׳וועל ניט זינגען דיר אַ לידל,
שא, נשמה, שטיל,
ס׳שפּילט דער שטורעם אויף זיין פידל
זיין מלחמה־שפּיל.

שלאָף ניט, קינד מיינס, הער ווי ס׳בילן
דונערס אומעטום,
אין דיין אַלקערל דעם שטילן
וויינען שאָטנס שטום...

אין דיין פענצטערל דעם ריינעם
קוקן שטערן בלינד,
אין דיין וויגעלע דעם שיינעם
שלאָפט די נאַכט אַצינד.

שלאָף ניט, קינד מיינס, זע, ווי ס׳פלאַטערט
אונדזער נעכטיק גליק,
דורכן פענצטער ווי אַ שטערן
לייכט דעם טאַטנס בליק...

אויף פאַרשנייטע פעלדער ליגט ער,
אינעם גרויען קאַנט,
אין די פיינט זיין פייער שיקט ער
מיט זיין שטאַרקער האַנט.

און זיין קול די קריגער הערן
אין פאַרשנייטן פעלד,
ווען דו וועסט אַ גרויסער ווערן,
זיי, ווי ער, אַ העלד!

בער מאַרק

# דער ייִנגסטער געטאָ־אויפשטענדלער

יאַנקעלע איז אַלט געווען אינגאַנצן אַכט יאָר, ווען ער האָט פאַרלאָרן טאַטע־מאַמע און איז געוואָרן אַ קיילעכדיקער יתום. דעם טאַטן זיינעם האָט מען געכאַפּט אין מיטן גאַס אין געטאָ און אַוועקגעשיקט אויף שווערער אַרבעט אין אַ לאַגער, פון וואַנען ער איז שוין צוריק נישט געקומען. די מאַמע איז געבליבן מיט דריי פּיצלעך קינדער. יאַנקעלע איז געווען דער עלטסטער. האָט ער באַשלאָסן — פּונקט ווי אַ סך אַנדערע קינדער אין זיין עלטער — צו העלפן דער מאַמען מיט די צוויי שוועסטערלעך. ער איז יעדן פאַרטאָג פלינק אַדורכגעקראָכן דורך אַ געהיימער לאָך אין געטאָ־מויער און אויף יענער זייט זיך איינגעשאַפט שפּייז: אַ פּאָר קאַרטאָפל, עטלעכע סקאָ־רינקעס ברויט, אַ ביסל קרויט־בלעטער. און פון דעם האָט מען באַדאַרפט לעבן.

עס איז אָבער געווען צו ווייניק אויף צו לעבן. די צוויי שוועסטערלעך האָבן נישט אויסגעהאַלטן, זיי זענען אויסגעגאַנגען פון הונגער. די מאַמע, אינגאַנצן אַ צעבראָכענע, איז איינמאָל אַריינגעפאַלן אין די הענט פון די היטלעריסטן: מע האָט זי צוזאַמען מיט טויזנטער אַנדערע אַוועקגעפירט אין טויטן־לאַגער, ווו די פאַשיסטישע מערדער האָבן זי דערהרגעט.

יאַנקעלע איז געבליבן עלנט, אַליין. אָבער ער האָט געהאַט חברים, ייִנגלעך אין זיין עלטער און אויך דערוואַקסענע פריינד. זיי האָבן אַלע גע־הערט צו דער ייִדישער קאַמפּס־אָרגאַניזאַציע און געשוווירן נקמה צו נעמען פאַרן טויט פון זייערע טאַטעס און מאַמעס, פון זייערע ברידערלעך און שוועסטערלעך.

איצט פלעגט אויך יאַנקעלע אויפשטיין פאַרטאָג, ווען עס איז נאָך פינצטער געווען, אַדורכקריכן דעם געטאָ־מויער אין אַזאַ אָרט, ווו קיינער האָט אים נישט געקאָנט כאַפּן. ביינאַכט פלעגט ער זיך ווי פריער אומקערן צוריק. אָבער איצט האָט ער שוין נישט געבראַכט מיט זיך קיין פאַרפוילטע קאַרטאָפל און פאַרדאַרטע שטיקלעך ברויט, אַצינד פלעגט ער שוין ברענגען אַנדערע זאַכן: קוילן צום שיסן, פאַרשידענע זייערסן, וועלכע מען האָט גע־גאָסן אין פלעשער, שטיקלעך געווער פאַר דער ייִדישער קאַמפּס־אָרגאַניזאַ־ציע. קיינער איז נישט געווען אַזוי פלינק און פיפיק, ווי אָט־דאָס קליינע, דאַרע יאַנקעלע. די חברים אין געטאָ האָבן אים דעריבער גערופן יאַנקעלע קאָזאַק, די פּוילישע חברים פון יענער זייט, האָבן אים גערופן „וויעוויורקאַ“.

אַלע קעמפער האָבן געקענט יאַנקעלען. ווי אַן אמתע וועווערקע פלעגט יאַנקעלע שפּרינגען איבער דעכער און איבערטראָגן באַפעלן פון איין קאַמפּס־גרופּע צו דער צווייטער. ווי אַן אמתע וועווערקע פלעגט ער זיך

אַרויסדרייען פון די בייזע פּאָליציאַנטן און פאַבריקס־וועכטער, דערביי פּלעגט ער קונציק אַריינדרייען זיך אין אַ געזעמל פון אַט־די שונאים און הערן, זיך דערוויסן, וואָס זיי האָבן אינזינען צו טאָן מיט די געטאָ־יידן. יאַנקעלע איז נישט נאָר געווען פלינק, ער איז אויך געווען קלוג. דאָס לעבן, דאָס שווערע לעבן, האָט אים אויסגעלערנט אַלץ צו פאַרשטיין און שטענדיק צו געפינען אַן עצה, אַן אויסוועג אין דער סאַמע שווערסטער לאַגע.

ווען עס איז אָנגעקומען דער 19 אַפּריל פון יאָר 1943, דער טאָג, ווען עס איז אויסגעבראָכן דער העלדישער אויפשטאַנד אין וואַרשעווער געטאָ, האָט יאַנקעלע געוווסט, וואָס ער האָט צו טאָן.

ווען די היטלעריסטן האָבן אַריינמאַרשירט אין דער זאַמענהאָף־גאַס, און פיר יידישע קאַמפּס־גרופּן האָבן פון אַלע זייטן גענומען שיסן אין די פיינטלעכע זעלנער, איז יאַנקעלע געווען אויפן פּלאַץ. די עלטערע קעמפער האָבן אים געזאָגט:

— יאַנקעלע, גיי אַוועק, מע שיסט!

אָבער דאָס קליינע יאַטל האָט נישט געוואָלט אָפּטרעטן, ער האָט זיך נישט געוואָלט באַהאַלטן — ער האָט געוואָלט קעמפן. די חברים האָבן אים גענומען טרייבן, אָבער ער האָט געקוקט אויף זיי מיט בעטנדיקע בליקן און זיך פון אָרט נישט גערירט...

עס האָט זיך דערהערט אַ שטים:

— נישטאָ קיין פלעשער!...

ווי יאַנקעלע האָט דערהערט די ווערטער, האָט ער זיך אַ ריס געטאָן פון אָרט, איז שנעל אַוועקגעלאָפן אין בונקער אויף מילע־גאַס, אַריינגע־שפּרונגען אין ווינקל, וועלכן ער האָט גוט געקענט, און אַרויסגעשלעפּט די פלעשער מיט אַ בענזין־געמיש, וועלכע האָבן אונטערגעצונדן דעם שונאס טאַנקען. ער האָט מיטגענומען אַזויפיל וויפל ער האָט נאָר געקאָנט שלעפּן, פלינק, ווי אַ וועווערקע, אַדורכגעטראָגן זיך דורך דער גאַס, איינגעבויגן צו דער ערד, אונטער דער סווישטשעריי פון קוילן. און ווען די קעמפער, וואָס זענען געשטאַנען ביים פענצטער פון צווייטן שטאָק, האָבן דערזען די פרישע פולע פלעשער, האָבן זיי מיט אַנטציקונג אויסגערופן:

— יאַנקעלע קאָזאַק, ביסט אַן אמתער יאַט!...

יאַנקעלע איז שטאָלץ געווען פון די ליוב־ווערטער, אָבער נאָך גליק־לעכער איז ער געווען דערפון, וואָס ער העלפט מיט אין קאַמף קעגן די פאַשיסטישע מערדער. ער איז ווידער געלאָפן צום בונקער און געבראַכט פרישע פלעשער. אַזוי איז ער געוואָרן אַ מיטבאַטייליקטער אין אויפשטאַנד.

אויפצומאָרגנס האָט יאַנקעלען צוגערופן צו זיך דער קאָמאַנדיר. ער האָט אים אָנגענומען מיטביידע הענט פאַר די שמאָלע אַקסלען, אַריינגע־קוקט טיף אין זיינע קלאָרע אויגן און געזאָגט:

— יאַנקעלע, איך ווייס, אַז דו וועסט עס קאָנען מאַכן. הער זיך גוט צו.

יאַנקעלע האָט געברענט פון נייגעריקייט און אויפרעגונג. ער האָט געשלונגען יעדעס וואָרט פון קאָמאַנדיר און עס פאַרקריצט טיף אין זכרון.

די אויפגאַבע איז געווען אַן ערנסטע און פאַראַנטוואָרטלעכע, אַ דרינגענדיקע און שווערע. יאַנקעלע האָט זיך געדאַרפט אַריבערקריגן דורך די געטאָ-מויערן, וועלכע זענען איצט געווען אַרומגעשטעלט און שטרענג באַוואַכט דורך די היטלערישע זעלנער און פאָליציי-לייט, אַוועקגיין אויף אַ באַשטימט אָרט, דאָרט נעמען ביים חבר פראַנצישעק עטלעכע אויפרייס-מינעס און זיי ברענגען צוריק אין געטאָ, פאַר די אויפשטענדלער.

יאַנקעלע האָט זיך גוט איינגעחזרט דעם אַדרעס און דעם פּאַראָל.[1]

ער האָט די אויפגאַבע אויסגעפירט גוט, אַזוי ווי ער, יאַנקעלע קאָזאַק, האָט געקאָנט.

ווען ער איז געגאַנגען צוריק, באַלאָדן מיט צוויי מינעס אויפן הויזן לייב, אין דער ריכטונג צום געטאָ, האָט ער זיך פאַרקוקט אויף די ריזיקע פייער-צונגען און קנוילן שוואַרצן רויך, וואָס האָבן געזעצט פון די געטאָ-הייזער. ווען ער זאָל נישט פילן די קאַלטקייט פון די מינעס אויפן לייב, ווען ער זאָל נישט געדענקען, אַז ער איז איצט אַ קעמפער, וואָס פירט אויס אַ קאַמפס-אויפגאַבע, וואָלט ער זיך באַשטימט צעוויינט. עס איז געווען אַ שרעקלעך, אויפשווידערנדיק בילד, דאָס פלאַקערנדיקע געטאָ.

ער האָט זיך פאַרקוקט אויפן געטאָ און דעריבער גאָר אומגעריכט דערזען די צוויי עס-עס-לייט, וואָס זענען אים געגאַנגען אַנטקעגן, ערשט דעמאָלט ווען ס'איז שוין געווען צו שפּעט.

„אַריינפאַלן אין זייערע הענט? — האָט ער געטראַכט, — קיינמאָל נישט! איך האָב געשוווירן דעם קאָמאַנדיר, אַז כ'וועל אויספירן די אויפגאַבע און ברענגען די מינעס. די חברים וואַרטן אויף זיי מיט אומגעדולד, איך מוז זיך פון די מערדערישע לאַפּעס אַרויסדרייען פאַר יעדן פּרייז".

ער האָט זיך אַ וואָרף געטאָן אין אַ זייט און גענומען לויפן.

— האַלט! האַלט! שטיין בלייבן! — האָט ער געהערט הינטער זיך געשרייען פון די עס-עס-לייט.

ער איז געלאָפן אַלץ האַסטיקער פאָרויס. ער איז געלאָפן אין דער ריכטונג צום גענשער בית-עולם. דאָרטן וועט ער זיך ערגעץ פאַרשטעקן צווישן די קברים און הויכע מצבות, אַז קיינער זאָל אים נישט געפינען. ווען עס וועט צופאַלן די נאַכט, וועט ער אַרויסקריכן און זיך אַריבערקריגן צו די חברים אין בונקער. און אפשר וואַרט אים שוין דאָרט אָפּ אַ פאַרבינדלער פון דער קאַמפס-אָרגאַניזאַציע?

מיטאַמאָל האָט זיך דערהערט אַ קנאַל. אין דער זעלבער רגע האָט יאַנקעלע דערשפּירט אַ שטאַרקן שטאָך אין דער רעכטער האַנט. זי איז אים

---

[1] פּאַראָל — אַן אָפּגערעדטער סימן (סימען), צייכן, וואָרט.



געוואָרן אַזוי שווער ווי בליי, ווי ער וואָלט אין איר טראָגן אַ ריזיקע מאַסע.

עס דערהערט זיך אַ צווייטער קנאַל און אַ דריטער. די עס־עס־לייט האָבן געשאָסן אָן אויפהער. נישט אַלע קוילן האָבן געטראָפן אין ציל, אָבער יאַנקעלע האָט געפילט, ווי עס ווערט אים מיטאַמאָל שרעקלעך שווער דער קאָפּ, בלוט האָט גענומען רינען פון די האָר. ער האָט זיך אַ וואַקל געטאָן, אָט־אָט פאַלט ער אום, אָבער ער איז שוין ביים בית־עולם־טויער. מיט די לעצטע כוחות איז ער אַריבערגעקראָכן און איז אַראָפּגעפאַלן אין הויכן גראָז.

די שיסעריי האָט אויפגעהערט.

יאַנקעלע האָט מיט דער געזונטער האַנט מיט מאַטערניש אַראָפּגעצויגן פון זיך דאָס העמד, מיט די ציין עס צעריסן און זיך אַרומגעבונדן דעם

קאָפּ, די דורכגעשאָסענע האַנט האָט ער אָנגעהאָנגען אויף אַ שטיק העמד און גענומען פֿויזן אויף אַלע פיר.

— — — — — — — — — — —

עס איז שוין געווען נאַכט, ווען די חברים זענען געזעסן אין בונקער און אָפּגעגעבן באַריכטן פֿון די קאַמפן, וואָס האָבן זיך אָפּגעשפּילט אַ גאַנצן טאָג. דערנאָך האָט זיך אויסגעשפּרייט אַן אומהיימלעכע שטילקייט. איינער האָט ביים צווייטן נישט געוואַגט צו פרעגן: ווו איז יאַנקעלע? ווו זענען די מינעס? — נאָר געטראַכט וועגן דעם האָבן אַלע.

פּלוצעם איז אַריינגעקומען דער חבר, וואָס איז געשטאַנען אויף דער וואַך.

— עמעצער האָט אָנגעקלאַפּט אין דער אויבערשטער קליאַפּע און געזאָגט דעם פּאַראָל, — האָט ער שטיל געמאָלדן.

— ס'איז געווים יאַנקעלע, — האָט מיט פרייד אויסגערופן דער קאָמאַנדיר, קיין אַנדערער קאָן עס נישט זיין!

ווען מען האָט געעפנט די קליאַפּע, האָט זיך אין בונקער אַריינגעקאָלערט יאַנקעלע איינגאַנצן אַן אויסגעשמירטער אין בלוט. די רעכטע האַנט איז געווען איינגאַנצן שוואַרץ און געשוואָלן, אין דער לינקער האָט ער קראַמפּהאַפט געהאַלטן די צוויי מינעס.

— די אוי־פּ־גאַ־בע... אוי־ס־גע־פירט... — האָט ער קוים אַרויסגעשטאַמלט.

דאָס זענען געווען זיינע לעצטע ווערטער. ער איז געבליבן ליגן אויף דער ערד אָן לעבן.

די קעמפער האָבן זיך אויפגעשטעלט און אָפּגעגעבן כבוד דעם יינגסטן אויפשטענדלער.

די מינעס, וואָס יאַנקעלע האָט געבראַכט זענען געוואָרן אונטערגעלייגט, און צוזאַמען זענען העכער צוואַנציק היטלעריסטן דערהרגעט געוואָרן פון דעם אויפרייס.

— דער חשבון פאַר יאַנקעלען איז אויסגעגלייכט געוואָרן מיט פּראָצענט, — האָט געזאָגט דער קאָמאַנדיר ביינאַכט אין בונקער, ווען מע האָט אָפּגעגעבן די באַריכטן פון דער שלאַכט פאַרן לעצטן טאָג.

אַלע יאָר, דעם 19 אַפּריל, ווען עס קומען פון אַלע שטעט, פון אַלע פאַבריקן, אַמטן, אָרגאַניזאַציעס, יידן און פּאָליאַקן לייגן קרענץ ביים דענקמאָל און דערמאָנען מיט ליבע די זין פון יידישן פּאָלק, וועלכע זענען העלדיש אומגעקומען אין קאַמף פאַר פרייהייט, קעגן די מלחמה־אונטערצינדער און מאַסן־מערדער, ווערן צווישן די פיל אַנדערע שיינע נעמען פון די קעמפער דערמאָנט אין דער שטיל דער קליינער יאַנקעלע, דער העלדישער אויפשטענדלער פון וואַרשעווער געטאָ.

בינעם העלער

# דאָס ייִנגל פֿון פּאַוויע

אין וואַרשעווער הייפֿן אָן גרינס און אָן בלומען —
ווי שנעל איז געלאָפֿן אַ זומער נאָך זומער!
אַ פֿריילעכער טומל איז שטענדיק געשטאַנען
פֿון מיידלעך, וואָס שפּילן אין ראָדענראַנע,
פֿון ייִנגלעך, וואָס זינגען אין שול און אין חדר,
פֿון קלעזמערס, וואָס שפּילן אויף פֿידלען און פֿלייטן,
פֿון בלעכערס, וואָס שרייען: „פֿאַרריכטן, פֿאַרלייטן!“

אין איינעם אַ הויף האָט געוווינט אַזאַ ייִנגל —
מיט ליכטיקע אויגן, אויף שרויפֿן אַ צינגל.
אין שול איז דאָס ייִנגל דער שילער דער בעסטער,
און צווישן חברים — דער שטיפֿער דער גרעסטער.
ווו נאָר ער פֿלעגט קומען, פֿלעגט פֿריילעכער ווערן,
דער ווייִנער אַפֿילו פֿלעגט שמייכלען דורך טרערן.
פֿאַר אַלעמען איז ער געווען אַ חבר —
אַזאַ איז געווען דאָס ייִנגל פֿון פּאַוויע.

געקומען דער נאַצי, פֿאַרמאַכט אַלע גאַסן.
געקומען, באַפֿוילן די ייִדן צו האַסן.
קיין ברויט און קיין ליכט זאָל נישט זיין אינעם געטאָ,
נאָר קינדער, וואָס בעטלען אין פּראָסטיקן וועטער,
און טאַטעס, וואָס ליגן געשוואָלן פֿון הונגער,
און שוועסטער וואָס שפּייען אין בלוט אויס די לונגען,
און מאַמעס, וואָס זינגען מיט ליפּן פֿאַרשמאַכטע
דאָס ליד פֿון דער נויט אין דעם געטאָ פֿאַרמאַכטן.

דאָס ייִנגל פֿון פּאַוויע ווערט בלאַסער און בלאַסער.
אויף שטילן דעם הונגער איז ווייניק דאָס וואַסער,
אויף שטילן דעם ווייטיק איז ווייניק דער צאָרן.
זיין שמייכל איז לאַנג שוין פֿאַרלאָשן געוואָרן.
ער ווייסט, אַז מע דאַרף איצט זיין דרייסטער און פֿלינקער —
עס גייען טראַנספּאָרטן אַוועק קיין טרעבלינקע,
ער ווייסט, אַז עס גייען אַוועק מיטן פֿייער
די טאַטעס, די מאַמעס, חברים געטרייע.



נאָר פּלוצלונג צעטראָגט זיך אַ ליכטיקע בשורה:
עס שטעלט זיך דאָס געטאָ אַנטקעגן מיט גבורה!
עס פאַלן פאַשיסטן אין קאַמף מיט די יידן
און כ׳פלאַטערט אַ שטאָלצע די פאָן פון מרידה [1]! —
דאָס יינגל פון פאַוויע רייסט דורך זיך דורך רויכן,
ער שפּרינגט איבער חורבות און ווערט נישט געשטרויכלט,
ער קומט אינעם שטאַב פון די קעמפער און מעלדעט:
ב׳וויל לעבן און שטאַרבן אַ העלד צווישן העלדן!

— — — — — — — — — — —

נישטאָ יענער הויף שוין, נישטאָ שוין די פאַוויע,
און ווו איז דאָס יינגל — דער גאָלדענער חבר? —
קען זיין, אַז ער לעבט, אַז ער איז דאָ פאַראַנען,
אַלציינס — לאָמיר איצט אים מיט ערע דערמאָנען.
דער שונא איז טויט, און דאָס לעבן דאָס נייע
מיר האָבן באַקומען אין קאַמף און אין פייער —
מיר וועלן דעם אָנדענק פון העלדן באַערן;
ביים הייליקן אָנדענק — מיר שווערן, מיר שווערן!

---

[1] מרידה (מערידע) — אויפשטאַנד, בונט.

לייב מאָרגנטוי

# אויפשטאַנד אין געטאָ

איך וויל דיר דערציילן פון אויפשטאַנד, מיין קינד,
פון העלדישע קעמפער אין וואַרשעווער געטאָ.
פון זייערע גבורות זינגט לידער דער ווינט.
פון גרויסקייט און מוט יעדעם שטיינדעלע רעדט דאָ.

אַ תפיסה געוועז איז דאָ יעטוועדעס הויז.
עס האָבן צום „אומשלאַג" געפירט אַלע וועגן.
ביז ס'האָט, ווי אַ ים, זיך דער צאָרן צעבראָכן,
און האָט זיך מיט פייער און קוילן צערעגנט.

געווען איז דער ניינצנטער טאָג אין אַפּרעל.
עס האָט נישט מיט פאַרבן געשפּילט יענער פרילינג.
אַריין זענען נאַציס מיט היטלערס באַפעל:
„דער רעשט פון די יידן מוז ווערן פאַרטיליקט!"

נאָר ס'האָט אונטער רוצחישע טריט זיך די ערד
אין פּלוצלינגען אויפגעריסן אַ טרייסל געגעבן
און ס'האָט זיך אין דונער דער אָנזאָג דערהערט:
„נישט אָפּגעבן וועלן מיר ביליק דאָס לעבן!"

אַן אויפשטאַנד אין געטאָ?... געשטוינט האָט דער קאַט.
„כאַ-כאַ, ס'ווילן יידן מיט אונדז זיך פאַרמעסטן?...
פון מיידלשע הענט טרעפט אין ציל אַ גראַנאַט.
אַ יעטוועדע שטוב איז געוואָרן אַ פעסטונג.

עס אָטעמט דאָס געטאָ מיט גבורה און האַס.
דער שונא שיקט שטאָלענע פייגל און טאַנקען.
אַ שלאַכט-פעלד געוואָרן איז יעטוועדע גאַס,
אַ יעטוועדער דאַך נעמט מיט פייער דערלאַנגען.

עס צינדן די רוצחים אַ הויז נאָך אַ הויז,
עס טרינקען זיך גאַסן אין רויך און אין פלאַמען,
אַ ייד שפּרינגט דורך פייער פון פענצטער אַרויס,
אַ קינד ווערט פאַרקוילט אויף די הענט פון אַ מאַמען.

נאָר ס'האַלט זיך דאָס געטאָ, אין בלוט און אין בראַנד.
אַ הייפל — אין קאַמף קעגן ריזיקן שונא!...
עס גיט דאָס געווער נישט קיין ציטער אין האַנט
פון מענער, פון פרויען, פון יוגנט, פון זקנים.

עס האָט זייער בלוט אויסגעלאָשן דעם פלאַם...
צעווייט אויפן הימל די רויכיקע קנוילן.
זיי האָבן צעבראָכן פון געטאָ דעם צאַם,
אין קאַמף פאַר אַ פרייען און ליכטיקן פוילן.

בער מאַרק

# בערעק יאָסעלעוויטש

ענדלעך איז געקומען דער פרילינג. דאָס אייז אויף דער ווייסל האָט שוין לאַנג געריסט. די הימלען זענען לויטער געוואָרן. אַ וואַרעמע זון האָט זיך צעשיינט. די לופט האָט געשמעקט מיט פרישקייט פון שפּראָצנדיקן גראָז און בלומען. באַלעבאָסטעס האָבן אַרויסגעשלעפּט אויף דער פרישער לופט בעטגעוואַנט, אויסגעקלאַפּט דעם ווינטערדיקן שימל, געשייערט טעפּ, גערייניקט שויבן.

אויף די גאַסן האָבן זיך באַוועגט גרויסע גרופּן מענטשן. מע האָט אַראָפּגעוואָרפן פון זיך די אַלטע ווינטערדיקע לאַכעס און פרייער אָפּגעעטעמט. מענטשן זענען געוואָרן ווי ייִנגער, רירעוודיקער, מונטערער.

ס'איז געווען אַפּריל 1794 יאָר.

עפּעס איז אין וואַרשע געווען אומרואיק, עפּעס האָט געצאַפּלט אין די הערצער פון די מענטשן. צוזאַמען מיטן פרילינג זענען צוריקגעקומען באַגערן און האָפענונגען, וועלכע האָבן געדרימלט ביי די וואַרשעווער איינוווינער אין די פראָסטיקע ווינטערדיקע טעג און נעכט, די באַגערן און האָפענונגען פון פרייהייט.

וואַרשע האָט אויף עפּעס אַ גרויסע און וויכטיקע געשעעניש געוואַרט. מיט האַלבע, פילדייטיקע ווערטער האָט מען זיך דורכגערעדט אויף די מערק און גאַסן, אין די באַלמעלאָכישע וואַרשטאַטן, אין די ביר-קעלערן, ביי די שטאָט-ראָגאַטקעס בעת די פאַרנאַכטיקע שפּאַצירן. פון מויל צו מויל האָט מען זיך איבערגעגעבן אַ פריידיקן גרוס, וואָס איז אָקאָרשט אָנגעקומען פון קראָקע, אַ גרוס, אַז דאָרטן אויפן מאַרק האָט אַ יונגער גענעראַל געשווירן טרייהייט דעם פאָלק און גערופן צום אויפשטאַנד. זיין נאָמען איז טאַדעוש קאָשטשיושקאָ. ער האָט אַרויסגעלאָזט אַ רוף צו אַלעמען אין לאַנד, צו אַלע-

מען, אָן אונטערשיד פון אָפּשטאַם און גלויבן, אַ רוף צום קאַמף פאַר פריי־הייט. געוויסע מענטשן האָבן אפילו דעם אויפרוף מיט די אייגענע אויגן לֵיע־זען, און זיי דערציילן איבער אין דער שטיל, מיט אַ שעפּטש, אומקוקנדיק זיך אין אַלע זייטן, וואָס עס שטייט דאָרט געשריבן: „חשובע הערן! ביי דער פאַרטיידיקונג פון פאָטערלאַנד זענען אַלע ביי מיר גלייך, און דעריבער שעץ איך גלייך אַ ייִד, אַ פּויער, אַ שליאַכטשיץ, אַ גלח און שטאָטמאַן".

מענטשן הערן אויס, שאָקלען צו צושטומענדיק מיטן קאָפּ, און די דרייסטערע פון זיי, די שוסטער, די קצבים, די שיק־יינגלעך, וואָס דינען ביי גרויסע געשעפטס־לייט, רופן אויס שוין מיט אַ העכער קול:

— נו, און ווען וועט מען שוין דערלעבן ביי אונדז, אין וואַרשע? אויף וואָס וואַרט מען? אוי, ווי עס בייסן די דלאָניעס...

— זאָרג נישט, — ענטפערן אַנדערע — דער ברודער קילינסקי טראַכט שוין וועגן דעם.

יאַן קילינסקי, דער פירער פון די וואַרשעווער שוסטער, האָט שוין טאַקע געטראַכט וועגן דעם. אין געהיים זענען שוין געווען גרייט צום אַרויסטריט די וואַרשעווער באַלמעלאָכעס, און צוזאַמען מיט זיי — אַ טייל פון די סאָל־דאַטן, וואָס האָבן געדינט אין מיליטער.

יאַן קילינסקי האָט פאַרמאָגט אַ געטרייען און מוטיקן מיטקעמפער. דאָס איז געווען דער ייִד בערעק יאָסעלעוויטש — אַ הויכער, מיט אַ פּאָר שוואַרצע וואָנצעס און אַ פּאָר געזונטע הענט, וואָס האָבן געקאָנט אי צוימען אַ צעבריקעוועט פערד, אי האַלטן פעסט אַ שווערד.

בערעק יאָסעלעוויטש האָט אויך געהאַט אַ קלוגן קאָפּ, און אויסגעווען איז ער שוין אַ וועלט. זיין באַלעבאָס, דער רייכער פריץ מאַסאַלסקי, פלעגט אים שיקן קיין אויסלאַנד איינקויפן פערד און ביכער. בעת איינער אַזאַ רייזע איז בערעק פאַרפאָרן אַזש קיין פּאַריז. און גראָד איז עס געווען די צייט, ווען דאָס פאַריזער פאָלק איז אַרויסגעטראָטן אין קאַמף קעגן זיינע אונטערדרי־קער, ווען עס איז אויסגעבראָכן די פראַנצויזישע רעוואָלוציע.

בערעק איז צוריקגעקומען צו זיינע וואַרשעווער ייִדן און זיי געמוטיקט אַגי־טירן: מע דאַרף צושטיין צום אַלגעמיינעם קאַמף קעגן די אונטערדריקער.

זיינע ווערטער האָבן געווירקט.

און עס איז געשען דעם 17־טן אַפּריל אין 1794־טן יאָר.

באַלד אינדערפרי האָט געהערשט אין די גאַסן אַ טויטע שטילקייט. נישט מער מע האָט געהערט דעם אָפּהילך פון דער קלאַפּעריי פון פערדישע קאָפּיטעס איבער דעם וואַרשעווער ברוק, — דאָס זענען די צאַרישע זשאַנ־דאַרן אַרומגעפאָרן איבער די גאַסן, געהיט די אָרדענונג, געזען, צי קיינער בונטעוועט נישט קעגן צאַר.

פּלוצעם איז פון אַ ווינקל אויף אַלט־שטאָט אַרויסגעפלויגן אַ שטיין. ווייזט אויס, אַז אַ געניטע האַנט האָט אים געוואָרפן. דער זשאַנדאַר אויפן

פערד האָט זיך אָנגעכאַפּט פאַרן אויער, פון וואַנען עס האָט גענומען רינען אַ ריטשקעלע בלוט.

איידער זיינע צוויי חברים האָבן באַוויזן אַרויסצוציען די שווערדן פון די שיידן, זענען זיי שוין באַפאַלן געוואָרן דורך אַ גרויסער גרופּע מענטשן. דאָס זענען געווען די שוסטער פון אַלט־שטאָט אונטער דער אָנפירונג פון יאַן קילינסקי.

עס האָט זיך אָנגעהויבן אַ שלאַכט. איינער פון די זשאַנדאַרן האָט אַרויסגעכאַפּט אַ פּיפל. אַ לאַנגע שניידיקער פייף האָט דורכגעבויערט די לופט. פון דער זייט פון דער פראַנציסקאַנער גאַס האָט זיך דערהערט אַ גאַלאָפּ פון פערד. די זשאַנדאַרישע פּאַטרולן פון די גאַסן פראַנציסקאַנער, מוראַנאָוו, באָניפראַטן האָבן געאיילט צו הילף זייערע באַפאַלענע חברים.

די לאַגע פון קילינסקים שוסטער האָט געקאָנט ווערן שלעכט און אפילו געפערלעך.

אָבער מיטאַמאָל איז געשען אַ מאָדנע זאַך. פון די טויערן אויף פראַנציסקאַנער גאַס האָבן זיך אַרויסגעשאָטן יידן און גענומען לויפן אויף די זשאַנדאַרישע פערד. די צעפלאָשעטע פאָלעס האָבן זיי פאַרשטעקט הינטער די גאַרטלען, אין די הענט געהאַלטן שטיקער אייזנס, לאָפּעטעס, פלאָקנס, און מיט שטאַרקע געשרייען זיך געוואָרפן אויף די רייטער, אַרויסגעריסן פון זייערע הענט די לייצעס, געשלאָגן מיט די שטעקנס, געשלעפּט די צאַרישע משרתים פאַר די פיס און אַליין זיך אַרויפגעכאַפּט אויף די פערד. די צעטומלטע זשאַנדאַרן האָבן נאָך קיינמאָל נישט געזען, אַז יידן זאָלן זיך קאָנען אַזוי העלדיש שלאָגן. זיי זענען געווען אַזוי צעטומלט, אַז זיי האָבן קוים געשטעלט אַ ווידערשטאַנד.

צווישן די צעקאָכטע און צעפלאַמטע יידן האָט זיך פלינק און ענערגיש געדרייט בערעק יאָסעלעוויטש. ער האָט אַרויסגעגעבן באַפעלן, געהאַלטן אָרדענונג. ווען דער שונא איז שוין געווען באַזיגט — אַ טייל פון די זשאַנדאַרן האָט גענומען פיס, אַ צווייטער טייל איז געלעגן צעקיילט און צעביילט, אָדער געבונדן מיט רימענע שטריק — האָט זיך אויף אַן איבערגעקערטן וואָגן אין מיטן גאַס אַרויפגעכאַפּט בערעק און מיט היץ גענומען רעדן צו זיינע ברידער:

„הערט מיך אויס, וואַרשעווער יידן, קינדער פון מיין פאָלק!

אין קראָקע אויפן מאַרק האָט דער גרויסער גענעראַל קאָשטשיושקאָ גערופן אַלעמען צום אויפשטאַנד. טאָ פאַרוואָס זאָלן מיר, די צומטערסטן אונטערדריקטע, זיך נישט נעמען צום געווער? אָט ליגן די שווערדן, די שפּיזן און די ביקסן פון די הינטישע זין, די משרתים פון צאַר. נעמט עס! באַוואָפנט זיך! עפנט אויף די אויגן! מיט די אייגענע הענט וועלן מיר אויסקעמפן אונדזער פרייהייט! מיט אונדזער קאַמף וועלן מיר ווייזן, אַז מיר זענען גלייך מיט אַלעמען.



טייערע ברידער! האָט נישט קיין מורא, איך וועל גיין פאָרויס אין גרעסטן פייער, און איר וועט אויך גיין, היינט האָט איר געוויזן אייער כוח און אייער מוט"!

מיט יובלדיקע געשרייען האָט די מאַסע געענטפערט אויף בערעקס ווערטער.

דערווייל זענען אָנגעקומען פון אַלט־שטאָט די שוסטער מיט קילינסקין אין שפּיץ. ער האָט אַרומגענומען בערעקן און אים געקושט. מע האָט זיך באַגריסט צום ערשטן זיג.

— שאָלים כאַיים[1]! — האָבן געשריגן די פּוילישע שוסטער פון אַלט־שטאָט.

חיים שלום! — האָבן געענטפערט די יידן. דאָס זענען געווען מערסטנ־טייל אָרעמע מענטשן, באַלמעלאָכעס, שיק־יינגלעך, אַרבעטסלאָזע, וואָס האָבן געזוכט אַ טאָג אַרבעט.

— און איצט — האָט אויסגערופן קילינסקי — שטייט פאַר אונדז אַ צווייטע אויפגאַבע, נאָכען אַרויסטרייבן די פרעמדע באַצווינגער דאַרפן מיר אויסראָטן די פאַרעטער פון די אייגענע רייען.

די מאַסע האָט זיך אַ לאָז געטאָן דורך די שמאָלע, געדרייטע געסלעך פון אַלט־שטאָט צום קיניגלעכן שלאָס, ווו עס האָבן זיך באַהאַלטן די פאַרע־טער פון פאָלק. די גרויסע פּריצים, וועלכע האָבן פאַרקויפט דאָס לאַנד דעם

[1] אַזוי האָבן צו יענער צייט די פּוילישע אַרבעטער באַגריסט די יידן, וואָס האָט באַדייט: געזונט און פרידן.

שונא און אויף אַ שווידערלעכן אופן אונטערדריקט די פּויערים, זיי געהאַלטן אין אמתער קנעכטשאַפט.

בערעק האָט געשפּאַנט צוזאַמען מיט קילינסקין און אַנדערע באַלמעלאָ־כישע פירער אין דער פאָדערשטער ריי פון דער צעשטורעמטער מאַסע. ער איז געגאַנגען אַ פאַרזונקענער אין געדאַנקען. עס האָט זיך אים דערמאָנט די קינדהייט... אַ ווייטער דאָרף אין דער ליטע... דער רייכער מאַגנאַט מאַ־סאַלסקי רופט אַרויס בערעקס טאַטע צו זיך... אַ שרעק באַפאַלט די גאַנצע משפּחה, מע האָט מורא, דער פּריץ זאָל נישט פּייניקן דעם טאַטן. ער איז דאָך שולדיק אָפּצאָלן פאַר דער אָרעמער קרעטשמע, וועלכע האַלט ביים איינפאַלן.

בערעק דערמאָנט זיך דעם טאַטנס צוריקקומען — נישט קיין מענטש, נאָר אַ שאָטן פון אַ מענטש... האָט נישט געוואָלט מיט קיינעם קיין וואָרט רעדן, זיך אַוועקגעלייגט און זיך ביטער צעוויינט, ווי אַ קליין קינד. דער פּריץ האָט געגעבן שמיץ אויפן הוילן קערפּער.

עס ביילן זיך צונויף בערעקס פויסטן. ער הייבט אָן שווער צו אָטעמען. ער הייבט אויף די אויגן אויף די טורעמלעך פון קעניגלעכן שלאָס. איצט וועט ער, דער זון פון געשמיסענעם קרעטשמער, אָפּצאָלן דעם פּריץ, אַלע פּריצים, אוי, וועט ער אָפּצאָלן!...

איצט וועלן פאַר די דורותדיקע ליידן און באַליידיקונגען אָפּצאָלן דעם פּריץ און אַלע פּריצים — אויך דער פּויער, דער פּוילישער באַלמעלאָכע, דער געזעלן, דער אָרעמאַן.

— די פאַרעטער אין תפיסה!

— די פאַרעטער אויף דער תליה!

— אויף די לאַמטערנעס זיי אויפהענגען!

— זאָל לעבן די פרייהייט!

אַ דראָענדיקע מאַסע האָט אָנגעגריפן אויפן שלאָס.

## פראַגעס:

1. ווער איז געווען בערעק?
2. מיט וועמען איז ער געווען באַפריינדעט?
3. פאַרוואָס האָט ער צוזאַמען מיט אַנדערע יידן זיך אָנגעשלאָסן אין אויפשטאַנד?
5. פאַרוואָס זענען די אויפשטענדלער אַוועק צום שלאָס?
4. וואָס האָט קאָשטשיושקאָ געשריבן אין זיין מאַניפעסט?
6. ציי ווייסטו נאָך נעמען פון יידן, וואָס האָבן זיך באַטייליקט אין די באַפרייונגס־קאַמפן פון פּוילישן פאָלק? אַ וואָסער לאָזונג איז געווען ביי די אויפשטענדלער? (דערקלער דעם זין פון דעם לאָזונג „זאַ נאַשאָן אי וואַשאָן וואָלנאָשטש!")

ע. קאָזאַקעוויטש

# דאָס לידל פון קליינעם גרענעצלער

מיט מיין בעסטן חבר ברוך
כ׳גיי אין טייגע שטיל אַריין.
כ׳בין אַ גרענעצלער געוואָרן
און אַ גרענעצלער כ׳וועל זיין.

ס׳פאָרט מיין ברודער מיין געזונטער
אויפן טראַקטאָר אַזוי גיך,
ער איז פעסט און ער איז מונטער,
און ער מעג זיין שטאַרק ביי זיך.

מיינע שוועסטערלעך אין גאָרטן
טאַנצן, שפילן, פול מיט פרייד,
און געלעכטער קלינגט פון דאָרטן —
שפילט זיך, טאַנצט געזונטערהייט!

ביי די בינען גייט מיין טאַטע,
ס׳דופטן בלומען דאָרט געשמאַק,
רויטער מאָן און ווייסע מיאַטע [1]
בינען זשומען, ס׳שרייט דער גראַק [2].

זאָל דער טאַטע ברענגען יענעם
לינדן האָניק, זיס און פריש.
עס איז גוט באַוואַכט די גרענעץ,
מעג זיין רייך געגרייט דער טיש.

מיט מיין ווילן חבר ברוך
גיי איך אום ביים גרויסן ראַנד.
כ׳בין אַ גרענעצלער געוואָרן,
איך באַוואַך דאָס גאַנצע לאַנד!

---

1 מיעטע־בלומען
2 גראַק — אַ ווראָנע, אַ קראָ.

אַלפֿאָנס דאָדע

# סעגענס ווייס ציגעלע

.1

אַך, סאַראַ שיינקייט ס׳איז געווען סעגענס קליינינקע ציגעלע, ווי שיין עס האָט אויסגעזען מיט זיינע צאַרטע אויגן, מיט זיין שפּיציק בערדל, מיט זיינע שוואַרצע און גלאַנציקע טלאָען, מיט זיינע געשטרייפטע הערנערלעך און מיט זיין לאַנגער ווייסער וואָל, וואָס האָט עס, ווי מיט אַ מאַנטל, איינגעהילט. דערצו איז עס נאָך געווען אַ שטילינקס און מילדס, האָט זיך רואיק געלאָזט מעלקן און איז נישט געקראָכן מיט די פיסלעך אין מעלק־שעפל אַריין.

דאָס איז געווען אַן אַנטיקל אַ ציגעלע...

סעגען האָט הינטערן שטיבל זיינעם געהאַט אַ שטיקל פעלד, וואָס איז אַרום און אַרום פאַרוואַקסן געווען מיט דערנער־קשאַקעס. אַהינצו פלעגט ער אָפּפירן זיין ציגעלע. אויף דעם בעסטן שטיקל פלאַץ האָט ער עס דאָרט צוגעבונדן מיט אַ לאַנג שטריקל צו אַ פלעקל און פלעגט אַלעמאָל קומען אַ קוק טאָן, וואָס עס מאַכט. דאָס ציגעלע האָט אויסגעזען זייער גליקלעך, פריילעך געצופּט מיט די ציינדלעך דאָס גראָז, און סעגענען איז דאָס האַרץ געוואַקסן פאַר פרייד.

איינמאָל האָט דאָס ציגעלע זיך פאַרקוקט אויף די בערג און אַ טראַכט געטאָן:

ווי גוט דאַרף זיין דאָרט אינדערהייך! סאַראַ פאַרגעניגן דאַרף זיין דאָרט אַרומצושפּרינגען אין גראָז אָן אָט־דעם מיאוסן שטריקל, וואָס רייבט אָן דעם האַלדז און נאַקן! דאָס פּאַסט גאָר פאַר אַן אייזל, אָדער פאַר אַן עקסל זיך צו פּיטערן אויף אַן אָפּגעצוימטן פּלאַץ. ציגן דאַרפן האָבן אַ פריי פעלד.

פון דעמלט אָן איז דעם נמאס געוואָרן דאָס גראָז פונעם אָפּגעצוימטן שטיק פעלד. ס׳האָט דעם אָנגעכאַפּט אַ בענקעניש, ס׳איז געוואָרן מאָגער, האָט אויפגעהערט געבן מילך. ס׳איז געווען אַ רחמנות צו זעען, ווי עס האָט אַ גאַנצן טאָג געצופּט דאָס שטריקל, אויסגעדרייט דעם קאָפּ צו די בערג, צעשפּרייט די נאָזלעכער און טרויעריק געמעקעט.

סעגען האָט באַמערקט, אַז עפּעס איז געשען מיט דעם ציגעלע זיינעם, נאָר ער האָט נישט געוווסט וואָס...

איינמאָל אינדערפרי, אַז ער האָט עס אויסגעמאָלקן, האָט עס זיך אומגעקערעוועט צו אים און אַ זאָג געטאָן אויף זיין לשון:

— הערט נאָר, באַלעבאָס, ס׳איז מיר אומעטיק ביי אייך, לאָזט מיך אָפּ אין די בערג.

— אַך, גאָט מיינער, אָט האָסטו דיר אַ נייעס! — האָט סעגען דער־שראָקן אויסגעשריגן און פון גרויס שרעק איבערגעקערט דאָס מעלק־שעפל. אין ער האָט זיך אַוועקגעזעצט אויפן גראָז נעבן זיין ציגעלע.
— בלאַנקעטע, וואָס הייסט? וואָס הייסט? די ווילסט מיך אַוועקוואַרפן?
— בלאַנקעטע האָט געענטפערט:
— יאָ, הער סעגען.
— וואָס, עס פעלט דיר דען גראָז?
— אָ, ניין, הער סעגען.
— אפשר איז דאָס שטריקל צו קורץ? ווילסט, וועל איך צובינדן אַ לענגערס.
— עס לוינט נישט די מי, באַלעבאָס.
— וואָס־זשע דען דאַרפסטו, וואָס־זשע ווילסטו?
— איך וויל גיין אויף די בערג, הער סעגען.
— צי ווייסטו דען נישט, אומגליקלעכע, אַז אויף די בערג געפינט זיך דער וואָלף? וואָס וועסטו טאָן, אַז ער וועט אָנקומען?
— איך וועל אים געבן אַ שטויס מיט די הערנער, הער סעגען.
— דער וואָלף לאַכט זיך אויס פון דיינע הערנער. ער האָט שוין גענוג ציגן ביי מיר אויפגעפרעסן, און מיט אַ ביסל גרעסערע הערנער, ווי דיינע. דו געדענקסט די אָרעמע אַלטיטשקע רענאַד, וואָס איז דאָ געווען פאַר־יאָרן? סאַראַ גרויסע ציג דאָס איז געווען, און אַ מין שטאַרקע און בייזע, ווי אַ באָק! אַ גאַנצע נאַכט האָט זי זיך געראַנגלט מיטן וואָלף, און אינדערפרי האָט זי דער וואָלף פאָרט אויפגעפרעסן.
— אומגליקלעכע רענאַד, נעבעך! אָבער דאָס מאַכט נישט אויס, באַ־לעבאָס, לאָז מיך אַוועקגיין אין די בערג.
— גאָט מיינער! — האָט סעגען געזאָגט — וואָס איז געוואָרן מיט מיינע ציגן? אָט וועט דער וואָלף נאָך איינע פאַרצוקן. אָבער ניין! איך וועל דיך ראַטעווען, קעגן דיין ווילן. און כדי דו זאָלסט זיך נישט אָפּרייסן פון שטריקל, וועל איך דיך אויף שטענדיק פאַרשפּאַרן אין שטעלכל.
און סעגען האָט אַוועקגעטראָגן דאָס ציגעלע אין פינצטערן שטעלכל און פאַרשלאָסן די טיר אויף אַ צווייעניקן שלאָס. צום אומגליק האָט ער פאַרגעסן, אַז דאָרט איז פאַראַן אַ פענצטערל, און ווי נאָר ער האָט זיך אָפּגע־קערעוועט, האָט די ציג זיך אַרויסגעכאַפּט פון דאָרטן.

.2

אַז דאָס ציגעלע איז געקומען אין די בערג אַריין, איז דאָרט געוואָרן אַ גרויסע פרייד. די אַלטע סאָסנעס האָבן נאָך קיינמאָל נישט געזען אַזאַ שיינהייט. מ׳האָט עס אויפגענומען ווי אַ קליינע פרינצעסין. די קאַשטאַן־

ביימער האָבן זיך אָנגעבויגן ביז צו דער ערד, כּדי גלעטן די ציג מיט די שפּיצן פון זייערע צווייגן. די גאָלדענע גרעזלעך האָבן פאַר דעם געמאַכט אַ וואַרע, בעת עס איז געגאַנגען, און פאַרשפּרייט די בעסטע דופטן, וויפל זיי האָבן נאָר געקאָנט. דער גאַנצער באַרג האָט עס אויפגענומען יום־טובֿדיק.

שטעלט זיך פאָר, ווי אונדזער ציג איז געווען גליקלעך! נישטאָ מער קיין שטריק, נישטאָ מער קיין פּלעקל! נישטאָ מער קיין אָפּהאַלט, וואָס זאָל זי נישט לאָזן שפּרינגען, רייסן בלעטלעך, ווי איר גלוסט זיך. און וויפל גראָז איז דאָ פאַראַן! העכער איבער די הערנער! און וואָס פאַר א גראָז! געשמאַקס, דינינקס, מיט שפּיצן, טויזנטערליי מינים... אַ ביסל בעסער גראָז, ווי דאָרט אויפן אָפּגעצוימטן פּלאַץ! און וויפל בלומען! גרויסע, בלויע גלעקעלעך, פּורפּורנע פינגערהוטן מיט לאַנגע בעכערלעך — אַ גאַנצער וואַלד מיט ווילדע בלומען, וואָס פון זייער שטאַרקן אַראָמאַט פאַרדרייט זיך דער קאָפּ. דאָס ווייסע ציגעלע, וואָס איז געווען א ביסל פאַרשיכּורט, האָט זיך געוואַלגערט אין גראָז מיט די פיס אין דער לופטן, און זיך אַראָפּגעקוילערט איינעם מיט די אַראָפּגעפאַלענע בלעטלעך און קאַשטאַנעס באַרג־אַראָפּ... דערנאָך האָט עס מיטאַמאָל, מיט איין שפּרונג זיך ווידער געשטעלט אויף די פיס: האָפּ! און ס'איז אַוועק ווייטער מיט אַן אויסגעצויגענעם קאָפּ איבער די געדיכטע קשאַקעס און קליינע בוקן־ביימלעך: אָט פליט עס אַרויף ביזן סאַמע שפּיץ באַרג, און אָט לאָזט עס זיך אַראָפּ אין א טיפן טאָל: אַרויף, אַראָפּ, אומעטום. עפּעס האָט עס אויסגעזען, גלייך ווי נישט איינע, נאָר גאַנצע צען ציגן זענען אַנטלאָפן פון סעגענען.

בלאַנקעטע האָט פאַר קיין שום זאַך קיין מורא נישט געהאַט.

מיט איין שפּרונג איז זי אַריבער ברייטע באַרג־שטראָמען, וואָס האָבן זי באַשפּריצט מיט פייכטן וואַסער־שטויב און שוים. דערנאָך האָט זי זיך, אינגאַנצן א נאַסע, פאַרקליבן אויף א גלאַטן שטיין און זיך גענומען טריקענען אויף דער זון. איינמאָל איז זי צוגעלאָפן מיט א בלימעלע אין מויל ביזן ראַנד פון פלאַכן באַרג און האָט מיטאַמאָל דערזען אונטן, דאָרט גאָר גאָר אונטן, סעגענס שטיבל מיט די פעלדער הינטער דעם. זי האָט געלאַכט כמעט ביז טרערן.

— ווי קליין דאָס איז! — האָט זי געזאָגט. — ווי האָב איך געקאָנט דאָרט אויסהאַלטן?

3.

מיטאַמאָל האָט אַ בלאָז געטאָן אַ קאַלט ווינטל. דער באַרג איז געוואָרן פיאָלעט, די נאַכט איז צוגעפאַלן.

— שוין! — האָט דאָס קלוגע ציגעלע געזאָגט און איז געבליבן שטיין שטאַרק פאַרוואונדערט.

אונטן זענען די פעלדער פאַרזונקען געוואָרן אין אַ געדיכטן נעפּל, און פון דער שטוב האָט מען מער נישט אַרויסגעזען, ווי דעם דאַך און אַ קליי־נינקן רויך איבער אים. דאָס ציגעלע האָט דערהערט גלעקלעך פון אַ טשערע־דע, וואָס האָט זיך אומגעקערט פון דער פּאַשע, און אויף דעם האַרצן איז דעם געוואָרן אַזוי אומעטיק... אַ נאַכט־פויגל איז איבער דעם דורכגעפלויגן און האָט אַ ריר געטאָן מיט די פליגל. ס'האָט אַ ציטער געטאָן... דערנאָך האָט עס עפּעס אָנגעהויבן צו ברומען אין די בערג: — הו־הו!

ס'האָט זיך דערמאָנט אין דעם וואָלף. אַ גאַנצן טאָג איז ער דעם נאַרישן ציגעלע אַפילו אויף דעם זינען נישט געקומען. ווייט־ווייט אין טאָל האָט זיך אין דער זעלבער ווײַלע געלאָזט הערן אַ שאַלן פון אַ האָרן. דאָס האָט סעגען עס גערופן.

— קער זיך אום! קער זיך אום! — האָט געשריגן דער האָרן.

בלאַנקעטע איז שוין געווען גרייט זיך אומצוקערן, נאָר זי האָט זיך דער־מאָנט אין פלעקל, שטריק און אַרומגעצוימטן פעלד, און דערפילט, אַז זי וועט שוין מער דאָרט נישט קאָנען לעבן, און אַז ס'איז בעסער שוין בלײַבן דאָ... דער האָרן איז אַנטשוויגן געוואָרן.

דאָס ציגעלע האָט דערהערט הינטער זיך אַ גערויש פון בלעטער. ס'האָט זיך אויסגעדרייט און דערזען אין דער פינצטערניש צוויי קורצע און אָנגעשפּיצטע אויערן מיט צוויי ברענענדיקע אויגן... דאָס איז געווען דער וואָלף.

ער איז געזעסן אויף די הינטערשטע פיס, אַ געוואַלדיק גרויסער, ווי אַ פאַרגליווערטער. האָט געקוקט אויף דעם קליינעם ווייסן ציגעלע און זיך באַ־לעקט פון פאַרגעניגן. דער וואָלף האָט געוווסט, אַז ער וועט עס אויפפרעסן און דעריבער האָט ער זיך בײַז צעלאַכט:

— האַ, האַ! סעגענס קליין ציגעלע! — און ער האָט אַ פיר געטאָן מיט זײַן גראָבן, רויטן צונג איבער די צונטער־רויטע יאַסלעס.

בלאַנקעטע האָט פאַרשטאַנען, אַז זי איז פאַרפאַלן. זי האָט זיך דער־מאָנט די געשיכטע מיט דער אַלטער רענאַד, ווי זי האָט זיך געראַנגלט אַ גאַנ־צע נאַכט מיטן וואָלף, ביז זי איז גאַנצפרי פאַרצוקט געוואָרן. און זי איז גע־ווען גרייט, אַז ער זאָל בעסער זי גלייך אויפפרעסן, אָבער דערנאָך האָט זי זיך באַטראַכט און זיך אַוועקגעשטעלט גרייט מלחמה צו האַלטן. האָט אָנגעבויגן דאָס קעפּל, אָנגעשטעלט די הערנערלעך, ווי עס פּאַסט פאַר סעגענס אַ דרייס־טער ציג. דאָס האָט נישט באַדייט, אַז זי האָט געהאָפט דערהרגענען דעם וואָלף — ציגן הרגענען נישט קיין וועלף — זי האָט נישט מער ווי געוואָלט זען, צי וועט זי זיך אויך קאָנען האַלטן אַזוי לאַנג, ווי רענאַד...

דער מוראַדיקער וואָלף האָט זיך דערנענטערט, און די קליינינקע הער־נערלעך האָבן אָנגעהויבן אַרומטאַנצן.

אי, דאָס בראַווע ציגעלע, ווי דאָס האָט זיך געפּלייסט! אָן אַ גוזמאַ [1] צען מאָל האָט עס געצוווּנגען דעם וואָלף אָפּצוטרעטן און איבערכאַפּן דעם אָטעם... בעת די דאָזיקע קלייניקע הפסקות האָט די נאַשערין אַ כאַפּ געטאָן אַ ריטל פון אַ זים גרעזעלע, און מיט אַ פול מויל זיך אומגעקערט צום געשלעג. אַזוי האָט זיך עס געצויגן אַ גאַנצע נאַכט. פון צייט צו צייט האָט סעגענס ציגעלע אַ קוק געגעבן אויף די שטערן, וואָס האָבן געפינקלט אין ליכטיקן הימל, און זיך געטראַכט:

— אָ, ווען איך זאָל דערציען, ביז עס וועט אָנהייבן טאָגן...

איינס נאָכן אַנדערן האָבן די שטערן אָנגעהויבן זיך אויסלעשן. בלאַנקעטע האָט מיט אַ דאָפּלטער קראַפט געקלאַפּט מיט די הערנער, אַלץ טיפער האָבן זיך איינגעביסן דעם וואָלפס ציין... אויפן האָריזאָנט האָט זיך באַוויזן אַ בלייכער ליכט־פּאַס. פון אַ פערמע האָט זיך געלאָזט הערן אַ הייזעריק קרייען פון אַ האָן.

— אַ סוף. — האָט געזאָגט דאָס אָרעמע ציגעלע, וואָס האָט נאָר געוואַרט אויפן טאָג, כּדי צו שטאַרבן, און ס'האָט אַ פאַל געטאָן אויף דער ערד, און זיין ווייס פוטערל איז געווען אינגאַנצן אין בלוט...

דעמלט האָט זיך דער וואָלף אַרויפגעוואָרפן אויף דעם קליינעם ציגעלע און האָט עס אויפגעפרעסן.

## פראַגעס און אויפגאַבעס:

1. פאַרוואָס איז בלאַנקעטע אַנטלאָפן פון באַלעבאָס?
2. ווי האָט עס זיך געפילט אויפן באַרג, ווען עס איז צוגעפאַלן די נאַכט?
3. פאַרוואָס האָט דאָס ציגעלע נישט געוואָלט זיך צוריקקערן צו סעגענען?
4. פאַרוואָס האָט דאָס ציגעלע געוואָלט אויסדויערן אין קאַמף ביז עס וועט ווערן טאָג?
5. וויאַזוי וואָלסטו אַנדערש אָנגערופן דאָס מעשהלע?
6. טראַכט צו קעפּלעך (מאַך אַ פּלאַן) און דערצייל די מעשה לויט דעם פּלאַן.

## פאָלקס־ווערטל

איידער לעבן ווי אַ הונט — בעסער שטאַרבן ווי אַ העלד.

[1] אָן אַ גוזמאַ (גוזמע) — נישט איבערטרייבנדיק.

א. א. קרילאָוו

יידיש: לייב אָליצקי

# דער פוקס און די ווייַנטרויבן

(משל)

פאַרקראָכן אין אַ סאַד, שטייט הונגעריק דער פוקס, פאַרבלענדט:
עס רויטלען זיך די ווייַנטרויב-הענגלען, ווינקען, ציען.
דעם פּיקסלס ציין און אויגן נעמען גליען;
אַ יעדעם זאַפטיק הענגל, ווי אַ יאַספּיס [1], ברענט;
נאָר דאָס די צרה איז, זיי זענען הויך געשטויגן:
אַז ווי, פון וועלכער זייט דו זאָלסט דאָ נישט פאַרגיין,
איז כאָטש עס זעען קלאָר די אויגן,



[1] יאַספּיס — אַ טייערער, זעלטענער שטיין.

דערלאַנגען נישט די ציין.
אַזוי געמאַטערט לאַנג זיך אָן אַ פּעולה,
ער גייט אַוועק און זאָגט פאַרדריסלעך זיך אַליין:
— זיי זענען אויפן אָנבליק שיין, נאָר וואָס איז די גדולה,
אַז ס'איז קיין טרויב קיין איינציקע נישט צייטיק, גרין, געמיין —
זיי וואָלטן אייליק מיר געמאַכט די ציין.

## פראַגעס:

1. פאַרוואָס געפעלן נישט דעם פוקס די ווייַנטרויבן?
2. צי האָסטו געהערט אַזעלכע זאָגענישן, ווי „קנייפּן די באַקן די פאַרב זאָל שטיין"? „מאַכן אַן אָנשטעל"? „מאַכן אַ גוטע מינע צ אַ שלעכטער שפּיל"?
צי וואָלסטו קענען דערקלערן די אויסדרוקן? פּרוּוו.
3. וועלכע פון די זאָגענישן וואָלסטו אָנגעווענדט צום פוקס פון משל?

# אַ מעשה וועגן אַ גוט ייִנגל, הינטל־בילער, קעצל מרוקער און אַ כישוף־רינגל
## (אַ פּויליש פאָלקס־מעשהלע)

ס'האָט אַמאָל געלעבט אַ ייִנגל, אַ פליסיקער אַרבעטער מיט אַ גוט האַרץ און געשליפן צינגל. ער האָט שטענדיק געהאָרעוועט שווער, טאָג און נעכט, נאָר זיין לוין איז געווען אַ קליינער, און געלעבט האָט זיך אים שלעכט, ווייל זיין באַלעבאָס, דער געמיינער, האָט אים געהאַלטן, ווי אַ קנעכט.

אומצופרידן איז געווען דאָס ייִנגל, ווייל אָפּט אַפילו נישט געהאַט קיין ברויט צו זאַט, און נישט געקוקט אויף דעם קליינעם לוין, גרויסע אויסגאַבן געהאַט: דאָ געבן הילף אַן אָרעמאַן, דאָ סתם אַ באַדערפטיקן מאַן, דאָ אַ יתום, אַן אלמנה[1] וויינט און קלאָגט, און ער גיט זיי אָפּ אַלץ, וואָס ער פאַרמאָגט. „העלפן מענטשן — האָט ער געזאָגט — איז שיין און ווויל". האָט ער געאַרבעט, ווי אַן אייזל, און אַליין געווען נאַקעט, הויל. האָבן כיטרע מענטשן, רייכע לייט געלאַכט, איבער אים חוזק געמאַכט. „דער פאַרשייטער קבצן" — האָבן זיי אים גערופן.

---

[1] אַלמנה (אַלמאָנע) — אַ פרוי, וואָס איר מאַן איז געשטאָרבן.

טראכט זיך איין מאָל דאָס יינגל: ווי לאַנג איז דער שיער צו זיצן ביים באַלעבאָס מיט דער שפּיציקער נאָז און שפּיזיקע אויגן בייזע? כ׳וועל בעסער אין דער וועלט גיין, און וווּנדערלעכע שיינקייטן זען.

לאָזט זיך דאָס יינגל אין ווייטן וועג, און בלויז צוויי דרייערס אין טאַש, מילך אין א פלאַש און א שטיקל ברויט — איז זיין גאַנצער פּאַרמעג. נאָענט פון טייך זעט ער א מענטש אַ זאַק טראָגן, און פון זאַק הערט זיך אַ מיאוקען און קלאָגן. פרעגט דאָס יינגל:

— וואָס טראָגט איר, וואָס? פּאַניע באַלעבאָס?

און דער מענטש ענטפערט אים אָט־וואָס:

— איך טראָג דאָס קעצל מרוקער, וואָס האָט צוויי שווארצע קוקערס און ווארפט זיך ווי אַ שלאַנג, ווייל עס ווייסט, אַז ס׳וועט שוין נישט לעבן לאַנג. אָט וועל איך עס גלייך אַריינשליידערן אין טייך.

דאָס קלוגע יינגל לאָזט דעם קאָפּ אַראָפּ און רופט זיך אָפּ:

— אָ, מענטש איינער, ס׳איז דאָך אַ טאַט א געמיינער! ווי מעג מען עס אַ גאָטס באַשעפעניש טייטן? לאָז דאָס קעצל פריי, און איך וועל דיר באַצאָלן גראָשן דריי.

— איך וועל זיך מיט דיר נישט דינגען: זאָגסט גראָשן דריי, זאָל זיין דריי. — ער האָט דעם דרייער אַראָפּגעלאָזט צופרידן אין טאַש און געלאָזט דאָס קעצל אויף דער פריי.

ס׳איז אַרויס פון זאַק דאָס קעצל מרוקער, אָנגעשטעלט אויפן יינגל זיינע קוקערס און, ווי א פייל פון בויגן, אויף זיינע הענט אַרויפגעפלויגן.

פרייט זיך דאָס יינגל, וואָס ער האָט געראַטעוועט דאָס קעצל, נעמט פון טאָרבעלע א שטיקל ברויט, גיסט אָן מילך אין טעצל און זאָגט:

— קום, מרוקער, ווייטער...

דאָס קעצל טוט א מרוקע, אַ שפרונג, פאַרהייבט פאַר פרייד דעם עק און, צופרידן אָן אַ ברעג, לויפט עס פאָרויס איבערן וועג. אויך דאָס יינגל איז מונטער, זינגט א לידל אונטער, כאָטש דריי לעצטע גראָשן קלינגען ביי אים אין טאַש, די מילך לאָזט זיך שוין אויס אין פלאַש, אין טאָרבע — דאָס ברויט, און עס דראָט אים הונגער, נויט.

גייט דאָס יינגל דרייסט אין דער וועלט, פרייט זיך מיט זון, וואַסער און פעלד און פון געראַטעוועטן מרוקערס שפּרינגערייען קוועלט. פלוצעם באַמערקט ער, ווי אַ מאַן אַ זאַק טראָגט, און פון זאַק הערט זיך, ווי עמעץ וואָיעט און קלאָגט.

פרעגט דאָס יינגל מיטן געשליפענעם צינגל:

— וואָס טראָגט איר, וואָס? פּאַניע באַלעבאָס?

און דער מענטש ענטפערט אים אָט־וואָס?

— דאָ אין זאַק איז א הינטל פאַראַן. הינטל־בילער איז זיין נאָמען, נאָר ער איז דווקא א שטילער, אַ שטילע נשמה, וויל אויף קיין האָזן אויף

יאַגד נישט גיין, ווײל קיין אָרעמאַן נישט בײסן ביז בײן... צו וואָס זשע טויג מיר אַזאַ הינטל? זאָל עס ווערן איינגעזונקען! איך וועל עס באַלד אין טײך דערטרונקען. וואָיעט עס און וואַרפט זיך, ווי א שלאַנג, ווײל סע ווייסט, אַז ס׳וועט שוין נישט לעבן לאַנג.

— אָ, מענטש איינער, ס׳איז דאָך א טאַט א געמיינער! ווי מעג מען עס א גאָטס באַשעפעניש טײטן? לאָז דאָס הינטל פרײ, און איך וועל דיר געבן גראָשן דרײ.

— כ׳וועל זיך מיט דיר נישט דינגען: זאָגסט גראָשן דרײ, זאָל זײן דרײ. — ער לייגט אַרײן דעם דרײער אין טאַש און לאָזט דאָס הינטל פרײ. ס׳איז אַרויסגעשפּרונגען הינטל־בילער, דער הונט דער שטילער מיט אויגן קלוגע, ווי די וועלט! אַזאַ הינטל איז נישט צו קריגן פאַר געלט...

דאָס גוטע ייִנגל מיטן הינטל זיך פרייט, גיט אים אַוועק זײן לעצט שטיקל ברויט, גיסט אים אַרײן אין טעצל דאָס לעצטע ביסל מילך פון פלעשל.

הינטל־בילער דרייט צופרידן מיטן עק און איז דעם ייִנגל דאַנקבאַר אָן אַ ברעג, טוט זיינע שיך א לעק, ווי ער זאָל זאָגן:

— דערפאַר, וואָס האָסט מיך אַרויסגענומען אויף דער פרײ, וועל איך דיר דינען געטרײ, ווי א חבר, אַ פרײנד און דיך היטן פון פיינט.

דאָס גוטע ייִנגל, קעצל־מרוקער און הינטל־בילער האָבן זיך געלאָזט אַרויף מיטן שטעג, וואָס פירט צום ווייסל־ברעג. זיי האָבן פון וויטן דער־זען אַ כאַטקע דאָרט שטיין מיט אַ גרויסן מויער, אַ געביידע פון אַ קולאַק[2] אַ פּויער. זיי זענען צו צום טויער און אַרײן אין דער כאַטע פון רייכן פּויער. דאָס גוטע ייִנגל מיטן געשליפענעם צינגל האָט דאן אַזוי געזאָגט:

— פּויער לעב, דער הונגער די געדערים בריט, און דאָס האַרץ נאָגט און ציט. מיר האָבן שוין אַלץ אויפן וועג אויפגעגעסן, און איצט האָבן מיר נישט וואָס צו עסן. גיב אונדז א שטיקל ברויט און לינדער אונדזער נויט, גיב אונדז צו טרינקען, ווייל מיר זענען פאַרשמאַכט, און דערלויב ביי דיר איבערנעכטיקן די נאַכט. איך, ווען איך האָב, העלף איך יעדן. ס׳איז אפילו נישט נייטיק קיין בעטן, ריידן. דו טו אויך אַזוי. כ׳בעט, און גאָט פאַר דיין גוטסקייט דיר באַלוינען וועט.

— אַז דו ביסט גוט, איז ווויל און שיין — זאָגט דער פּויער — נאָר איך בין אָרעם, ווי א שטיין, און מאַטער אוים דאָס שטיקל ברויט פאַר זיך אַליין, און קיין פרעמדע עסערס זענען מיר נישט נייטיק. איר קאָנט זיך גיין!.....

— ער איז אָרעם ווי אַ שטיין... — טראַכט זיך דאָס גוטע ייִנגל, ווי ער ליגנערט עס מיאוס, און געמיין!

---

[2] אַ רייכער.

עס גייען פאַרטראַכט דאָס גוטע ייִנגל, זײַנע פרײַנד קעצל־מרוקער און הינטל־בילער, הונגעריק, פאַרשמאַכט און האָבן אַפילו נישט ווו איבער־צונעכטיקן די נאַכט. זעצט זיך דאָס גוטע ייִנגל ביים ברעג פון דער ווײַסל און טרוימט פון אַ הייזל, זיצט אײַנגענורעט קעצל־מרוקער און טרוימט פון אַ מײַזל, בלויז הינטל־בילער, דער הונט דער שטילער, אויף קיין ניסים נישט וואַרט, שטייט און האַסטיק מיט די לאַפּקעס שאַרט. שאַרט אַ שעה, שאַרט צוויי, ביז ער כאַפּט עפּעס אָן מיט די ציין און דערלאַנגט עס דעם ייִנגל. דאָס גוטע ייִנגל זײַנע אויגן נישט גלייבט — ס'איז דאָך אַ רינג, אַ גאָלדן רינגל! — רופט אויס מיט פרייד דאָס גוטע ייִנגל. ער זעצט אַוועק זיך אויפן גראָז, לייענט אויפן רינגל אות נאָך אות: „פאַר דעם מענטשן וואָס איז גוט, גרייט צו דינען די מינוט".

נעמט דאָס ייִנגל אָן דאָס רינגל, טוט עס אויף דעם פינגער אָן, און הייבט כישוף אָן צו טאָן:

רינגל, רינגעלע, מײַן שיינס
ס'איז מײַן ביטע צו דיר איינס:
ס'פעלט שוין איצטער צו די נאַכט,
טיר און טויער שוין פאַרמאַכט.
בעט איך בײַ דיר, כישוף־רינגל,
זיך דערבאַרעם אויף אונדז גלייך,
באַשאַף אַ הייזל בײַ דעם טײַך!...

און איידער ער האָט געזאָגט דאָס לעצטע וואָרט, שטייט שוין אַ הייזל בײַ דעם טײַך דאָרט! שיין און ציכטיק, געררוים און ליכטיק, און קיין זאַך אין הייזל פעלט, אַז דאָס האַרץ פאַר נחת [3] קוועלט.

קומען זיי אין שטוב אַרײַן. און אויפן טיש איז גרייט שוין ווײַן, מילך, מאכלים אַלערליי; ווינקען פון דעם טיש צו זיי. אָפּגעגעסן, אָפּגעטרונקען, יעדער וואָס אַליין קלייבט אויס, רוקט דאָס טישל זיך אַרויס. ווי דאָס טישל איז אַרויס, שפּרייט פאַר זיי אַ בעט זיך אויס... און אַזוי שוין יאָרן־לאַנג, פאָלגט דער רינג זייער פאַרלאַנג, און זיי לעבן זאַט און גוט אין גרויס פרײַנדשאַפט, פול מיט מוט. קומט אַ פרעמדער דאָרט צו גיין, דאַרף ער לאַנג בײַ טיר נישט שטיין. זעצט מען גלייך אים בײַ דעם טיש, מע דערלאַנגט אים פלייש און פיש, ברויט און זאַלץ, און ביר און ווײַן, אַז ס'אַ נחת דאָרט צו זײַן!...

ווייסן אַלע פונעם הייזל, פונעם הייזל בײַ דער ווײַסל, און טאָג־אויס און טאָג־איין קומען דאָרטן געסט צו גיין, אָפּצורוען זיך פון וועג און פאַרברענגען אַ פּאָר טעג.

---

[3] נחת (נאַכעס) — פאַרגעניגן.

איך אַליין בין דאָרט געווען. ס'הינטל, קעצל דאָרט געזען, אויך גע־רעדט מיטן גוטן יינגל, וואָס פאַרמאָגט דאָס כישוף־רינגל. פון דעם כישוף־טיש געגעסן, אויף כישוף־שטולן דאָרט געזעסן און, ווי אַ קינד, זיך דאָרט געפרייט פונעם יינגלס קלוגע רייד.

איר מעגט מיר גלייבן — יאָ, צי ניין... נאָר דאָס מעשהלע איז שיין!...

פריי באַאַרבעט פון פויליש: **ש. לאַסטיק**

## פראַגעס:

1. וואָס איז אויסן צו זאָגן דאָס פוילישע פאָלקס־מעשהלע?
2. פאַרוואָס האָט דאָס יינגעלע באַקומען דאָס כישוף־רינגל?
3. ווי וואָלסטו אָנגערופן דאָס יינגל?
4. און ווי האָבן געהאַנדלט די רייכע לייט?
5. פאַרוואָס רופן מיר אָן אַזאַ ווערק מעשהלע? וואָס איז דאָ אמת און וואָס אויסגעטראַכט?

הערש סמאָליאַר

# אַ מעשה מיט אַ באָק, וואָס האָט פיינט געהאַט פאַשיסטן

איך ראַט אייך, קינדער, איר זאָלט זיך נישט אַרויסכאַפּן מיט אַזאַ זידל־וואָרט, „באָק", „נאַרישער באָק", ווען לעבן אייך נאָענט, געפינט זיך עמעצער פון אונדזערע אַמאָליקע פּאַרטיזאַנער. איר קאָנט נאָך כאַפּן פון אים אַזאַ פּאָרציע, אַז איר וועט נישט וויסן, וווּ דאָס פּנים צו באַהאַלטן. און ער, דער געוועזענער פּאַרטיזאַנער, וועט זיין גערעכט.

— פאַרוואָס?

הערט זשע אַ מעשה, אַן אמתע, קיין איין וואָרט נישט צוגעטראַכט, און איר וועט דאַן פאַרשטיין, וואָס פאַר אַ חכם עס קען זיין דווקא... אַ באָק.

בײַ אונדז, אין אונדזער פּאַרטיזאַנער־אָפּטײל, וואָס האָט געטראָגן דעם נאָמען פון גרויסן פּוילישן רעוואָלוציאָנער פעליקס דזשערזשינסקי, זענען געווען דרײַ יונגע פּאַרטיזאַנער, וועלכע מ׳האָט קיינמאָל בײַ דער פאַמיליע נישט גערופן, אַז עמעצער פלעגט זיי דאַרפן, האָט ער בלויז אַ געשרײַ געטאָן: „העי, טראָיקע!“, האָט מען שוין געוווּסט, וועמען מע מיינט. טאָמער האָט מען בלויז איינעם פון זיי גערופן צום קאָמאַנדיר, פלעגט מען אויך נאָר אויסשרײַען: „סעריאָזשע פון דער טראָיקע!“ אָדער „וואָלאָדקע פון דער טראָיקע!“, אָדער „אַבראַמעק פון דער טראָיקע!“ און ס׳האָט זיך שוין קיין אַנדערער נישט אָפּגערופן. אַלע האָבן גוט געוווּסט, וועמען מע רופט עס.

צווישן סעריאָזשען, וואָלאָדקען און אַבראַמעקן איז געווען אַזאַ פרײַנדשאַפט, אַז איינער אָן דעם אַנדערן האָט זיך פון אָרט נישט גערירט. מע האָט געגעסן צוזאַמען, געשלאָפן צוזאַמען. אומשטיינס געזאָגט — ווען שלאָפט עס אַ פּאַרטיזאַנער, אַז אַ גאַנצע נאַכט טוט ער דאָך זײַן פּאַרטיזאַנישע אַרבעט, כדי צו ברענגען שאָדן די פאַשיסטן, מאַכן זיי דעם טויט; בײַטאָג ווידער מוז ער שטאַרק וואַך זײַן, כדי נישט אַרײַנצופאַלן אין שונאס הענט. הײַנט ווער רעדט נאָך אין צײַט פון קאַמף — דאָ האָט שוין יעדער געוווּסט, אַז ס׳קאָן גאָרנישט געמאָלט זײַן, מע זאָל די דרײַ חברים צעשיידן.

אַ מאָדנע זאַך, וויאַזוי דרײַ גאָר פאַרשידענע מענטשן קאָנען עס ווערן צווישן זיך אַזעלכע גוטע פרײַנד. סעריאָזשע איז אַ יאַט אַ פרייליכער, ער וואָלט טאָג און נאַכט געזעסן און דערציילט מעשיות אָדער געזונגען לידער. נאָך אַ גליק, וואָס כאָטש בשעת מע פלעגט גיין טשאַטעווען אויף היטלעריסטן, פלעגט ער אַנטשווײַגן ווערן. וואָלאָדקע ווידער איז אַ פאַרביסענער, אַ שטילשווײַגער; זעלטן ווען עס פלעגט זיך אויף זײַן פּנים אַ שמייכל באַווײַזן. אַבראַמעק, דער קלענסטער פון דער „טראָיקע“, איז געווען אַ שטיק קוועקזילבער — ווו עפּעס, איז ער אין דער מיטן. פון אַלץ ווייסט ער, אַלע נײַעסן פלעגט ער פריער פון אַלע דערשנאַפּן. „אַ געבוירענער אויסשפּירער“ — פלעגט מען אויף אים זאָגן. ער איז אָבער קיין אויסשפּירער נישט געוואָרן דערפאַר, ווײַל ווי נאָר מע פלעגט אים זאָגן, אַז ער וועט דאַרפן אַוועקגיין אָן סעריאָזשען און וואָלאָדקען, האָט ער געמאַכט אַזאַ רחמנות־פּנים, אַז עס האָט געשניטן בײַם האַרץ. האָט מען אים איבערגעלאָזן אין דער „טראָיקע“.

וואָס זשע פאָרט האָט עס די דרײַ יאַטן אַזוי צוגעבונדן איינער צום צווייטן? אויף זיכער האָט קיינער נישט געוווּסט, מ׳האָט זיך בלויז אָנגעשטויסן, אַז דאָס איז אַוודאי דערפאַר, וואָס די פאַשיסטן האָבן זיי אַלע דרײַ געמאַכט פאַר קיילעכדיקע יתומים — די היטלעריסטישע מערדער האָבן זייערע טאַטעס און מאַמעס דערהרגעט.

אָבער „טראָיקע" האָט מען זיי גערופן נישט בלויז צוליב זייער פריינד־שאַפט. זיי דריי, סעריאָזשע, וואָלאָדעק און אַבראַמעק, האָבן צוזאַמען גע־שאַפן איין קאַמפּס־גרופּע צום אַראָפּלאָזן פון די רעלסן פאַשיסטישע באַנען, צום אויפרייסן בריקן, אויף צעשטערן אַלץ, וואָס האָט נאָר געדינט דעם שונא.

מאַכט זיך אַמאָל, אין האַרבסט איז עס געווען, ווען אָנגעשפּיצטע פּאַרטיזאַנישע אויערן כאַפּן שאַרפער אויף יעדן שאָרך, איז די „טראָיקע" אַוועק אויף אַן „אָפּעראַציע", דאָס הייסט אַ דושע טאָן ערגעץ די היטלע־ריסטן. אַן אויפגאַבע איז דאָס מאָל געווען גאָר אַ שווערע: נישט ווייט פון דער באַן־ליניע האָבן די היטלעריסטן אויסגעבויט אַ בונקער. פאַר אונדז איז שווער געוואָרן אַריבערצוגיין אויף דער צווייטער זייט ליניע, ווו עס האָבן זיך געפונען אַנדערע פּאַרטיזאַנער־אָפּטיילן. האָבן סעריאָזשע, וואָלאָדעק און אַבראַמעק באַקומען די אויפגאַבע צו פאַרניכטן דעם בונקער מיט די פאַ־שיסטן צוזאַמען.

אָנגעלאָדן מיט אויפרייס־מאַטעריאַלן און גראַנאַטן, האָט זיך די „טראָיקע" געלאָזט אין וועג אַריין. אַן אָוונט איז עס געווען ווי אויף באַ־שטעלונג: דער הימל פאַרצויגן מיט דיקע וואָלקנס, און אַרום איז שטאָק־פינצטער. ווען די „טראָיקע" איז צוגעקומען נאָענט צו דער באַן־ליניע, האָבן אַלע דריי זיך אויסגעצויגן אויף דער ערד און גענומען פּויזען אויף אַלע פיר. פון צייט צו צייט האָט מען זיך פאַרהאַלטן, מיט אָנגעשטרענגטע אויגן זיך גוט אַרומגעקוקט, אָפּגעשטעלט דעם אָטעם, כדי צו הערן ווי האַלט מען: שטיל ווי אין אַן אויער, קריכט מען ווייטער...

פּלוצעם, ווי לויט אַ באַפעל, האָבן זיך אַלע דריי אַ כאַפּ געטאָן, האַסטיק אויפגעהויבן די קעפּ פון דער ערד און ווי פאַרגליווערט געוואָרן. פון רעכטס, פון וועלדל האָבן זיך דערהערט טריט: טיאַפּ־טיאַפּ. ווער קאָן עס זיין?... די היטלעריסטן זענען דאָך פון פאָרנט. עמעץ פון זיי זאָל זיך האָבן געלאָזט אין וואַלד? ס'קאָן נישט זיין! מע ווייסט דאָך, ווי זיי ציטערן פאַר יעדן בוים, טאָמער איז הינטער אים באַהאַלטן אַ פּאַרטיזאַנער. דאַרף מען זיך לאָזן אויף אויסשפּיר. מע רעדט צווישן זיך נישט קיין וואָרט, אָבער מע פאַרשטייט זיך אויפן ווונק: אַבראַמעק גייט פאַרזיכטיק, איינגעקנוילט, אויף לינקס פון וועלדל, פון דער זייט צו פאַרגיין יענעם פאַרשוין. ביי אַזאַ לאַגע דויערט יעדע מינוט ווי גאַנצע שעהן. אָבער סעריאָזשע מיט וואָלאָדעקן האָבן זיך דאָך דער־וואַרט: גאָר נאָענט פון זיך האָבן זיי דערהערט, ווי עמיצער וואָלט זיך מיט וועמען געראַנגלט. וואָלאָדעק האָט זיך אַ ריס געטאָן פון אָרט און אָן שום פאַר־זיכטיקייט זיך געלאָזט אין יענער ריכטונג: וואָס הייסט? טאָמער איז אַבראַ־מעק אין געפאַר?...

סעריאָזשע ליגט און קוקט אויס די אויגן: וואָס טוט זיך דאָ? ער באַ־

ווייזט נאָך נישט עפּעס וואָס צו טראַכטן, ווי פון אונטער דער ערד וואַקסן פּאָר אים אוים וולאַדעק מיט אַבראַמעקן. כאָטש ס'איז חושך אַרום, זעט אָבער סעריאָזשע זייערע ברייט־צעשמייכלטע פּנימער — אַפילו דער שטענדיק ערנ־סטער וולאַדעק שמייכלט. זיי פירן נאָך זיך אַ... באָק, וואָס קלאַמערט זיך איין מיט די פּאָדערשטע פיס אין דער ערד און ווייזט אַרוים מיט דער אַראָפּגעלאָזטער מאָרדע אַזויפיל עקשנות, אַז ס'איז אים שווער פון אָרט צו־ רירן. סעריאָזשע פרעגט אַ דערשטוינטער: וואָס באַטייט עס, יאַטן? אַבראַ־מעק ענטפערט דאַן מיט זיין דין שטימעלע: — „וואָס האָב איך געקאָנט טאָן? ער שלעפּט זיך אַרום, טיאַפּעט מיט די טלאָען... ער וועט דאָך אונדז אויסגעבן. די פאַשיסטן קאָנען נאָך דערהערן. לאָמיר אים צובינדן צו אַ בוים".

חברה באַווייזט אָבער נישט אַרויסצונעמען אַ שטריקל, ווי עס דער־הערט זיך אַ גערודער ביי דער באַן ־ ליניע, לעבן בונקער. קענטיק, אַז די היטלעריסטן האָבן עפּעס באַמערקט. באַלד וועט מסתמא פליען אין דער הויך אַ ראַקעטע...

ניין, נישט קיין ראַקעטע איז געפלויגן. דאָס האָט דער באָק, דערהערנ־דיק דעם טומל, זיך אַ ריס געטאָן מיט אַזאַ כוח, אַז אַבראַמעק איז אומגע־פאַלן. מ'האָט קוים געזען ווי דער באָק איז פאַרשוווּנדן.

— אָט אַ פאַשיסטישער באָק! — האָט סעריאָזשע מיט כעס אַריינגע־מורמלט, און די „טראָיקע" האָט גענומען זיך ציען צוריק. נישט געווען קיין אַנדער אויסוועג, דער פאַרשאָלטענער באָק האָט אַלץ קאַליע געמאַכט. ער קאָן נאָך אַרויספירן אויף זייער שפּור...

זיי באַווייזן קוים אַ פּאָר טריט צו מאַכן, און עס דערהערן זיך פון יענער זייט, וווּ עס געפינט זיך דער בונקער, אַזעלכע ווילדע קולות פונקט ווי די פאַשיסטן וואָלטן אַלע משוגע געוואָרן. די „טראָיקע" הערט קלאָר יעדעס וואָרט:

— טויפעל... טויפעל...

אַבראַמעק פאַרטייטשט באַלד: „איר פאַרשטייט, זיי שרייען, אַז דאָ איז אַ טייוול פאַראַן".

די „טראָיקע" קערט זיך אום צוריק און הערט דייטלעך, אַז ביי היט־לערס „העלדן" טוט זיך עפּעס אויסטערלישעס. וואָס טוט מען דאָ? ווי דער־ וויסט מען זיך, וואָס אַזוינס ס'איז געשען?

לאַנג וואַרטן האָבן זיי שוין נישט באַדאַרפט. ווי אַן אמתער טייוול איז אָנגעפלויגן דער באָק, האָט גענומען זיך דרייען אַרום די פאַרטיזאַנער, ווי ער זאָל עפּעס איינגעשפּאַרט פון זיי פאָדערן, זיך ווידער געלאָזט אין דער זייט פון די דייטשן, באַלד זיך אָפּגעשטעלט, אויסגעדרייט דעם קאָפּ צו דער „טראָיקע", זיך ווידער אַרומגעקוקט און ווייטער געלאָפן.

— וואָס וויל ער? אפשר טאַקע אַן אונטערגעשיקטער? — טראַכט זיך סעריאָזשע און באַשליסט פּאַסט צו ריזיקירן. זיי הייבן אָן פּאַמעלעך פּוי־זען נאָכן באָק. ווען זיי זענען שוין גאָר נאָענט צוגעקומען, דערזעען זיי, ווי דער באָק האָט זיך ווידער געלאָזט ווי אַ פייל פון בויגן, און ביי די היטלעריס־טן האָט זיך ווידער אָנגעהויבן אַ געשריי. איינער האָט אויסגעשאָסן, אָבער גאָרנישט אין דער ריכטונג פון דער „טראָיקע“.

דאָ האָבן זיך די יאַטן געגעבן אַ שטעל־אויף אין דער גאַנצער הייך און געלאָזט זיך לויפן צו דער ליניע. אַ ווײַלע בלויז האָבן זיי באַדאַרפט, כדי צו דערזען, וואָס ס'איז דאָ געשען: דער באָק האָט מיט ווילדער רציחה זיך געוואָרפן אויף איין היטלעריסט, אויף אַ צווייטן, מיט די הערנער זיי פאַרטשעפּעט די פיס, געשטאָכן אין בויך. מיט אַ ווילד געשריי האָבן די פאַ־שיסטן גענומען לויפן אין דער זייט פון וועלדל. דאָ האָט שוין די „טראָיקע“ זיי באַגעגנט, ווי עס געהער צו זיין: מ'האָט קיין קוילן נישט געזשאַלעוועט...

און פון די היטלעריסטן איז, ווייזט אויס, קיין איין לעבעדיקער נישט געבליבן. די „טראָיקע“ און נאָך זיי דער באָק האָבן זיך געלאָזט צום בונ־קער. די יאַטן האָבן אויף זיך אָנגעלאָדן אויטאָמאַטן מיט ביקסן, וואָס זיי האָבן דאָרט געפונען, אַ ביסל געווער האָט מען אויך אָנגעבונדן אויפן באָק. ער איז געשטאַנען רואיק, ווי אַ געהאָרכזאַם שעפעלע. סעריאָזשע האָט זיי געהייסן אָפּגיין צום וועלדל, אַליין האָט ער גענומען וואַרפן גראַ־נאַטן אין בונקער, ביז ער האָט אים פאַרניכטעט.

פאַרטאָג, ווען זיי זענען אָנגעקומען אין פאַרטיזאַנער־אָפּטייל זענען אַלע, ווער עס איז נאָר געווען, אַרויס אָנקוקן דאָס בייז־ווונדער. צו דעם, אַז די „טראָיקע“ ברענגט מיט זיך געווער, וואָס זי נעמט אָפּ ביי די פאַ־שיסטן — זענען שוין אַלע געוווינט געווען, אָבער אַז מע זאָל נאָך אַ שלאַכט מיטן שונא ברענגען אַ געפאַנגענעם באָק!...

— נישט קיין געפאַנגענער, — האָט מיט זיין שטענדיקער ערנסטקייט פּראָטעסטירט וואָלאָדעק.

— אַן איינענער, אַ פאַרטיזאַנער! — האָט צוגעגעבן אַבראַמעק.

* * *

פון וואַנען האָט זיך צום באָק גענומען אַזאַ פאַרביסענע שנאה צו די היטלעריסטן — דאָס האָבן מיר זיך קיינמאָל נישט דערוווסט. מיר האָבן זיך אָבער אָנגעשטויסן, אַז מסתמא איז דער באָק געווען שטאַרק צוגע־בונדן צו זיינע אַמאָליקע באַלעבאַטים, מסתמא האָט דער באָק צוגעזען, ווי די היטלעריסטן האָבן זיי דערמאָרדעט, און דעריבער האָט ער זיך

איצט, ווען אַ ווינטל האָט צו אים דערטראָגן דעם ריח פון די היטלערישע מונדירן, געוואָרפן אויף די, וואָס האָבן אים פּאַריתומט... פאַרשטייט זיך, צי ס'איז ווירקלעך אַזוי — ווייס איך נישט.

איינס ווייס איך אָבער יאָ: נאָך דער דאָזיקער מעשה וועט שוין קיי־נער נישט איבעררופן דעם צווייטן: „באָק", „נאַרישער באָק". איר זעט דאָך ווי קלוג אַ באָק קאָן זיין, ווי שטאַרק ער קאָן פיינט האָבן פאַשיסטן...

משה קולבאַק

# אין פאַבריק

ווי עס נעמט אויף טאָג נאָר בלאָזן,
ברויזן פינצטערע געזאַנגען;
פּעט־באַפּעכטע לעדער־פּאַסן
יאָגן זיך ווי שוואַרצע שלאַנגען...

און ס'צעזינגען זיך מאַשינען
שטאַרק און טרויעריק צוזאַמען;
שפּריצן פייערדיקע בינען
אין געשריי פון אַרץ און פלאַמען...

"עדער... רעדער... רויך און פונקען...
און אין פינצטערניש פאַרטרונקען,
הערצער ווערן מיד פאַרלאָשן...
האַמערס ברומען... ס'גליען גלידער,
ווי פון בראָנזע אויסגעגאָסן...

טיף געבויגענע ביים פייער,
אָפּגעחלשט מיד און מידער,
קנעטן זיי דאָס הייסע אייזן,
און דער פלאַם טרייסט ליב און טייער:
ס'מיז די זון, די זון זיך ווייזן!

שמעון פרוג

# דאָס ליד פון דער אַרבעט

אַ לויב און געזאַנג דער מי און דער אַרבעט!
זינגט, גריסט זיי פון האַרצן מיט ליבשאַפט און היים.
געזונט זאָלן זיין די הענט מיט מאָזאָליעס,
דער שטערן, פון וועלכן עס גיסט זיך דער שוויים!

געבענטש זאָלן זיין דער ווארשטאַט, דאָס שפּינדל,
דער האַמער, די סאָכע, דער סערפּ און די זעג!
די וועלט איז פאַר איינעם אַ בליענדער גאָרטן,
פאַר טויזנט — אַ שווערער, אַ זומפּיקער וועג.

דער סערפּ איז פון שטאָל, דער האַמער פון אייזן,
קיין צירונג קיין גרויסע זענען זיי נישט,
אין זיי אָבער ליגט אונדזער קראַפט, אונדזער לעבן,
אָן זיי איז אומעגלעך איין איינציקער טריט.

טאָ ליבט זשע און זינגט דער מי און דער אַרבעט!
זינגט, גריסט זיי פון האַרצן מיט ליבשאַפט און היים.
געזונט זאָלן זיין די הענט מיט מאָזאָליעס,
דער שטערן, פון וועלכן עס גיסט זיך דער שוויים!

# פאַר אַ שטורעם



אויפגאַבע:
טראַכט צו אַ דערציילונג צו דעם בילד.

## קריסטיאַן אַנדערסען

# לײן

דער לײן איז שױן אין פֿולן בליעכץ אָנגעטון געשטאַנען. ער איז פֿול און אָנגעזעצט געװען מיט שײנע בלױע בלימעלעך און אַזױנע דינינקע, װי די פֿליגעלעך פֿון קלײנע בינען, און אפֿשר נאָך דינער. די זון האָט אױף אים געלױכטן, רעגן־װאָלקנס האָבן אים באַגאָסן, און דאָס איז פֿאַר אים אַזױ גוט געװען, װי פֿאַר אַ קינד דאָס באָדן, נאָך װעלכן עס קומט אַ מאַמע־קוש. דאָס קינד װערט דערפֿון נאָך שענער. אַזױ איז אױך מיטן לײן געװען.

מענטשן זאָגן, — האָט דערצײלט דער לײן — אַז איך בין אױסגעצײכנט געראָטן, אַז איך בין אױסגעװאַקסן גרױס, װאָס בעסער קאָן גאָר נישט זײן, און אַז פֿון מיר װעט אַן אױסגעצײכנט שטיק לײװנט אַרױס. װי גליקלעך איך בין! גליקלעכער פֿון מיר איז גאָר אױף דער װעלט נישטאָ! מיר איז אַצינד גוט, אױך שפּעטער װעט פֿון מיר, מסתּמא, עפּעס גוטס אַרױס. װי פֿרײלעך ס'איז אױף דער זון צו שטײן, װי ס'קרעפּטיקט און דערפֿרישט דאָס רעגנדל! איך בין איבערגליקלעך, איך בין גליקלעכער פֿון גאָר דער װעלט!

— נו, יאָ, געװיס! — האָט געזאָגט דער פּאַרקאָן־דראָנג. — דו קענסט נאָך די װעלט נישט, מיר אָבער קענען זי אױסגעצײכנט, נישט אומזיסט זענען אױף אונדז אַזױפֿיל האָלץ־קניפּן פֿאַראַן — און דער דראָנג האָט זיך נעבעכדיק צעסקריפּעט:

שניפּ, שנאַפּ שנורע,
באַסעלורע!
און דאָס לידעלע איז אױס!

— נײן, נאָך נישט אױס! — האָט געזאָגט דער לײן. — אױך מאָרגן װעט די זון װאַרעמען. אױך מאָרגן װעט אַ דערפֿרישנדיק רעגנדל אַ גאָס טאָן. איך פֿיל, װי איך װאַקס, איך פֿיל, אַז איך בלי! איך בין גליקלעכער פֿון גאָר דער װעלט!

נאָר אָט זענען אײנמאָל מענטשן געקומען, דעם לײן פֿאַרן קאָפּ אָנגענומען און מיטן װאָרצל אַרױסגעריסן — ס'האָט זײער װײ געטאָן! נאָכדעם האָט מען אים אױפֿן פֿײער געהאַלטן, גלײך װי מע װאָלט אים פֿאַרברענען געװאָלט. ס'איז געװען שרעקלעך.

װאָס זאָל מען טאָן, אױך דאָס גליק איז נישט באַשטענדיק, ס'רײסט זיך אַמאָל איבער. — האָט געטראַכט דער לײן. מע דאַרף אַמאָל אױך צו־לײדן. אַנישט װײסט מען גאָרנישט, אַנישט פֿאַרשטײט מען גאָרנישט.

אָבער דעם ליין איז אַלץ ערגער און ערגער געוואָרן. מ׳האָט אים גע־ווייקט און געטריקנט, מ׳האָט אים געקלאַפּט און געקעמט — וואָס האָט מען דען מיט אים נישט איבערגעטאָן! ער האָט אפילו נישט פאַרשטאַנען, וואָס עס טוט זיך מיט אים אַזוינס. צום סוף איז ער אויפן שפּינראָד געקו־מען. די ראָד האָט זיך געדרייט און געזשומעט. דאַן איז שוין גאָר אוממעגלעך געווען עפּעס אַ טראַכט צו טאָן.

„איך בין דאָך אומגעהייער גליקלעך געווען, — האָט ער אין די ווייטיקן געטראַכט — דאַרף מען זיך מיטן געוועזענעם גליק באַגנוגענען!... דאַרף מען זיין צופרידן, צופרידן! אוי“...

און ער האָט זיך עס געחזרט אפילו דעמלט, ווען ער איז אין וועבשטול אַריינגעקומען, געחזרט ביז דעמלט, ביז ס׳איז פון אים אַ גרויס און אויסגעצייכנט שטיק לייוונט ארויס. דער גאַנצער ליין, ביזן מינדסטן שטיקעלע, איז אויף דעם שטיק אַוועקגעגאַנגען.

— ס׳איז דאָך אַ וווּנדער! כ׳וואָלט עס קיינמאָל נישט געגלייבט! ווי ס׳גייט מיר אַ ביסל! האַ, וואָס זאָגט איר אויפן דראָנג און אויפן לידעלע אויף זיינעם? — ער פאַרשטייט אַ סך דער שוואַרצזעער. — „און דאָס לי־דעלע איז אויס!“... אַז ס׳הייבט זיך ערשט גאָר אָן!... כ׳לעבן, ס׳איז אַ ווונ־דער! אויב ס׳איז מיר אויסגעקומען אַ ביסל צו ליידן, איז וואָס! איז דאָך דערפאַר אָבער פון מיר עפּעס אַרויס! איך בין דער גליקלעכסטער פון אַלע! ווי שטאַרק און דין איך בין איצט, ווי ווייס און לאַנג! דאָס איז דאָך נישט עפּעס אַ פּראָסט און לויאַדע געוויקסל צו זיין, זאָל זיין מיט בלימעלעך אַפילו. אַרום געוויקסל גייט דאָך קיינער נישט, אויפן געוויקסל קוקט דאָך קיינער נישט, און וואַסער באַקומט עס נאָר דאַן, ווען אַ רעגן גייט, נישט אַזוי אָבער אַצינד! אַרום מיר גייט מען, מיך באַזאָרגט מען: אַלע פרימאָרגן קערט מיך די דינסט אויף אַן אַנדער זייט איבער, אַלע אויפדערנאַכט באַגיסט מען מיך מיטן וואַסער־גיסער. דעם פּאַסטאָרס ווייב זעלבסט האָט מיך געלויבט און געזאָגט, אַז איך בין דאָס בעסטע שטיק לייוונט פון דער גאַנצער געגנט אַרום. גליקלעכער פון מיר קאָן גאָרנישט זיין!

נאָר אָט האָט מען דאָס שטיק לייוונט אין אַ שטוב געבראַכט, און ס׳איז אונטער דער שער געקומען. אַך, ווי מע האָט עס געשניטן און געריסן, ווי מע האָט עס מיט נאָדלען דורך און דורך געשטאָכן! וואָס איז דאָ צו רעדן: האָניק איז זיסער! דערפאַר אָבער זענען פונעם שטיק לייוונט צוועלף שטיקלעך גרעט אַרויס — אַזאַ גרעט, וואָס איז יעדן מענטש נייטיק. יאָ, גאַנצע צוועלף שטיקלעך זענען פונעם שטיק אַרויס!

— הען! זאָגט אַליין, איז אָט ווען ס׳איז פון מיר לייטישס אַרויס! איז אָט אין וואָס מיין באַרוף באַשטייט! דאָס איז דאָך איינמאָל אַ גליק! איצט

ברענג איך דאָך נוצן דער וועלט, און דאָס דאַרף מען דאָך, דאָס איז דאָך דאָס אמתע איבער־גוטס. אָט זענען מיר צוועלף שטיק אַצינד, און דאָך אַ גאַנצעס: אַ טוץ. וואָס פאַר אַן אומגעוויינלעך גליק דאָס איז!

און יאָרן זענען זיך געגאַנגען — און דאָס גרעט האָט זיך אָפּגעטראָגן.

— איז וואָס? אויף אַלץ איז דאָך פאַראַן אַ סוף. — האָט יעדעס שטיק געזאָגט. — איך וואָלט געוויס גערן זיך נאָך געהאַלטן אַ ביסל, נאָר קיין אוממעגלעכס קאָן מען דאָך נישט פאָדערן.

האָט מען זיי אויף שטיקלעך און אויף שמאַטקעלעך צעריסן. האָבן זיי געמיינט, אַז איצט איז שוין גאָר זייער סוף געקומען, ווייל מע האָט זיי געהאקט, געבראָקט, געווייקט און געקאָכט, — זיי האָבן אַליין נישט געוווּסט, וואָס מע טוט מיט זיי. און פּלוצעם איז פון זיי אויסגעצייכנט ווייס פּאַפּיר אַרויס.

— נו, אָט אַ סיורפּריז [1], שוין איינמאָל אַ סיורפּריז! — האָט געזאָגט דער ליין. — איצט בין איך דאָך נאָך דינער, ווי פריער, און אויף מיר וועט מען שרייבן אַצינד. איז דאָס נישט קיין אומגעהייער גליק?

און אויפן פּאַפּיר האָט מען באמת שרייבן גענומען. און אָנגעשריבן האָט מען דערויף וווּנדערלעכע געשיכטעס און לידער וווּנדערלעכע. דערביי האָט מען דערויף בסך־הכל נאָר איין מאָל מיט טינט אַ קלעק געמאַכט. דאָס איז שוין געוויס אַ באַזונדער גליק!... און מענטשן האָבן דאָס, וואָס איז אויף דעם אָנגעשריבן געווען, געלייענט. און אָנגעשריבן דערויף איז געווען אַזאַ גוטס און אַזאַ קלוגס, אַזוי, אַז דאָס הערנדיק, זענען זיי אַליין אויך קלוגער און בעסער געוואָרן. עפּעס אַ טיפע האַרציקייט איז געלעגן אין די ווערטער, וואָס זענען אויף דעם פּאַפּיר געווען.

„אָ, — האָט געטראַכט דער ליין — דאָס האָט דאָך איבערגעשטיגן מיינע אַלע טרוימען, וואָס איך האָב געטרוימט דאַן, ווען איך בין נאָך מיט מיינע בלימעלעך אויפן פעלד געשטאַנען. האָב איך זיך דען געקאָנט פאָרשטעלן אָדער אויסמאָלן, אַז איך וועל אַמאָל צווישן מענטשן פרייד און ווי־סנשאַפט פאַרשפּרייטן? ס׳גלייבט זיך מיר אַצינד נאָך אויך נישט. גאָט דער לעבעדיקער ווייסט, אַז איך אַליין האָב געטאָן נאָר דאָס, וואָס איך האָב באַדאַרפט, לויט מיינע שוואַכע כוחות געטאָן, כדי מיין לעבן צו דערהאַלטן, און דאָך גיי איך פון איין פרייד צו דער צווייטער, פון איין דערהויבן ווערן צום צווייטן. יעדעס מאָל, ווען איך טראַכט מיר: — „אָט, שוין אַן עק!“ — גיי איך גאָר, ווי ס׳ווייזט זיך אַרויס, צו אַ בעסער און שענער לעבן איבער. איצט וועט מען מיך געוויס אויף דער וועלט אַרויסשיקן, מענטשן זאָלן מיך

---

[1] סיורפּריז — אומגעריכטקייט, איבערראַשונג.

לייענען קאָנען. יאָ, געווים. אַנדערש קאָן דאָך נישט זיין! איך האָב דאָך אַצינד אַזויפיל טייערע און שיינע געדאַנקען, וויפל בלימעלעך, בלויע בלי־מעלעך אויפן פעלד אַמאָל. איך בין טאַקע דער גליקלעכסטער פון גאָר דער וועלט!"

דאָס פּאַפּיר אָבער האָט מען נישט אויף דער וועלט ארומצופאָרן גע־שיקט, מע האָט עס אין אַ דרוקעריי געבראַכט, און דאָרט אַלץ, וואָס דע־רויף איז אָנגעשריבן געווען, אין אַ בוך אָפּגעדרוקט, און נישט איין בוך, נאָר הונדערטער ביכער: אויף אַזאַ אופן האָבן אַ סך אַ גרעסערע צאָל מענטשן געקאָנט נוצן האָבן, איידער אין דעם פאַל ווען מ'זאָל דאָס פּאַר־שריבענע פּאַפּיר אַליין אַרומרייזן שיקן, וואָס וואָלט נאָך דערצו אין האַלבן וועג אויף בלעטלעך זיך געוועזן צעשאָטן.

— יאָ, געווים איז אַזוי גלייכער! — האָט דאָס באַשריבענע פּאַפּיר געטראַכט. — דעם אמת זאָגנדיק, איז עס מיר גאָר אויפן זינען נישט געקו־מען: ווייל איך איצט אינדערהיים בלייבן און מע וועט מיר, ווי אַן אַלטן זיידן, כבוד אָפּגעבן, וואָרום איך בין דאָך טאַקע אַ זיידע אָט פון אַלע ביכער, די נייע! אָט איצט וועל איך אַ סך נוצן ברענגען! אין מיין איצטיקן שטאַנד וואָלט איך לאַנג נישט געקאָנט אַרומרייזן... און נאָר צו באַטראַכטן, אַז אויף מיר האָט געקוקט דער, וואָס האָט דאָס אַלץ אָנגע־שריבן... אַז יעדעס וואָרט זיינס האָט זיך גלייך פון זיין פען אויף מיר אויס־געגאָסן... — בין איך דאָך טאַקע דער גליקלעכסטער פון אַלע אויף דער וועלט!

## פראַגעס:

1. אין וואָס זעט דער לײן דאָס העכסטע גליק?
2. אין וואָס איז דער לײן פאַרוואַנדלט געוואָרן?
3. אַ וועלכע פּראָצעסן איז אַדורכגעגאַנגען דער לײן־געוויקס, ביז ער איז אין לייוונט פאַרוואַנדלט געוואָרן?
4. פאַרוואָס האָט זיך געפרייט דאָס פּאַפּיר? (ווער האָט אויף דעם געשריבן?)
5. צי ווייסטו, וויאַזוי עס ווערט אַ בוך? אויב יאָ, דערצייל. (אויב נישט, באַמי זיך צו באַזוכן אַ דרוקעריי.)

י. ל. פרץ

# דער קונצנמאַכער

אין אַ קליין שטעטל אַריין איז אַמאָל געקומען אַ קונצנמאַכער.

און כאָטש עס איז געווען אין דער פאַר־פּסח־צייט, ווען אַ ייד האָט מער זאָרגן, ווי האָר אויפן קאָפּ, האָט דאָך זיין אָנקומען געמאַכט אַ שטאַרקן רעש; עפּעס אַ מאָדנער מענטש! אָפּגעריסן און אָפּגעשליסן און — אויפן קאָפּ אַ צילינדער. אמת, אַן אָפּגעטראָגענער, אַ צעקנייטשטער, אָבער אַזאַ הויכער! אַן אמת יידיש פּנים, אָבער אָן אַ באָרד. און עסן האָט אים קיינער נישט געזען. גיי ווייס, וואָס ער איז. מע פרעגט אים: „פון וואַנען?" זאָגט ער: „פון פּאַריז". „וווהין?" — „קיין לאָנדאָן!" ווי קומט ער אַהער? ענט־פערט ער: „פאַרבלאָנדזשעט!" ווייזט אויס צופוס געגאַנגען. און שטייט מען צו אים צו, מאַכט מען אַרום אים אַ רעדל, ווערט ער פּלוצעם פאַר־שווונדן, גלייך די ערד וואָלט אים איינגעשלונגען, — און שווימט אַרויס פון יענער זייט מאַרק.

דערווייל האָט ער זיך געדונגען אַ פּלאַץ און אָנגעהויבן צו מאַכן קונצן.

אָבער קונצן! פאַר אַלעמען אין די אויגן האָט ער געשלונגען ברענענ־דיקע קוילן, ווי פעפער, און פון מויל אַרויסגעצויגן האָט ער כלערליי בענ־דער: רויטע, גרינע, וואָס פאַר אַ קאָליר מע האָט נאָר געוואָלט. פון אַ שטיוול וואַרפט ער אַרויס זעכצן פּאָר אינדיקעס, אָבער אינדיקעס — ווי די בערן! און לעבעדיקע, און זיי צעלויפן זיך איבער דער סצענע! דערנאָך הייבט ער אויף אַ פוס און קראַצט אָפּ פון דער זויל גאָלדענע רענדלעך! פּאַטשט מען „בראַוואָ". גיט ער אַ פייף, צעפליען זיך אונטערן סופיט חלות און לעקעכער, און מישן זיך, לויפן זיך צוזאַמען, און הייבן אָן צו טאַנצן אַ ראָד אונטער דער סטעליע! און גיט ער אַ צווייטן פייף — ווערט דאָס אַלץ פאַרשווונדן, גלייך גאָרנישט געווען! אויס לעקעכער, אויס בענדער, אויס אינדיקעס — גאָרנישט!

מילא, ווייסט מען דאָך, אַז ס'איז כישוף, עס בלייבט דאָך נאָך אַלץ די פראַגע פאַרוואָס איז ער אַזאַ גרויסער קבצן? אַ מענטש שאַרט רענדלעך פון זויל, און האָט נישט צו באַצאָלן פאַר דעם צימער; מיט אַ פייף באַקט ער מער לעקעכער און חלות, ווי דער גרעסטער בעקער; אינדיקעס ציט ער אַרויס פון שטיוול, — און אַ פּנים האָט ער אַן אויסגעצווינגענעם, אַז אַ שענערן לייגט מען אין דער ערד אַריין. און דער הונגער ברענט אים אין די אויגן, ווי אַ פלאַקער.

* * *

נאָך דערווייל וועלן מיר איבערלאָזן דעם קונצנמאַכער און איבערגיין צו חיים־יונה און זיין ווייב רבקה־ביילע.

חיים־יונה איז אַמאָל אַ וואַלד־סוחר געווען, האָט ער זיין געלט פאַר־לוירן. איז ער געוואָרן אַ שרייבער ביים סוחר אין וואַלד. האָט ער די שטעל פאַרלוירן; זיצט ער שוין אַ שיינע פּאָר חדשים אָן פּרנסה. אַ ווינטער האָט מען איבערגעלעבט — אויף אַלע שונאים געזאָגט. נאָך ווינטער גייט אָבער פּסח, און פאַרזעצט איז שוין ביזן לעצטן קישן.

גייט רבקה־ביילע און זוכט נאָך אַמאָל אין אַלע ווינקעלעך און געפינט אַן אַלטן אָפּגעריבענעם זילבערנעם לעפל — טאַקע אַ נס! שוין יאָרן זייט דער לעפל איז פאַרפאַלן געוואָרן.

גייט חיים־יונה, פאַרקויפט אים, און טראָגט אַריין די פּאָר גראָשן צום ר״ב אויף מצות פאַר אָרעמעלייט. אָרעמעלייט — זאָגט ער — זענען בילכער.

די צייט דערווייל רוקט זיך, שוין אינגאַנצן נישט מער ווי אַ פּאָר וואָכן צו פּסח. עס גייט אַוועק נאָך אַ טאָג, נאָך אַ טאָג, רבקה־ביילע ווייסט נישט פון קיין שלאָף, באַהאַלט דאָס פּנים אין די הענט און וויינט שטילערהייט, חיים־יונה זאָל נישט הערן... און אויף פּסח איז קיין צייכן נישטאָ. און טעג האָט זי ערגערע ווי נעכט — ביינאַכט וויינט זיך אַ מענטש כאָטש אָפּ דאָס האַרץ, בייטאָג אָבער מוז מען קנייפּן די באַקן, די פאַרב זאָל שטיין.

שכנות קוקן איר נאָך און גאַפן, און קוקן זיך די אויגן אויס, און שטעכן זי מיט רחמנות־בליקן, ווי מיט נאָדלען... אַנדערע פרעגן: „ווען באַקט איר מצות?״, „ווי האַלט איר מיט אייער?״ די נענטערע זאָגן:

— ס׳טייטש, וואָס טוט זיך מיט אייך, רבקה־ביילע? פעלט אייך, וועלן מיר אייך באָרגן...

חיים־יונה וויל אָבער נישט אָנקומען צו קיין מענטשן, און רבקה־ביילע וועט קענען איר מאַן נישט גיין, — זוכט זי אויסריידן פון אונטער דער ערד, און דאָס פּנים פלאַמט און פלאַמט...

און — שוין פּסח!

* *
*

חיים־יונה גייט פון שול אַהיים. זעט ער, אַז אַלע פענצטער אין מאַרק שיינען ארויס מיט יום־טוב, און נאָר זיין שטוב שטייט, ווי אַ בלינדע צווישן זעענדיקע. ער פאַלט אָבער ביי זיך נישט אַראָפּ. „עס וועט נאָך זיין פּסח״— טראַכט ער.

ער גייט אַריין און זאָגט פריילעך: „גוט יום־טוב דיר, רבקה־ביילע!״ און רבקה־ביילעס קול ענטפערט אים, אָנגעזאָפּט מיט טרערן, פון אַ פינצ־טער ווינקל אַרויס:

— גוט יום־טוב, גוט יאָר!

און אירע אויגן ברענען אַרויס פון פינצטערן ווינקעלע, ווי צוויי ברע־נענדיקע קוילן.

גייט ער צו איר צו און זאָגט איר:

— רבקה־ביילע, היינט איז יום־טוב, די יידן זענען ארויס פון מצרים [1], פאַרשטייסט? טרויערן טאָר מען נישט! מיר האָבן נישט אונדזער פּסח, מוז מען זיין ביי אַ פרעמדן סדר [2]. וועלן מיר גיין ערגעץ אַנדערש צום סדר! מען וועט אונדז אַריינלאָזן אומעטום... טיר און טויער שטייען אָפן... יידן זאָגן היינט: „ווער עס איז הונגעריק, זאָל אַריינקומען עסן". קום, נעם אויף דיר אַ שאַל, וועלן מיר גיין צום ערשטן בעסטן יידן...

און רבקה־ביילע, וואָס טוט שטענדיק וואָס איר מאַן הייסט, האַלט איין מיט אַלע כוחות דאָס געוויין, וואָס רייסט זיך צום האַלדז, נעמט אויף זיך אַ צעריסענע שאַל און וויל שוין גיין.

אין דער זעלבער רגע עפנט זיך אָבער די טיר און עמעץ קומט אַריין, און זאָגט:

— גוט יום־טוב!

ענטפערן זיי: „גוט יאָר", נישט זעענדיק, ווער עס איז צו זיי אַריינגעקומען.

זאָגט דער, וואָס איז אַריינגעקומען:

— איך וויל זיין אייער גאַסט צום סדר!

ענטפערט חיים־יונה:

— מיר האָבן אַליין קיין סדר נישט.

ענטפערט יענער, אַז ער האָט מיטגעבראַכט דעם יום־טוב מיט זיך!

— אין דער פינצטער? — האַלט זיך שוין רבקה־ביילע נישט איין און צעוויינט זיך.

— חלילה, — ענטפערט דער גאַסט — עס וועט זיין ליכט.

און ער גיט אַ מאַך: האָקוס־פּאָקוס! און עס באַווייזן זיך צוויי פּאָר זילבערנע לייכטער מיט אָנגעצונדענע ליכט, אין מיטן שטוב, אין דער לופט! עס ווערט ליכטיק. חיים־יונה און רבקה־ביילע דערזעען, אַז דאָס איז דער קונצנמאַכער, און זיי גאַפן און קאָנען פאַר וווּנדער און שרעק קיין וואָרט פון מויל נישט אַרויסברענגען. זיי כאַפּן זיך איינס דאָס צווייטע אָן ביי די הענט און שטייען מיט אויפגעריסענע אויגן און אָפענע מיילער.

דער קונצנמאַכער ווענדט זיך דערווייל צום טיש, וואָס איז געשטאַנען אין אַ ווינקעלע, און זאָגט צו אים:

— נו, בחורל, באַדעק זיך און קום אַהער!

---

[1] מצרים (מיצראַים) — עגיפּטן, לויט אַן אַלטער לעגענדע זענען די יידן אַרויס פון דער פאַרקנעכטונג אין מצרים, און דעריבער פייערט מען דעם יום־טוב פון באַפרייונג — פּסח, ווו מען עסט טרוקענע פלעצל — מצות (מאַצעס).

[2] סדר (סיידער) — יאָנטעוודיקער אָוונטברויט.

און אַזוי ווי ער זאָגט דאָס אַרויס, פאַלט פון סטעליע[3] אויפן טיש אַראָפ אַ שניי־ווייס טישטעך און באַדעקט אים, און דער באַדעקטער טיש הייבט זיך אָן צו רירן, און גייט, און קומט אין שטוב אַריין, און פאַרהאַלט זיך פּונקט אונטער די ליכט, און די זילבערנע לייכטער לאָזן זיך נידעריקער אַראָפ און שטעלן זיך אַנידער אויפן טיש.

אויף זיין געבאָט באַווייזט זיך אויך אַ שיסל מיט אַלע גוטע זאַכן און שטעלט זיך אויפן טיש. עס באַווייזן זיך אויך רויטע כוסות מיט פלעשער וויין, און מצות, און אַלץ, וואָס מע דאַרף צו אַ פריילעכן סדר.

דעמלט האָבן זיי זיך ערשט אויפגעכאַפּט פון גאַפן.

און רבקה־ביילע פרעגט חיים־יונה אויפן אויער:

— מע מעג? וואָס?

און חיים־יונה ווייסט אַלײַן ניט וואָס צו ענטפערן.

ראָט זי אים:

— גיי, מיין מאַן, און פרעג דעם רב.

ענטפערט ער, אַז ער קאָן זי מיטן קונצנמאַכער אַליין נישט איבערלאָזן. וויל ער, זי זאָל גיין. זאָגט זי, אַז אַ נאַרישער יידענע וועט דער רב נישט גלייבן. ער וועט מיינען, אַז זי איז פון זינען אַראָפּ. גייען זיי ביידע צום רב און לאָזן איבער דעם קונצנמאַכער מיטן סדר.

האָט דער רב געזאָגט, אַז דאָס, וואָס ווערט געמאַכט מיט אַ כישוף, האָט קיין ווערט נישט, וואָרעם כישוף איז נאָר אַ פאַרבלענדעניש פאַר די אויגן. הייסט ער זיי אַהיים גיין, און אויב די מצה וועט זיך לאָזן אָפּ־ברעכן, דער וויין — גיסן אין די כוסות אַריין, איז גוט... מעגן זיי געניסן...

אַזוי האָט דער רב געהייסן.

גייען זיי מיט האַרצקלאַפּעניש אַהיים. קומען זיי אַריין, איז דער קונצנמאַכער שוין נישטאָ, און דער „סדר" שטייט, ווי ער איז געשטאַנען. דער וויין גיסט זיך, די מצות ברעכן זיך...

האָבן זיי ערשט פאַרשטאַנען, אַז דאָס איז געווען אליהו הנביא, און האָבן געהאַט אַ פריילעכן יום־טוב.

## פראַגעס:

1. פאַרוואָס האָט חיים־יונה נישט געהאַט אויף פסח?
2. וואָס האָט ער געטאָן מיטן געלט, וואָס ער האָט באַקומען פאַרן לעפל?
3. וויאַזוי איז חיים־יונהס גוטסקייט באַלוינט געוואָרן?
4. ווי וואָלסטו אָנגערופן אַזאַ מעשה? וואָס וויל פרץ ווייזן דורך דער מעשה?

---

[3] סטעליע — סופיט.

**מ. איזוואַנסען** — פריי איבערזעצט פון רוסיש: **ש. לאַסטיק**

# אומעטום מאַי

הענגט אַ וואָלקן איבערן קאָפּ.
— וואָלקן, וואָלקן, טראָג זיך אָפּ!
ליטער דאַרף זיין יעדער שוועל,
זאָל די זון אונדז לייכטן העל!
אויך דער הימל דאַרף זיין פריי, —
ס׳איז דאָך היינט דער ערשטער מאַי!

שווימט דער וואָלקן צום זאַוואָד,
צו פאַבריק פון גרויסער שטאָט
און דערזעט דאָרט פאָנען־פלאַטער, —
מענטשן שטראָמען אין טעאַטער.
הייבט אַ קינד דאָס קעפּל אויף,
אויפן הימל קוקט אַרויף,
זעט אַ שוואַרצן וואָלקן שפּרייזן,
גייט מיט בליץ זיין גבורה ווייזן.
— וואָלקן, וואָלקן, טראָג זיך אָפּ! —
אונדזער קינד צום וואָלקן זאָגט. —
מער קיין אַרבעט נישט געהאַט,
ווי צו שטערן דעם פּאַראַד?
ווייסט נישט, ווען ס׳איז פייכט און נאַס
לאָזט מיך מאַמע נישט אין גאַס?...

מיט אַ בליץ די כמאַרע שפּריצט —
ביי דעם ים געפינט זיך איצט.
דער מאַטראָס שרייט הויך צו איר:
— העי, דו, כמאַרע, ריר זיך, ריר,
טראָג זיך אָפּ פון דאַנען גיך!
ס׳איז היינט יום־טוב אויף דער שיף!

דרייט די כמאַרע שנעל זיך אויס,
פליט פאַרשעמט אויף פעלד אַרויס.
— ביסט ביי אונדז אַ גאַסט אַ ליבער,
אָבער היינט, איך בעט דיך איבער,
כ׳פייער היינט דעם ערשטן מאַי!
כ׳בעט, פאַרהאַלט דאָס גיסעריי...




ווערט די כמאַרע בייז, פאַרשייטער —
און זי טראָגט זיך ווייטער, ווייטער
און וווהין זי קומט נאָר אָן —
הענגט אַ הויכע רויטע פאָן:
אין מאָסקווע, ווארשע און טיראַנע,
יובלען מאַסן, מענגעם שפּאַנען,
פּראַגע, פּעקין און קאַנטאָן
טראָגן הויך די שטורעם־פאָן.
לענינגראַד און סטאַלינגראַד
מאַכן דעם אמתן פּאַראַד.
פרייד, געלעכטער, יום־טוב הערשט
אין בוקאַרעשט און בודאַפּעשט.
דער גרוזין, קאַזאַך, קאַלמיק
פייערט טאָג פון קאַמף און גליק.
אויך אין דאָרף, קישלאַק, אַאול
מענטשן שטראָמען, גאַסן — פול.
אַלע קרום אויף וואָלקן קוקן
און דעם וואָלקן זיי פאַריאָגן...

פרעגט דער וואָלקן מיט פאַרדראָס:
— זעט, וואָס טוט זיך עס דאָ, וואָס?
זאָגט ווו קען איך רעגנען פריי?
ווו ז'נישטאָ דער ערשטער מאַי?

— יעדער ווינקל אויף דער ערד
פייערט אים און אים באַערט,
אַלץ, וואָס פרייהייט היט געטריי,
פייערט היינט דעם ערשטן מאַי!

הערש סמאָליאַר

# איין משפּחה

(דערציילונג)

גאָרנישט ווי געוויינלעך האָט דאָס מאָל די פאַרזאַמלונג זיך אָנגעהויבן, און אַזוי אומגעוויינלעך זיך פאַרענדיקט: אָן אַ פאָרזיצער, אָן אַ רעדנער, אָן דעם געוויינלעכן „כ'בעט אַ וואָרט" און „כ'דערקלער די פאַרזאַמלונג פאַר געשלאָסן". ביי דעם אָפּשיין פון דער פאַרבייגייענדיקער פרילינג־זון האָבן די פּנימער פון די טאַטעס און מאַמעס אויסגעזען באַזונדערס פאַרזאָרגט. אויסגעזעצט אין אַ האַלבן קרייז ארום דעם שול־פאַרוואַלטער חבר יאכנים, האָט מען שטיל געשמועסט, געפרעגט, געמאָנט. נישט אָפּוואַרטנדיק ביז עמעץ פון די עלטערן וועט אַלץ ביזן סוף דערציילן, האָט גלייך אַ צווייטער אָנגעהויבן און אַ דריטער האָט דערביי עפּעס אונטערגעזאָגט, צוגעשטימט אָדער דערווידערט. אַזוי לאַנג האָט זיך עס געצויגן, ביז ס'איז גאָר טונקל געוואָרן און ס'איז שוין שווער געווען אפילו אונטערצושיידן איין פּנים פונעם צווייטן. קיינער האָט זיך אָבער אויך דעמלט פון אָרט נישט גערירט, און קיינעם איז גאָר נישט איינגעפאַלן אַ דריי טאָן דאָס עלעקטרישע קנעפּל, ליכטיק מאַכן אין דעם גרויסן שול־זאַל. מער נישט — די שטימעס זענען געוואָרן גדעמפּטער, דאָס רעדן אַלץ קירצער, אָפּגעהאַקטער, ביז ס'איז אינגאַנצן שטיל געוואָרן.

ווי שטיל עס איז נישט געווען דאָס וואָרט פון דעם שול־פאַרוואַלטער חבר יאכנים, האָט עס דאָך צו אַלעמען דערגרייכט:

— געדענקט, — האָט ער געזאָגט צו די עלטערן — אונדזערע קינדער זענען אַנדערע, ווי מיר זענען געווען. איילט זיך נישט. האָט צוטרוי צו זיי. איך בין זיכער — זיי וועלן קומען און אַליין אונדז דערציילן, וואָס ס'איז געשען...

*   *
*

און געשען איז אָט־וואָס: אין דעם טאָג האָבן אין אַלע קלאַסן פון דער שלום־עליכם־שול זיך נאָרמאַל אָנגעהויבן די לעקציעס. אין אַלע קלאַסן — חוץ אין דעם פערטן, פון וועלכן ס'האָט זיך קיין שאָרך נישט געהערט.

דער קלאַסן־צימער איז געשטאַנען פּוסט, ליידיק. וויפל דער פּאַרוואַלטער האָט נישט געפּרוווט זיך דערוויסן, וואָס ס'איז געשען, פּאַרוואָס איז קיין איין שילער פון דאָזיקן קלאַס אין שול נישט געקומען, האָט זיך עס געענ־דיקט דערמיט, וואָס אין משך פון טאָג זענען אייליק געקומען צו לויפן אומרואיקע טאַטעס און מאַמעס, כדי ביי די לערער צו דערגיין, וואָס ס'איז געשען מיט זייערע קינדער, ווו זיי זענען?

דעמלט איז עס טאַקע באַשלאָסן געוואָרן, אַז די עלטערן זאָלן נאָך מיטאָג זיך צונויפקומען אויף אַ ספּעציעלער פאַרזאַמלונג.

וויפל דער שול־פּאַרוואַלטער האָט נישט באַרואיקט, גערעדט צום פאַרשטאַנד און איבערצייגט, אַז קיין שום בייז האָט נישט געקאָנט געשען, זענען דאָך געווען טאַטעס און מאַמעס, וואָס האָבן, קומענדיק אַהיים, זיך נאָך מער באַאומרואיקט. אייניקע זענען אפילו אַוועק מעלדן אין דער מיליץ, אַז זייערע קינדער זענען פאַרפאַלן געוואָרן...

אויף צומאָרגנס אינדערפרי, ווי יעדן געוויינלעכן טאָג, זענען די לעק־ציעס אין אַלע קלאַסן פאָרגעקומען נאָרמאַל. אויך אין פערטן קלאַס. אַלע שילער און שילערינס זענען געווען אויף זייערע ערטער, און ביים אריינ־קום פון שול־פּאַרוואַלטער, האָבן זיי זיך האַסטיקער ווי שטענדיק אויפ־געשטעלט. אַזוי ווי ס'זאָל גאָרנישט געשען, האָט דער לערער יאכנים אַ צעשמייכלטער געכאַפּט אַ בליק איבער אַלעמענס פּנימער. ער האָט קלאָר געזען די צעקנייטשטע, פון דער זון אַ ביסל אָפּגעבליאַקעוועטע סקויטישע מונדירלעך, און ברייטער ווי שטענדיק האָט זיך אויסגעצויגן דעם לערערס צעשמייכלט מויל. די שילער פון די ערשטע בענק האָבן דעם לערערס בליק לאַנג נישט געקאָנט אויסהאַלטן אויף זיך. ענטפערנדיק אַ רגע מיט אַ שמייכל, זענען זיי באַלד ערנסט געוואָרן, און אָפטער ווי שטענדיק געכאַפּט אַ בליק אונטער דער באַנק, אויף די צונויפגעדריקטע הענט.

— נעמט אַרויס די העפטן... — די געוויינלעכע ווערטער פונעם לע־רער זענען דאָס מאָל אויפגענומען געוואָרן ווי אַ באַפעל, און ס'האָט ווײַ־ניקער ווי שטענדיק געדויערט, ווי אַלע וואָלטן גרייט געווען צו טאָן אַלץ, וואָס דער לערער וועט הייסן.

— אַ קלאַסן־אַרבעט וועט עס זיין. איר וועט שרייבן: וואָס גיט אונ־דזער לאַנד דער אַרבעטס־געוועט. דאָס לעצטע מאָל, ווען איז עס געווען?... ־אַכט זיך נעכטן...

אַלע האָבן אָנגעשטרענגטער גענומען קוקן אויפן לערער...

— ניין, נעכטן נישט... — האָט אייליק אָנגעהויבן און גלייך איבער־געריסן דער צעניאָריקער הענעק ברייטמאַן.

— אָך, יאָ, — האָט דער לערער, ווי זיך אַנטשולדיקנדיק, אים נאָכ־געזאָגט — נעכטן נישט. אַוודאי, אייערנעכטן האָבן מיר געשמועסט וועגן

דעם גרויסן מאי־גערועט צווישן די אַרבעטער פון גאַנצן לאַנד. וועגן די פויערים, וועלכע טוען נאָך דעם ביישפּיל פון די פאַבריק־אַרבעטער און באַמיען זיך צו פאַרזייען אַלע זייערע פעלדער. אָט איז היינט אין צייטונג פאַראַן: די אַרבעטער פון די לאָקאָמאָטיוו־וואַרשטאַטן האָבן אָפּגערעמאָנטירט פאַר דער צייט פינף נייע לאָקאָמאָטיוון. און די פויערים פון לאַנדווירטשאַפטלעכן פּראָדוציר־קאָאָפּעראַטיוו „נייער פאַרזיי" האָבן שוין באַוויזן צו פאַראַקערן דעם גאַנצן באָדן, וואָס האָט נאָך פאַראַיאָרן געפּוסטעוועט.

— נאָך נישט דעם גאַנצן, לערער, — האָט האַסטיק זיך אויפגעהויבן ראָזע שאַליט — ס'איז נאָך פאַרבליבן אַ פּופּצן העקטאַר...

— נישט קיין פּופּצן, — האָט פון די הינטערשטע בענק עמעץ געענטפערט — וואָס ווייסטו זי, זי איז דאָך אַ גאַנצע נאַכט געשלאָפן...

— שטעל זיך אויף, ביעלסקי, — האָט דער לערער באַפוילן — פון וואַנען ביסטו אַזוי זיכער, אַז נישט קיין פּופּצן?

— ס'הייסט... — האָט עלעק ביעלסקי אַ ביסל פּלאָנטערנדיק מיט דער צונג געענטפערט, — מע קאָן גענוי נישט וויסן. אָבער נישט קיין פּופּצן, דאָס איז זיכער. אַ סך ווייניקער. ס'איז לעבן וואַלד. און זי איז דאָרט נישט געווען. מיר זענען געווען אין יענער בריגאַדע...

כאָטש די שילער האָבן קיין שום ענדערונג נישט באַמערקט אין לערערס בליק, האָבן דאָך אייניקע זיך פּלוצעם געכאַפּט, אַז ס'איז געשען, נישט אַזוי ווי ס'איז געווען אָפּגערעדט: קומען אין שול און מעלדן אָפּיציעל. אַז נאָכן אייערנעכטיקן שמועס פון לערער יאַכנים וועגן אַרבעטס־גערועט האָט דער פערטער קלאַס באַשלאָסן זיך צו לאָזן אין נאָענטן לאַנדווירטשאַפטלעכן קאָאָפּעראַטיוו, כדי צו העלפן די פויערים אין זייער אַרבעט. אַ טאָג האָבן זיי אָפּגעאַרבעט. די שטאַרקערע האָבן געפירט די פערד ביים אַקערן, די שוואַכערע און די מיידלעך האָבן געזעצט קאַרטאָפל, געאַרבעט אויפן גאָרטן. די פויערים האָבן זיי גאָר פיין אויפגענומען, געבעטן זיי קומען צום שניט, העלפן זיי אין פאַרמעסט מיט אַנדערע קאָאָפּעראַטיוון.

— איז אָט: זעצט זיך שרייבן וועגן אַרבעטס־גערועט אין לאַנדווירטשאַפטלעכן קאָאָפּעראַטיוו „נייער פאַרזיי", וואָס האָט דער דאָזיקער גערועט געגעבן, וויאַזוי אונדזערע שילער דאַרפן העלפן אין גערועט. פאַרגעסט דערביי אויך נישט אָנצושרייבן אייער מיינונג, צי דאַרף מען אַזוי העלפן, אַז דער קלאַס זאָל אַ גאַנצן טאָג שטיין פּוסט, און טאַטע־מאַמע, די לערער זאָלן נישט וויסן, וואָס איז געשען מיט די קינדער... אָט וועגן דעם אַלין שרייבט, אָבער גענוי, קלאָר. איר האָט פאַרשטאַנען?

עטלעכע שטימען האָבן איינער נאָכן צווייטן געענטפערט: — פאַרשטאַנען!

שטיל, שטילער ווי שטענדיק איז געווען אין קלאַס. און ביי דער



גאַנצער שטילקייט האָבן דאָך אַ סך נישט דערהערט דאָס גלעקל, וואָס האָט אָנגעזאָגט אַ פּויזע. קיינער האָט זיך פון אָרט נישט אויפגעהויבן. די לעקציע האָט ווייטער געדויערט.

דער לערער איז געזעסן ביים טישל און איין שריפטלעכע אַרבעט נאָך דער צווייטער געלייענט. דערביי האָט ער שטיל, ווי צו זיך אַליין, זיך אָפּגערופן:

— איין משפּחה זענען מיר אַלע אין אונדזער לאַנד: די פּויערים פון „נייעם פאַרזיי“, און די אַרבעטער פון די לאָקאָמאָטיוו־וואַרשטאַטן, און אייערע טאַטע־מאַמעס, וועלכע אַרבעטן אין פאַרשיידענע ערטער, און מיר, אייערע לערער, וועלכע העלפן אייך אויסוואַקסן גוטע, נוצלעכע מענטשן, און איר, ווי קליין און יונג איר זייט נישט, — אַלע זענען מיר איין משפּחה, כדי זיך איינער דעם אַנדערן צו העלפן. נישט גוט האָט זיך ביי אייך באַקומען. די פּויערים פון „נייעם פאַרזיי“ וואָלטן נישט געוואָלט אַזאַ הילף, וואָס פאַרשאַפט קלעמעניש אייערע עלטערן, אייערע לערער. מיר זענען דאָך איין משפּחה, און מיר וואָלטן אייך אַליין אַרויסבאַגלייט צו דער שיינער אַרבעט, צו העלפן די פּויערים — פאַרוואָס זשע האָט איר זיך אויסבאַהאַלטן, עס געטאָן, ווי מיר וואָלטן אייך געשטערט?

ווען דער לערער יאַכנים איז אַרויס פון קלאַסן־צימער, האָט ער דער־זען אַ סך מאַמעס, וועלכע זענען געשטאַנען הינטער דער טיר און אומגע־דולדיק געוואַרט צו דערזען זייערע קינדער.

— נו, איך האָב דאָך אייך געזאָגט, — האָט זיך צו זיי געווענדט דער לערער יאַכנים, — אַז מע דאַרף האָבן צוטרוי צו אונדזערע קינדער! זיי זענען גאָר אַנדערע...

## פראַגעס און אויפגאַבעס:

1. פאַרוואָס הייסט די דערציילונג „איין משפּחה“? וואָס מיינט דער־מיט דער שרייבער צו זאָגן?
2. געפינט דאָס אָרט, וווּ עס רעדט וועגן איין משפּחה דער לערער יאַכנים.
3. פאַרוואָס זענען די קינדער אַוועק אין לאַנדווירטשאַפטלעכן קאָ־אָפּעראַטיוו?
4. פאַרוואָס האָט דער לערער געהאַלטן, אַז זיי האָבן נישט ריכטיק געהאַנדלט?
5. פירט אַדורך אַ חברים־געריכט איבער דער האַנדלונג פון די שילער פון פערטן קלאַס פון דער שלום־עליכם־שול.

אליהו רייזמאַן

# מיין הויז קאַניע־גורע[1]

פון וועג נישט ווייט דאָ שטייט מיין הויז,
די פענצטער בלוי, דער דאַך איז רויט,
עס שיינט פון אים די זעט אַרויס
פון מילך, פון קעז, פון שוואַרצן ברויט.

און ווער עס גייט פאַרביי מיין הויז,
אַריינגיין קאָן זיין הונגער שטילן —
מיט מילך, מיט קעז און שוואַרצן ברויט,
מיט אַלעם, וואָס דאָס האַרץ נאָר וויל.

אַליין מיט מיינע הענט דאָס פעלד
איך האָב געאַקערט און געזייט,
ביז בלויען וואַלד דעם שטח דאָרט,
אין גאַנצער לענג, אין גאַנצער ברייט.

[1] לאַנדווירטשאַפטלעכע קאָאָפּעראַטיוו אין שטשעטשינער וואָיעוואָדשאַפט.

איך האָב געשניטן און געדרעשט
און גאַנצע טעג זיך נאָר געמיט,
מיט שטערן־שיין זיך אויסגעמישט
האָט אין מיין פעלד מיין ברויט געבליט.

פון וועג נישט ווייט דאָ שטייט מיין הויז,
אַרום מיין הויז מיין גאָרטן בליט;
ס'איז נישט קיין טרוים, ס'איז וואָר, מיין פריינד —
עס הילכט אויף פעלד מיין יידיש ליד!...

ד'אַמיטשיס

# דער קליינער איבערשרייבער

ער איז געווען אַ שילער פון פערטן קלאַס אין אונדזער פאָלקס־שול. אַ שלאַנקער צוועלף־יאָריקער יינגל מיט פעך־שוואַרצע האָר און מיט אַ בלאַס פּנים, דער עלטערער זון אין דער משפּחה. זיין פאָטער האָט געאַרבעט אויף דער באַן. ער האָט זייער ווייניק פאַרדינט און געהאַט אַ גרויסע פאַמיליע, און פון זיינע פאַרדינסטן איז געווען קוים אויף צו לעבן. ער האָט זייער ליב געהאַט זיין זון, און פלעגט אים אַלץ נאָכגעבן. אָבער וועגן זיין לערנען אין שול איז ער געווען זייער שטרענג און געפאָדערט, אַז זיין זון זאָל זיין דער בעסטער שילער, כדי נאָכדעם, אַז ער וועט ענדיקן, זאָל אים גרינגער זיין אָנקומען אויף אַ שטעלע און העלפן דער פאַמיליע.

דער פאָטער איז געווען אַ קראַנקער מענטש. די שווערע אַרבעט האָט אים אויך געעלטערט פאַר דער צייט. פונדעסטוועגן האָט ער נאָך, אויסער זיין שטענדיקער שווערער אַרבעט אויף דער באַן, געזוכט פּריוואַטע אַרבעט אַהיים צונעמען, כדי צו פאַרגרעסערן זיינע פאַרדינסטן און קאָנען אויסהאַלטן זיין פאַמיליע. איינגעבויגן אין דרייען פלעגט ער ביז שפּעט אין דער נאַכט אָפּזיצן איבער דער דאָזיקער אַרבעט.

פאַר דער לעצטער צייט האָט ער געקראָגן אַרבעט אין אַ פאַרלאַג, וואָס פלעגט אַרויסגעבן פאַרשידענע ביכער און זשורנאַלן. ער האָט געדאַרפט אָנשרייבן די אַדרעסן פון די אַבאָנענטן, נאָר די דאָזיקע אַרבעט האָט אים זייער אויסגעמאַטערט, און ביים מיטאָג פלעגט ער זיך באַקלאָגן:

— די ביינאַכטיקע אַרבעט דערגייט מיר די יאָרן, די אויגן ווערן מיר קאַליע.

איינמאָל האָט זיך דאָס יינגל אָפּגערופן:

— ווייסט וואָס, טאַטע, איך וועל דיר העלפן שרייבן, דו ווייסט דאָך,



אַז איך קאָן שרייבן פּונקט אַזוי ריין און קלאָר, ווי דו
נאָר דער פֿאָטער האָט אים געענטפֿערט:

— ניין, דו דאַרפֿסט זיך לערנען, דיינע לימודים זענען מיר אַ סך וויכטיקער ווי שרייבן אַדרעסן. איך דאַנק דיר זייער, נאָר איך וויל נישט, אַז דו זאָלסט זיך אַפֿילו אויף אַ האַלבער שעה אָפּרייסן פֿון לערנען.

דאָס ייִנגל האָט גאַנץ גוט געוווּסט, אַז ער וועט גאָרנישט אויספֿירן, און וועגן דעם מער אַפֿילו קיין וואָרט נישט גערעדט. נאָר אָט וואָס ער האָט געטאָן: איינמאָל ביינאַכט האָט ער אויסגעוואַרט ביז דער פֿאָטער האָט זיך געלייגט שלאָפֿן, אין דער שטיל זיך אָנגעטון און טאַפּנדיק אין דער פֿינצטער, איז ער אַריין אין קאַבינעט, האָט אָנגעצונדן דעם לאָמפּ און זיך געזעצט צום שרייבטיש. אויפֿן טיש איז געלעגן אַ פּאַק קאָנווערטן און דאָס צעטל פֿון די אַבאָנענטן. דאָס ייִנגל האָט גענומען שרייבן די אַדרעסן, געפֿלייסט זיך דערביי נאָכצומאַכן דעם פֿאָטערס האַנטשריפֿט. ער האָט געשריבן גיך מיט גרויס פֿאַרגעניגן, נאָר מורא געהאַט, מע זאָל אים נישט כאַפּן ביי דער אַרבעט. די צאָל פֿון די אָנגעשריבענע אַדרעסן איז אַלץ געוואַקסן, פֿון צייט צו צייט פֿלעגט ער אַוועקלייגן די פֿען און רייבן איין האַנט אין דער אַנדערער, נאָכדעם זיך ווידער נעמען מיט נאָך מער פֿלייס צו דער אַרבעט, צוהערנדיק זיך צום מינדסטן שאָרך און צושמייכלען בשעת מעשה, און אָט זענען שוין

אַרטיק הונדערט פופציק אַדרעסן. ערשט איצט האָט ער אַוועקגעלייגט ד פּען אויף דעם זעלביקן אָרט, ווו זי איז פריער געלעגן, אויסגעלאָשן דעם לאָמפּ און איז אויף די שפּיץ פינגער אַוועק צוריק אין בעט אַריין.

אויף מאָרגן, ביים מיטאָג, איז דער פאָטער געווען זייער אויפגעלייגט. ער האָט גאָרנישט נישט באַמערקט, ער האָט זיך געזעצט צום טיש, אַ קלאַפּ געטאָן דעם זון איבער דער פּלייצע און פריילעך אויסגערופן:

— נו, דזשולאַ, נישט געזאָרגט! דיין טאַטע איז נאָך אַן אַרבעטער, נישט צו פאַרזינדיקן! נעכטן ביינאַכט האָב איך אין צוויי שעה אָנגעשריבן אַדרעסן מיט אַ דריטל מער ווי געוויינלעך: די האַנט, הייסט עס, אַרבעט נאָך גאַנץ נישקשה און די אויגן — אויך, גאָט צו דאַנקען!

דזשולאַ האָט גאָרנישט געענטפערט נאָר זיך זייער געפרייט און זיך געטראַכט: „אָרעמער טאַטע, אי דאָס פאַרגרעסערט זיין פאַרדינסט, אי ער מיינט נאָך, אַז עס קומען אים צו פרישע כוחות — און עס טוט אים הנאה!... נו, הייסט עס, אַז מע מוז ווייטער אַרבעטן". און אַזוי האָט ער געטאָן אַלע נאַכט. דער פאָטער האָט גאָרנישט באַמערקט. בלויז איין מאָל ביי דער וועטשערע, האָט ער אַ זאָג געטאָן:

— אַ מאָדנע זאַך! די לעצטע צייט גייט ביי אונדז אַוועק אַ סך מער נאַפט ווי אַלעמאָל!

דזשולאַ האָט אַ ציטער געטאָן. נאָר מיט דעם האָט זיך דער שמועס געענדיקט, און די נאַכט-אַרבעט איז זיך געגאַנגען ווי געוועזן.

נאָר איצט האָט דזשולאַ נישט געהאַט די מעגלעכקייט זיך אויסצו-שלאָפן ווי עס באַדאַרף צו זיין. אינדערפרי פלעגט ער אויפשטיין אַ מידער, אַ צעבראָכענער, און אינאָוונט, צוגרייטנדיק די לעקציעס, האָט ער קויים געקאָנט בייקומען דעם שלאָף. די אויגן פלעגן זיך ביי אים קלעפּן, ער פלעגט אָפּט איינשלאָפן אין מיטן לערנען, אויפשטיין שפּעטער ווי תמיד, די לעקציעס אָפּפּטרן אויף גיך און האָט בכלל זיך געלערנט אַ סך ערגער, ווי ביז איצט.

דעם פאָטער האָט עס שטאַרק פאַרדראָסן, און ער האָט אים אָנגעהויבן מוסרן [1] און זאָגן האַרבע ווערטער.

דזשולאַ האָט זיך דערויף גאָרנישט געריכט און זיך שטאַרק פאַרלאָרן.

„יאָ, — האָט ער זיך געטראַכט — מער דאַרף מען עס טאַקע נישט טאָן. מע דאַרף עס אַוועקוואַרפן און גענוג". נאָר אין דעם זעלביקן טאָג האָט דער פאָטער מיט פרייד געזאָגט:

— איר ווייסט, הייניטיקן חודש האָב איך פאַרדינט מיט צוויי און דרייסיק לירעס [2] מער ווי אַלעמאָל! — און ביי די ווערטער אַרויסגענומען

[1] מוסרן (מוסערן) — זאָגן שטראָף-רייד, מאַכן פאָרוווּרפן.
[2] ליר — איטאַליעניש געלט — ווי ביי אונדז אַ זלאָטע.

פון טישקעסטל אַ שאַכטל צוקערקעס און מכבד געווען די קינדער. די קינ־דער האָבן פון גרויס פרייד אַזש אָנגעהויבן פּאַטשן מיט די הענט.

און דזשולאַ האָט זיך געטראַכט: „ניין, מיין ליבער טאַטע, איך וועל ווייטער טאָן מיין אַרבעט! איך וועל זיך בעסער לערנען, אָבער ביינאַכט וועל איך אַרבעטן ווי געווען".

און אַזוי זענען אַריבער נאָך צוויי חדשים פון שווערער ביינאַכטיקער אַרבעט און בייטאָגיקער אויסגעמאַטערטקייט, צוויי חדשים פון געפּערלע־כער אָנגעשטרענגטקייט פון דעם זון און פון ביטערע שטראָף־רייד פון פאָטער. נאָר ערגער פאַר אַלץ איז פאַר דזשולאַן געווען, וואָס דער פאָטער איז געוואָרן אָפּגעקילט צו אים און כמעט מיט אים נישט גערעדט. דאָך האָט נאָך שטאַרקער געווירקט אויפן יינגל, און ער איז געוואָרן נאָך אָפּ־געצערטער און בלאַסער.

איינמאָל אָוונט איז ביי דער וועטשערע האָט די מוטער אויף אים אַ קוק געטאָן, און ס'האָט זיך איר אויסגעוויזן, אַז ער זעט אויס זייער שלעכט.

— ס'קינד איז, ווייזט אויס, קראַנק. גיב נאָר אַ קוק ווי ער איז בלייך. וואָס איז דיר, דזשולאַ?

נאָר דער פאָטער האָט אַ קוק געטאָן אויף אים און געזאָגט:

— זיין געוויסן איז נישט ריין, אָט פאַרוואָס ער פילט זיך נישט גוט. בעת ער איז געווען אַ ווויל יינגל און זיך געלערנט גוט, האָט ער זיך קיינ־מאָל נישט געפילט שלעכט.

— אָבער ער איז דאָך קראַנק! — האָט די מוטער אויסגעשריען.

— ע, וואָס גייט ער מיך איצט אָן! — האָט דער פאָטער זיך אָפּגע־רופן.

די דאָזיקע ווערטער האָבן געטראָפן דזשולאַן, ווי מיט אַ מעסער אין האַרצן.

„וואָס גייט ער מיך אָן"..... און פריער פלעגט ער אויפציטערן, אַז איך האָב אַ הוסט געטאָן. הייסט עס, אַז ער האָט מיך שוין נישט ליב..."

„אָ, ניין, טאַטע. — האָט דזשולאַ ווייטער צו זיך גערעדט, פילנדיק, אַז דאָס האַרץ ווערט אים צעריסן פון ווייטיק. — איצט וועל איך שוין אָוועקוואַרפן די נאַכט־אַרבעט... אָן דיין ליבע קאָן איך נישט לעבן! איך וויל , דו זאָלסט מיך ליב האָבן, ווי פריער,און איך וועל דיך שוין מער נישט נאַרן. כ'וועל זיך לערנען ווי פריער, נאָר דו מוזט מיך ליב האָבן ווי ביז אַהער. אַזוי האָב איך באַשלאָסן, און אַזוי וועט עס זיין!"

נאָר פונדעסטוועגן האָט ער זיך ביינאַכט אויפגעכאַפּט, אַריין אין קאַבינעט, אָנגעצונדן דעם לאָמפּ און זיך ווידער גענומען צום שרייבן. דער פּאַק אָנגעשריבענע קאָנווערטן איז אַלץ געוואַקסן. און ער איז געזעסן און געשריבן, און געשריבן.

אין דער דאָזיקער צייט איז דער פאָטער געשטאַנען הינטער זיינע פלייצעס. ער האָט זיך גראָד אויפגעכאַפּט און, דערזעענדיק פייער אין קאַבינעט, זיך אויף די שפּיץ פינגער צוגעגבעט צו דעם זון. זיין גרויער קאָפּ האָט זיך אַריבערגעבויגן איבער דזשולאַס שוואַרץ קעפּל. ער האָט דערזען, ווי גיך עס באַוועגט זיך זיין האַנט, שרייבנדיק איין אַדרעס נאָכן אַנדערן, און גלייך אַלץ פאַרשטאַנען... אַ ביטער געפיל פון חרטה און ליבער צערטלעכקייט האָט אים אַרומגענומען, און ער איז געבליבן שטיין ווי אַ פאַרגליווערטער לעבן דער שטול, ווו זיין יינגל איז געזעסן. פּלוצלינג האָט דזשולאַ אַ פאַרציטערטער אַ געשריי געטאָן, דערפילנדיק, אַז צוויי הענט נעמען אים אַרום...

— אָ, טאַטע, טאַטע! אַנטשולדיק מיר, אַנטשולדיק מיר! — האָט ער אויסגעשריען, דערזעענדיק לעבן זיך דעם פאָטער.

— דו דאַרפסט מיר אַנטשולדיקן! — האָט דער פאָטער געענטפערט מיט געוויין, באַדעקנדיק זיין קאָפּ און זיין שטערן מיט קושן. — איך פאַרשטיי שוין אַלץ... און איך בעט דיך, דו זאָלסט מיר אַנטשולדיקן, מיין טייער קינד! קום, קום מיט מיר!

און ער האָט אים צוגעפירט, ניין, גיכער צוגעטראָגן אויף די הענט צו דער מוטערס בעט און איר געזאָגט:



— נעם אים אַרום און גיב אַ קוש אונדזער טייער קינד!... דריי חדשים גאָכאַנאַנד, אַז ער שלאָפט נישט דורך די נעכט, אַרבעטנדיק פאַר מיר, און איך האַלט אים נאָך אין איין זידלען דערפאַר, וואָס ער פאַרדינט אונדז ברויט צו עסן.

די מוטער האָט אים צוגעדריקט שטאַרק צום האַרצן, נישט געקאָנט אַרויסברענגען קיין וואָרט פון מויל. ערשט שפּעטער אַ ביסל האָט זי זיך קוים באַרואיקט און געזאָגט:

— גיי, לייג זיך שלאָפן, מיין קינד! נו, גיכער שוין, גיי רו זיך אויס!

און דזשולאַ, אַ מידער, אַן אויסגעמאַטערטער, איז באַלד איינגעשלאָפן און עטלעכע שעה דורכאַנאַנד געשלאָפן אַזוי רואיק, ווי שוין לאַנג נישט. ס'האָבן זיך אים געחלומט אַזעלכע שיינע חלומות...

אינדערפרי, אַז ער האָט זיך אויפגעכאַפּט, איז די זון שוין געווען אויפ־געגאַנגען און דאָס ערשטע, וואָס ער האָט דערפילט און נאָכדעם דערזען לעבן זיך אויפן קישן, איז געווען דער גרויער קאָפּ פון זיין פאָטער, וואָס איז געשלאָפן זיך צוטוליענדיק צו אים...

## פראַגעס און אויפגאַבעס:

1. פאַרוואָס האָט דזשולאַ באַשלאָסן אין געהיים צו העלפן דעם טאַטן?
2. פאַרוואָס האָט דער טאַטע זיך געבייזערט אויף דזשולאַן?
3. פאַרוואָס האָט דזשולאַ נישט אויפגעהערט די נאַכט־אַרבעט?
4. ווען האָט דער פאָטער געביטן זיין באַציונג צו דזשולאַן?
5. אַ וואָסער מענטש איז געווען דזשולאַס פאָטער? (געפין די ערטער אין דער דערציילונג).
6. ווי וואָלסטו אָנגערופן אַזאַ קינד ווי דזשולאַ?
7. טראַכט צו אַן אַנדער נאָמען פאַר דער דערציילונג.

## פאָלקס־ווערטלעך:

וואָס פאַראַ גוטמאָרגן, אַזאַ גוט יאָר.
וויאַזוי דו בעטסט זיך, אַזוי ועסטו שלאָפן.
פריינד דערקענט מען אין אַ נויט.
געבראָטענע טייבעלעך פליען נישט אין מויל אַריין.
טו נישט דיין חבר, וואָס דיר איז נישט ליב.
שטאַרקער ווילן ברעכט אייזן.

## אויפגאַבעס:

1. טייל איין די פאָלקס־ווערטלעך לויט די טעמעס און גיב יעדער טע־מע אַ קעפּל.
2. קלייב אויס דריי פאָלקס־ווערטלעך, וואָס געפעלן דיר אַמבעסטן און טראַכט צו צו זיי ביישפּילן פון לעבן.

קריסטיאַן אַנדערסען

# דאָס העסלעכע קאַטשערל

.1

ס'איז גוט געווען הינטער דער שטאָט! ס'איז געווען זומער. אויף די פעלדער האָט זיך שוין געגאָלדיקט דער קאָרן, דאָס היי איז געווען צו־נויפגעשאַרט אין סטויגן.

אויף דעם סאַמע זונען־גלי האָט געגלאַנצט מיט זיינע שויבן אַן אַלט הויז, וואָס איז געווען אַרומגערינגלט מיט טיפע קאַנאַלן. פון זיינע ווענט ביזן וואַסער איז געוואַקסן טשערעט, און אַזאַ הויכער, אַז קליינע קינדער האָבן זיך געקאָנט באַהאַלטן אונטער זיינע בלעטער.

אין דער געדיכטעניש פון דעם טשערעט איז אויך געווען שטיל און ווילד, ווי אין סאַמע געדיכטן וואַלד. און אָט דאָרט איז געזעסן אויף אייער אַ קאַטשקע. זי איז געזעסן שוין לאַנג און דאָס זיצן האָט איר היפש דער־עסן.

ענדלעך האָבן די אייער־שאָלעכצן זיך געשפּאָלטן.

די קאַטשקעלעך האָבן זיך אַ ריר געטאָן, אָנגעהויבן קלאַפּן מיט די שנעבעלעך און אַרויסגערוקט די קעפּעלעך.

— פּיפּ, פּיפּ! — האָבן זיי געזאָגט.

— קריאַק, קריאַק! — האָט געענטפערט די קאַטשקע.

די קאַטשקעלעך האָבן זיך אַרויסגעקראָגן פון שאָלעכץ און אָנגעהויבן זיך אַרומצוקוקן, באַטראַכטנדיק די גרינע בלעטער פונעם טשערעט. די מאַמע האָט זיי נישט געשטערט: דער גרינער קאָליר איז געזונט פאַר די אויגן.

— אַך, ווי גרויס ס'איז די וועלט! — האָבן געזאָגט די קאַטשקעלעך.

— געוויס, איצט איז זיי געווען אַ סך געראַמער, ווי דעמלט, ווען זיי זענען געווען אין זייער שאָלעכץ.

— מיינט איר אַוודאי, אַז דאָס איז שוין די גאַנצע וועלט? — האָט געפרעגט די מאַמע. — אָ, ניין, זי ציט זיך נאָך ווייט אויף יענער זייט פון סאָד און דערגייט ביז די סאַמע פעלדער, נאָר איך בין דאָרט נאָך קיינמאָל נישט געווען...

— נו, אַלע זענען שוין אַרויסגעקראָכן? — האָט זי געפרעגט, זיך שטעלנדיק אויף די פיס. — אוי ניין, נישט אַלע, דאָס סאַמע גרעסטע איז נאָך גאַנץ... און ווען וועט עס שוין אַ סוף נעמען?

און זי האָט זיך ווידער אַוועקגעזעצט.

ענדלעך האָט געפּלאַצט אויך דאָס גרויסע איי. דאָס קאַטשערל האָט

זיך פשוט אַרויסגעשאָטן פון דעם שאָלעכץ. נאָר סאַראַ גרויס און מיאוס עס איז געווען! די קאַטשקע האָט אויף דעם אַ קוק געטאָן און געזאָגט:

— עס איז שרעקלעך גרויס! און ס'איז אינגאַנצן נישט ענלעך אויף מיינע קינדער. עס איז עפּעס גרוי. איז עס נישט קיין אינדיקל, וואָס? נאָך דאָס פעלט מיר.

.2

אויף צומאָרגנס איז דאָס וועטער געווען אויסגעצייכנט. די קאַטשקע איז מיט איר גאַנץ געזינדל אַוועק צו דעם דערבייאיקן קאַנאַל.

— כליופּ! — און זי איז שוין אין וואַסער און ,אויסדרייענדיק דעם קאָפּ צום ברעג, האָט זי אַ רוף געטאָן אירע קאַטשקעלעך. די קאַטשקעלעך האָבן נישט לאַנג געטראַכט און זענען איינס נאָכן צווייטן אַריין אין וואַסער.

צום אָנהייב האָט דאָס וואַסער זיי פאַרדעקט ביז איבערן קאָפּ, נאָר זיי האָבן גלייך אַרויסגענורקעט און געשווומען פאָרויס. אפילו דאָס מיאוסע גרויע קאַטשערל איז פון זיי נישט אָפּגעשטאַנען.

— נו, קינדערלעך, איצט קומט מיט מיר, — האָט געזאָגט די קאַטשקע, אַרויסגייענדיק אויפן ברעג — איך וועל אייך פאָרשטעלן דעם גאַנצן פייגל-הויף. נאָר זעט, טוט אַכטונג, אַז קיינער זאָל אויף אייך נישט אַרויפקריכן, און היט זיך פאַר קעץ!

גיך איז זי צוגעקומען מיט די קאַטשקעלעך צום פייגל-הויף.

די קאַטשקעלעך זענען אַלעמען געפעלן געוואָרן. בלויז דעם אומגליקלעכן קאַטשערל, וואָס האָט זיך אויסגעבריט שפּעטער פאַר אַלע און איז געווען אַ מיאוס, האָט קיינער נישט געלאָזט צו רו. ס'האָט עס געפּיקט, געשטויסן און גערייצט און נישט בלויז די קאַטשקעס, נאָר אפילו די הינער.

— עס איז צו גרויס! — האָבן אַלע געזאָגט.

און דער קאַלאַקוצקער האָן, וואָס איז געבוירן געוואָרן מיט שפּאָרן אויף די פיס, און האָט זיך דערפאַר געהאַלטן פאַר אַ וויכטיקן פּאַרשוין, האָט זיך אָנגעבלאָזן און איז ווי אַ שיף אויף אַלע זעגלען, צוגעפלוינן גלייך צום קאַטשערל, האָט געטאָן אויף דעם אַ קוק און בייז אַ פּאַכע מיט די פליגל: דער קאַם אויף זיין קאָפּ האָט זיך גלייך אָנגעגאָסן מיט בלוט. דאָס אָרעמע קאַטשערל האָט פשוט נישט געוווּסט, וואָס צו טאָן, וווהין זיך אהינטאָן.

און צו וואָס האָט ער געדאַרפט געבוירן ווערן אַזאַ העסלעכער, אַז דער גאַנצער פייגל-הויף זאָל פון אים חוזק מאַכן!

אַזוי איז אַדורך דער ערשטער טאָג, שפּעטער איז דעם קאַטשערל

נאָך ערגער געוואָרן. אַלע האָבן דאָס געיאָגט, דאָס אומגליקלעכע, אפילו די ברידער און שוועסטער האָבן דעם בייז געזאָגט:

— הלוואַי וואָלט דיך די קאַץ אויפגעגעסן, פּאַרזעעניש!

אויך די מאַמע האָט אָפּט איבערגעחזרט:

— טראָג זיך אָפּ פון מײַנע אויגן, פּאַרזעעניש!

די קאַטשקעס האָבן געשטשיפּעט, די הינער געפּיקט. דאָס מיידעלע וואָס האָט געהאָדעוועט די פייגל, האָט עס געשטויסן מיטן פוס.

3.

צום סוף האָט דאָס קאַטשערל נישט אויסגעהאַלטן, ס׳איז אַריבער־געפלויגן איבערן פּאַרקאַן און געלאָפן ווו די אויגן טראָגן. די קליינע פייגעלעך, וואָס זענען געזעסן אויף די צווייגן, זענען זיך פון שרעק פאַנאַנדער־געפלויגן. „דאָס איז דערפאַר, ווייל כ׳בין אַזאַ העסלעכער“ — האָט גע־טראַכט דאָס קאַטשערל.

עס איז געלאָפן אַלץ ווייטער און ווייטער, און צום סוף זיך דערקליבן צו אַ גרויסן זומפּ, ווו עס האָבן געלעבט ווילדע קאַטשקעס. דאָ האָט עס פאַרבראַכט אַ גאַנצע נאַכט. דאָס אומגליקלעכע קאַטשערל איז מיד געווען, און ס׳איז דעם געווען אומעטיק.

גאַנצפרי האָבן זיך די ווילדע קאַטשקעס אויפגעוועקט און דערזען אַ נייעם חבר.

— וואָס פאַר אַ פויגל ביסטו עס? — האָבן זיי געפרעגט.

דאָס קאַטשערל האָט זיך בלויז געדרייט אין אַלע זייטן און זיך גענריסט, ווי עס האָט געקאָנט.

— דו ביסט שרעקלעך מיאוס, — האָבן געזאָגט די ווילדע קאַטשקעס — נאָר אונדז איז עס אַלציינס. זאָלסט נאָר נישט קריכן צו אונדז אין דער משפּחה.

נאָר דאָס קאַטשערל האָט גאָרנישט געטראַכט וועגן דעם. ביי אים איז געווען איין איינציקער פאַרלאַנג: שטיל לעבן אין דעם טשערעט און טרינקען די זומפּיקע וואַסער.

אַזוי איז עס אָפּגעזעסן אין דעם זומפּ צוויי טעג. אין דער צייט זענען אַהין געקומען צו פליען צוויי ווילדע גענדז, וואָס האָבן זיך אויך נישט לאַנג צוריק אַרויסגעקראָגן פון איי.

— הער נאָר, נוטער ברודער, — האָבן זיי געזאָגט — ביזט אַזאַ קאַ־מישער, ס׳איז אויף דיר פריילעך צו קוקן. ווילסטו לעבן מיט אונדז צוזאַמען און זיין אַ וואַנדער־פויגל?

— „פּיף! פּאַף!“ — האָט זיך דערהערט אין דער זעלבער רגע און ביידע ווילדע גענדז זענען אַראָפּגעפאַלן אין טשערעט טויטע, דאָס וואַסער איז



רויט געוואָרן פון בלוט. „פיף! פאַף!...‟ האָט זיך ווידער דערהערט, און אַ גאַנצע טשאַטע ווילדע גענדז האָט זיך אויפגעהויבן פון טשערעט. ס׳האָט זיך דערהערט אַ שאָס נאָך אַ שאָס. די יעגער האָבן אַרומגערינגלט דעם זומפּ פון אַלע זייטן, אייניקע פון זיי האָבן זיך אַפילו פאַרקליבן אויף די צווייגן פון די ביימער, וואָס האָבן זיך געפונען איבערן זומפּ. אַ בלוילעכער רויך, ווי אַ וואָלקנדל, האָט איינגעהילט די ביימער און זיך געשפרייט איבערן וואַסער.

איבערן זומפּ זענען אַרומגעלאָפן יעגער־הינט. ס׳האָט זיך געהערט אַ הויך בילעריי, דער טשערעט און דאָס זומפּ־גראָז האָבן זיך געשאָקלט אין אַלע זייטן. דאָס אָרעמע קאַטשערל איז געווען נישט טויט נישט לעבעדיק פאַר שרעק. עס האָט פונקט געוואָלט באַהאַלטן דעם קאָפּ אונטערן פליגעלע, ווי פּלוצעם האָט זיך גלייך אַנטקעגן דעם באַוויזן אַ יעגער־הונט מיט אַן אַרויסגעשטעקטער צונג און גלאַנציקע אויגן. ער האָט אַ קוק געטאָן אויפן קאַטשערל, אַ קריץ געטאָן מיט די שאַרפע ציין און איז אַוועקגעלאָפן ווייטער.

„ער האָט מיך נישט געטשעפּעט! — האָט אַ טראַכט געטאָן דאָס קאַטשערל און לייכטער אָפּגעאָטעמט. — ווייזט אויס, אַז כ׳בין אַזוי העסלעך, אַז אַפילו דער הונט האָט זיך געמיאוסט מיך אויפצועסן‟.

און עס האָט זיך באַהאַלטן אין טשערעט און געלעגן אָן באַוועגונג די גאַנצע צייט, וואָס ס'האָט געדויערט דער יאַגד.

.4

ערשט פאַרנאַכט האָט זיך איינגעשטילט דאָס שיסעריי. דאָס עלנטע קאַטשערל האָט זיך אָנגענומען מיט מוט, זיך אויפגעהויבן, אַרומגעקוקט און געלאָזט אין וועג — איבער פעלדער און לאָנקעס.

ס'האָט געבלאָזן אַ שטאַרקער ווינט, און דאָס קאַטשערל האָט זיך קוים באַוועגט.

ס'איז שוין געווען נאַכט, ווען עס האָט זיך דערקליבן צו אַ קליין, אָרעם הייזל. דאָס הייזל איז געווען זייער אַלט: ס'האָט זיך געדוכט, אַז בלויז דערפאַר פאַלט עס נישט איין, ווייל ס'ווייסט נישט אויף אַ וואָסער זייט זיך איינצוּוואַלגערן. די טיר פון דעם הייזל איז אַראָפּגעשפּרונגען פון איין זאַוויעסע און געהאָנגען אַזוי קרום, אַז דורך דעם שפּאַלט האָט מען לייכט געקאָנט זיך אַריינקריגן אינעווייניק. דאָס קאַטשערל האָט זיך טאַקע אַריינגעקראָגן.

אין הייזל האָט געוווינט אַן אַלטיטשקע מיט אַ קוואָקע און אַ קעצל.

גאַנצפרי האָט די קאַץ און די קוואָקע באַמערקט דאָס קאַטשערל.

די קאַץ האָט אָנגעהויבן מרוקעון, און די קוואָקע — קוואָקען.

— וואָס איז דאָרט? — האָט געפרעגט די אַלטיטשקע און זיך אַרומגעקוקט.

פאַר בלינדקייט האָט זי אָנגענומען דאָס קאַטשערל פאַר אַ פעטע קאַטשקע. און זי האָט באַשלאָסן איבערלאָזן דעם היימלאָזן פויגל ביי זיך.

גאַנצע טעג איז דאָס אומגליקלעכע קאַטשערל געזעסן אין אַ ווינקל, אומעטיק. עפּעס איין מאָל האָט זיך די טיר ברייט צעעפנט, אין צימערל האָט זיך אַריינגעריסן אַ שטראָם פרישע לופט און די העלע ליכט פון דער זון. דעם קאַטשערל האָט אַזוי שטאַרק זיך פאַרוואָלט אַדורכשווימען אין וואַסער, אַז עס האָט זיך נישט געקאָנט איינהאַלטן, בכדי נישט דערציילן וועגן דעם דער הון.

— אָט האָסטו דיר אַן איינפאַל, — האָט זי געזאָגט — האָסט נישט וואָס צו טאָן, קריכן דיר פאַרשידענע נאַרישקייטן אין קאָפּ אריין. לייג אייער, ווי איך, אָדער מרוקע אַזוי ווי אונדזער קאַץ, — און וועסט פאַרגעסן וועגן אַזעלכע נאַרישקייטן.

— ניין, איך וועל, דוכט זיך, אַוועקגיין וואַנדערן איבער דער וועלט, — האָט געזאָגט דאָס קאַטשערל.

— טו ווי דו פאַרשטייסט! — האָט געזאָגט די הון.

און דאָס קאַטשערל איז אַוועק. עס איז געשווומען און געמאַכט נור-

קעם מיטן קאָפּ אַראָפּ, נאָר אַלע אַרום האָבן ווי פריער געלאַכט פון דעם און געיאָגט עס פון זיך, דערפאַר ווייל עס איז געווען זייער נישט שיין.

.5

דערווייל איז אָנגעקומען דער האַרבסט. די בלעטער אין די וועלדער זענען געל געוואָרן, דער ווינט האָט זיי אַראָפּגעריסן און געטראָגן אין דער לופט. ס'איז געוואָרן זייער קאַלט, איבערן הימל האָבן זיך געשפּרייט כמאַרעס, אויפן פּלויט האָט הויך געקראַקעט פון קעלט אַ ראָב. שווער איז געוואָרן דעם אומגליקלעכן קאַטשערל.

איינמאָל אינאָוונט, ביי זון־פאַרגאַנג, האָט זיך פון הינטער דעם וואַלד אויפגעהויבן אַ טשאַטע גרויסע פייגל, ווייסע, ווי שניי, מיט לאַנגע, שלאַנקע העלדזער. דאָס זענען געווען שוואַנען. מיט געשרייען, ענליכע צום קלאַנג פון אַ טראָמפּייט, האָבן זיי אַ פאָך געטאָן מיט זייערע ברייטע פליגל און זענען אַוועקגעפלוינן פון די קאַלטע לאָנקעס אין די וואַרעמע לענדער, וואָס הינטער דעם בלויען ים.

זיי האָבן זיך אויפגעהויבן הויך־הויך, און דעם עלנטן קאַטשערל האָט אַרומגענומען עפּעס אַן אומפאַרשטענדלעכע בענקשאַפט. עס האָט זיך געדרייט אויפן וואַסער, ווי אַ וועלפּעלע, האָט אויסגעצויגן דעם האַלדז און הויך אַ געשריי געטאָן, און אַזוי הויך און מאָדנע, אַז עס האָט זיך אַליין דערשראָקן. ווען די דאָזיקע שיינע פייגל זענען פאַרשוווּנדן, האָט עס אַ נורקע געטאָן, נישט באַוווּסט צו וואָס, אויפן דעק פון טייך, איז אַרויסגעשווומען און לאַנג נישט געקאָנט קומען צו זיך. עס האָט נישט געוווּסט, ווי מען רופט די דאָזיקע פייגל, נישט געוווּסט וווהין זיי פליען, נאָר עס האָט זיי ליב געקראָגן אַזוי, ווי ס'האָט ביז איצט נישט ליב געהאַט קיינעם אויף דער וועלט.

.6

אין דעם יאָר איז געווען אַ קאַלטער ווינטער. דאָס קאַטשערל האָט געמוזט אַרומשווימען אָן אויפהער, כדי דאָס וואַסער זאָל איינגאַנצן נישט פאַרפרוירן ווערן. נאָר וואָס אַ נאַכט ווייטער איז די פּאָלאָנקע 1, אין וועלכער עס איז אַרומגעשווומען, געוואָרן אַלץ קלענער און קלענער. עס זענען געקומען גרויסע פרעסט.

ס'וואָלט געווען צו טרויעריק אייך אויסדערציילן אַלע צרות און אומגליקן פון דעם קאַטשערל אין דעם דאָזיקן בייזן ווינטער.

ענדלעך האָט די זון אַ וואַרעם געטאָן די ערד. ס'האָבן זיך צעטרילערט די לאַרכן. ס'איז געקומען דער פרילינג.

---

1 פּאַלאַנקע — אַן עפענונג אין אייזדעק.

דאָס קאַטשערל איז אַרויס פון טשערעט, ווו עס האָט זיך אויסבאַהאַלטן אַ גאַנצן ווינטער, און האָט אַ פלי געטאָן. זיינע פליגל זענען שוין איצט געווען פיל שטאַרקער ווי פריער — זיי האָבן אַ רויש געטאָן און עס שנעל אַ טראָג געטאָן פאָרויס. עס האָט זיך נישט באַוויזן אַרומצוקוקן, ווי עס איז שוין געווען לעם אַ גרויסן סאָד, די עפּלביימער האָבן געבליט, דער בעז האָט אַראָפּגעלאָזט זיינע שמעקנדיקע צווייגן איבער דעם געשלענגלטן קאַנאַל.

— אַך, ווי גוט דאָ איז געווען, ווי ס'האָט געשמעקט מיט פרילינג!

און פּלוצעם זענען פון דער ראָר־געדיכטעניש אַרויסגעשוווּמען דריי פּראַכטפולע ווייסע שוואַנען. זיי זענען געשוווּמען אַזוי לייכט און שטיל, ווי זיי וואָלטן זיך גליטשן איבערן וואַסער. דאָס קאַטשערל האָט דערקענט די פּראַכטפולע פייגל, און ס'האָט דעם אַרומגעכאַפּט אַ גרויסע בענקשאַפט.

איך וועל צופליען צו אָט די שיינע פייגל. זיי וועלן מיך געוויס פאַרזשאָבען אויף טויט דערפאַר, וואָס איך, אַזאַ מיאוסער, האָב געוואָגט זיך דערנענטערן צו זיי. נאָר אַלצאיינס! בעסער אומקומען פון זייערע קלעפּ, איידער ליידן דאָס שטשיפּען פון די קאַטשקעס און הינער, און ליידן פון קעלט און הונגער אום ווינטער.

און עס האָט זיך אַראָפּגעלאָזט אויפן וואַסער און געשוווּמען צו די שיינע שוואַנען, וועלכע האָבן, דערזעענדיק עס, אָנגעהויבן פאָכען מיט די פליגלען און זיך געלאָזט שווימען צו אים.

— הרגעט מיך! — האָט געזאָגט דאָס אומגליקלעכע קאַטשערל און נידעריק אַראָפּגעלאָזט דעם קאָפּ.

און פּלוצעם האָט עס אין דעם וואַסער, ריין ווי אַ שפּיגל, דערזען זיין אייגענע אָפּשפּיגלונג. עס איז שוין איצט נאָרנישט געווען קיין העסלעך גרוי קאַטשערל, נאָר אַ ווייסער שוואַן.

און די גרויסע שוואַנען זענען געשוווּמען אַרום אים און אים געגלעט מיט זייערע שנאָבלען.

אין דער זעלבער צייט זענען אין גאָרטן געקומען קינדער. זיי האָבן געוואָרפן די שוואַנען ברויט־קרישקעס און קערנער, און דער סאַמע יינגסטער פון זיי האָט אויסגעשריגן:

— אַ נייער איז געקומען צו פליען! אַ נייער איז געקומען!

די קינדער האָבן זיך דערפרייט און געלאָפן צום ברעג זייערע עלטערן.

דערוואַקסענע און קינדער זענען געשטאַנען ביים ברעג און באַוווּנדערט די שיינע ווייסע פייגל, וואָס האָבן זיך געגליטשט איבערן וואַסער פון קאַנאַל. און אַלע האָבן אין איין קול געזאָגט:

— דער נייער שוואַן איז שענער פאַר אַלע! ער איז דער סאַמע שלאַנקסטער, דער סאַמע פיינסטער!

און די אַלטע שוואַנען האָבן פֿאַר אים געבויגן זייערע שטאָלצע העלדזער.

און ער האָט זיך פֿאַרשעמט און באַהאַלטן זיין קאָפּ אונטערן פֿליגל. ער האָט זיך דערמאָנט יענע צייטן, ווען אַלע האָבן פֿון אים חוזק געמאַכט, ווען ער איז נאָך געווען אַ העסלעך קאַטשערל. און אָט האָבן זיינע פֿליגל אַ ריִיש געטאָן, זיין שלאַנקער האַלדז האָט זיך אויסגעצויגן, און פֿון דער ברוסט האָט זיך ביי אים אַרויסגעריסן אַ פֿריידיק געשריי.

## פֿראַגעס און אויפֿגאַבעס:

1. וועלכע אומאָנגענעמלעכקייטן און צרות איז אויסגעקומען אויסצושטיין דעם קאַטשערל, ווען ער איז געווען קליין?
2. פֿאַרוואָס האָבן אַזוי בייז באַליידיקט דאָס קאַטשערל די איינוווינער פֿון פֿייגל־הויף?
3. פֿאַרוואָס האָבן זיי נישט געקאָנט פֿאַרשטיין ווער עס איז דאָס העסלעכע קאַטשערל?
4. ווען האָט עס זיך דערפֿילט גליקלעך?
5. גיט אַ נאָמען יעדער טייל פֿון דער מעשה.
6. לייענט די מעשה אין ראָלן: לייענט פֿאַר דעם קאַטשערל, פֿאַר די קאַטשקעלעך, פֿאַר דער אַלטער קאַטשקע, פֿאַר דער אַלטיטשקער, פֿאַר דער קוואָקע, פֿאַר די קינדער.

קלמן סעגאַל

# אַנדערסענס „מיידעלע מיט די שוועבעלעך"

שנייעלעך ווייסינקע, ווייסע קרישטאָלן —
פּוכיקע וווּנדער אויף בערג און אויף טאָלן.
שנייעלעך פּוכיקע, שנייעלעך ווייסע,
דערמאָנט אונדז אַן אַלטע, אַן אמתע מעשה...

עס זינגען די גרילן, די גרילן אין קוימען:
אַמאָל איז געווען אַ קינד אַ יתומה,
מיט באָרוועסע פֿיסלעך דעם שניי פֿלעגט זי קנעטן,
„קויפֿט ביי מיר שוועבעלעך! קויפֿט!" — פֿלעגט זי בעטן.

אין שטיבער איז וואַרעם געווען, נאָר אין דרויסן
אַ ווינט און אַ פראָסט און אַ שניי אַזאַ גרויסער...
פון קעלט און פון הונגער דאָס קינד האָט געציטערט
און באָרוועס געוואַנדערט דורך שניי און געוויטער.

ס׳איז וואַרעם און ליכטיק געווען אין די היימען,
דאָס אָרעמע מיידל האָט קיינעם נישט, קיינעם...
עס לעבט נישט דער טאַטע, די מאַמע די ליבע,
אַליין איז דאָס אָרעמע מיידל פאַרבליבן.

בלאַס איז איר פּנים, די ליפּן פאַרשמאַכטע.
זי גייט פאַרביי טויערן, טירן פאַרמאַכטע.
פון הימל פון וויטן די שטערנדלעך פינקלען,
און ס׳דוכט זיך דעם קינד, אַז די מאַמע — זי ווינקט דאָס...

אָט קומט זי און שטעלט זיך דעם קינד פאַר די אויגן
און שמייכלט דורך טרערן, צום קינד אָנגעבויגן,
און ס׳הערט די יתומה דער מאַמעניוס שטימע — — — —
שנייעלעך ווייסינקע פליען פון הימל...

— — — — — — — — — —

אַזוי איז געווען, אַזוי זאָגט די מעשה:
שוואַרץ איז די נויט, כאָטש דער פראָסט איז אַ ווייסער.
נאָר ס׳איז אין דער מעשה נישט אַלצדינג פאַרשריבן:
דאָס קינד מיט די שוועבעלעך, ז׳לעבן געבליבן.

זי לעבט, און זי איז שוין אַ מאַמע אַצינדערט,
אַ גליקלעכע מאַמע פון גליקלעכע קינדער.
אין אָוונט, ווען ס׳שפּילן אין קוימען די גרילן,
ווען ס׳זשומען אין דרויסן די ווינטן און ברילן,
ווען ס׳פליען קרישטאָלענע שנייעלעך ווייסע —
דערציילט זי די קינדער די דאָזיקע מעשה.

ג. גראָס

# דזשין גייט אַרבעטן

## א.

דזשין האָט געענדיקט די פּאָבליק-סקול [1]. ער איז דעמאָלט אַלט געווען דרייצן יאָר. ער איז געווען הויך און שלאַנק און האָט אויסגעזען עלטער ווי ער איז געווען, און האַלטן האָט ער זיך געהאַלטן פאַר אַ גאַנצן מענטש.

דזשין האָט ליב געהאַט די שול, און האָט זיך שטענדיק געלערנט מיט חשק. דאָך האָט ער ביי זיך אָפּגעמאַכט צו גיין אַרבעטן. וואָרעם ער האָט געזען ווי שווער זיין פאָטער אַרבעט, און ס'איז קיינמאָל נישט פאַראַן וויפל מע באַדאַרף האָבן פאַר אַלעמען. אַמאָל איז אַפילו נישטאָ גענוג עסן פאַר אַלעמען, און אַז עס קומט צום שלאָפן — מוז מען ליגן צוויי און טיילמאָל דריי צוזאַמען.

די מוטער איז קעגן דעם, אַז דזשין זאָל גיין אַרבעטן. זי וויל דזשין זאָל ווייטער לערנען און עפּעס אויסשטודירן. נאָר אַז אַ דרייצניעריקער יינגל זאָל אין אַמעריקע גיין אַרבעטן, איז אַמאָליקע יאָרן — און אַפילו היינט-צו-טאָג — נאָר קיין נייעס נישט געווען.

פאַראַן טויזנטער און הונדערטער טויזנטער יינגערע קינדער, וואָס גייען אַרבעטן (אַמאָל זענען געווען נאָך מער). אַ סך קינדער ווערן פאַר-טריקנט און פאַרוועלקט פאַר דער צייט און שטאַרבן. דזשין דערמאָנט זיך אין זיין חבר, דעם קליינעם בילי, וואָס איז געגאַנגען אַרבעטן צו ניין יאָר, און איז געשטאָרבן ביי דער אַרבעט.

## ב.

בילי איז געווען אַ שיינער, און ער האָט געקאָנט דערציילן וווּנדער-לעכע מעשׂות. אַלע האָבן געזאָגט, אַז בילי וועט אויסוואַקסן אַ פּאָעט. אָ, זיינע מעשׂות! דזשין געדענקט זיי ביזן היינטיקן טאָג.

איינמאָל קומט בילי צו לויפן אין סקול, רופט צונויף אַלע זיינע פריינד און דערציילט זיי אַ מעשׂה, ווי ער איז ביינאַכט געפלויגן צו דער לבנה. קיינער האָט אים נישט געוואָלט גלייבן, נאָר בילי האָט זיך געהאַלטן ביי זיינעם.

ביינאַכט איז צו אים געקומען אַ קליין מענטשעלע, אַ קאַרליקל מיט אַ לאַנגער באָרד, האָט אים געהייסן זיך אָנטון און גיין מיט אים. נאָר די טיר איז געווען פאַרשלאָסן, און דורכן קוימען האָט ער נישט געוואָלט

---

[1] פּאָבליק-סקול — אַזוי ווערט גערופן די פאָלקס-שול אין אַמעריקע.

קריכן, ווייל ער וועט זיך אויסשמירן. וואָס טוט מען? ערשט — די סטעליע עפנט זיך, און זיי גיבן זיך אַ הייב אַרויף און אַרוים אינדרויסן גלייך אויפן דאַך.

דערווייל דערזעען זיי — אַ וואָלקן שווימט איבערן דאַך. זאָגט דאָס קאַרליקל:

— וואָלקן, ליבער וואָלקן, ווילסט אונדז אַוועקטראָגן צו דער לבנה?

— אוודאי, — זאָגט דער וואָלקן — פאַרוואָס נישט? זעצט אייך אויף און האַלט אייך גוט צו, איר זאָלט נישט אַראָפּפאַלן.

בילי און דאָס קאַרליקל האָבן זיך אַרויפגעזעצט, און דער וואָלקן איז אַוועק ווייטער. ער איז געפלויגן וואָס אַמאָל גיכער און העכער, ביז די ערד איז געוואָרן קלענער און די לבנה — אַלץ גרעסער.

און אַז זיי זענען אָנגעקומען אויף דער לבנה, ערשט — בילי טוט אַ קוק — אַלץ איז קאַפּויער, מיטן קאָפּ אַראָפּ און מיט די פיס אַרויף. דער בלויער הימל איז אונטן, און אויבן איז די גרינע ערד; די צווייגן פון דיביימער שטעקן אין דר'ערד, און די וואָרצלען ציען זיך אינדערהייך; די זון שיינט ביינאַכט, און בייטאָג שיינען די לבנה מיט די שטערן.

און אַפילו די באַשעפענישן, די חיות, די פייגל און די פיש, זענען דאָרט קאַפּויער. די פייגל שווימען אַרום אין וואַסער, די פיש פליִען אַרום אין דער לופטן, די חיות גייען אַרום מיט ביקסן און כאַפּן מענטשן, און די מענטשן לעבן אויף ביימער, און אין היילן, און אין גריבער.

נאָר דאָס וווּנדערלעכסטע איז דאָרטן מיט די מענטשן: זיי זענען גרויס און אַלט, ווען זיי ווערן געבוירן. וואָס אַ יאָר ווייטער ווערען זיי קלע־נער. זיי וואַקסן צוריק און נידעריקער, ביז זיי ווערן קליינע קינדער: און דערנאָך ווערן זיי אַזוי קליין ווי שרעטעלעך — אַ פינגער די גרייס. נאָר אַן אמת געלעכטער איז דאָרט, ווי די קינדער באַשטראָפן די עלטערן, ווען די עלטערן פירן זיך נישט אויף גוט.

און נאָך עפּעס: די עלטערן זיצן דאָרט אינדערהיים, גייען אין שול אַריין זיך לערנען, און די קינדער גייען פאַר זיי אַרבעטן. די אַלטע לייט גייען אין מלחמה אַריין, און די יונגע פירן פּאָליטיק און האַלטן רעדעס.

און מלחמה פירט מען דאָרט אַזוי: אַז ס'ע קומט אויפן שלאַכטפעלד — נעמט מען שיסן זיך אַליין. און יענע אַרמיי, וואָס האָט מער געשאָסענע — געווינט.

## ג.

בילי האָט דערציילט וווּנדער איבער וווּנדער. אַלע האָבן געמיינט, אַז בילי וועט אויסוואַקסן אַ גרויסער פּאָעט, אַ שרייבער, נאָר בילי איז אינ־גאַנצן נישט אויסגעוואַקסן.

בילי איז אַוועק אַרבעטן, וואָרעם בילים עלטערן זענען געווען אָרעם,

און זיי האָבן אים געשיקט עפּעס פאַרדינען. בילי איז געגאַנגען אַ־רבעטן אין אַ פאַבריק.

איינמאָל, אין זייער אַ הייסן זומער־טאָג, איז בילי דאָרט קראַנק געוואָרן. מע האָט אים גלייך אַוועקגעפירט אין אַ שפּיטאָל. אויפן צווייטן טאָג, אַז דזשין איז געקומען זען בילין, האָט מען אים נישט אַריינגעלאָזט, מע האָט אים געזאָגט, אַז בילי שלאָפט. דזשין האָט געוואָלט צוואַרטן, נאָר מע האָט אים געזאָגט, אַז בילי וועט לאַנג שלאָפן, — וועט שוין אייביק שלאָפן.

דזשין דערמאָנט זיך נאָך אַ סך זאַכן פון זיין חבר בילי. ער טראַכט אויך פון די אַנדערע קינדער, וואָס מוזן אַרבעטן אָנשטאָט זיך לערנען און שפּילן. ער דערמאָנט זיך, ווי פאַראיאָרן זומער זענען פופציק קינדער פאַרכאַלעשט געוואָרן ביי דער אַרבעט אין דער פאַבריק, און ווי מע האָט זיי אַרויסגעטראָגן האַלב־טויטע. נאָר די אַלע זאַכן שרעקן דזשינען נישט אָפּ. ער האָט ביי זיך אָפּגעמאַכט צו גיין אַרבעטן און העלפן זיינע עלטערן.

## פראַגעס:

1. פאַרוואָס באַשליסט דזשין צו גיין אַרבעטן אין פאַבריק?
2. אין וועמען דערמאָנט זיך דזשין, בעת ער טראַכט וועגן דער פאַבריק?
3. וויפל איז אַלט געווען בילי, און וואָס פאַר אַ קינד איז ער געווען?
4. פאַרוואָס איז בילי אַוועק אין פאַבריק?
5. וואָסערע פאַלן מיט אַרבעטער־קינדער דערמאָנט זיך דזשין?
6. אין וועלכע לענדער זענען קינדער געצוווּנגען, אָנשטאָט זיך צו לערנען און שפּילן, צו גיין אין פאַבריק אַריין?
7. פּרוּוו אָנשרייבן (אָדער דערציילן) וויאַזוי עס לעבן די קינדער פון אַרבעטער ביי אונדז אין פּוילן, און ווי אין די קאַפּיטאַליסטישע לענדער?

משה שולשטיין

# מיין טאַטנס ניי־מאַשין

אַ ניי־מאַשין איז ביי מיין טאַטן געווען,
איך קאָן בשום־אופן נישט וויסן זינט ווען,
ווייל ווי כ׳האָב נאָר די ליכטיקע שיין דערזען
איז זי אין דער היים אַ תושב [1] געווען.

[1] אַ תושב (טוישעוו) — אַן איינגעזעסענער, נישט קיין גאַסט.

ווי גוט איז געווען אונדז מיט איר געזאַנג,
ווען פריילעך געטאַנצט האָט די נאָדל, די שטאַנג,
און שטאָפּן געוואָרט האָבן, באַרכנט און טוך,
אַז זי זאָל זיי טאָן מיט די ציין אַ פאַרזוך.

ווי ס'האָט זיך אין שטעטל דער ווינטער געשטעלט,
אַוועק איז די ניי-מאַשין איבער דער וועלט.
אין דערפער אין ווייטע געשלעפּט זיך אַזוי,
פאַרלאָדנט אין פויערשע וואָגנס, אין שטרוי.
אַזוי האָט זי גאַנצע געזינדן באַקליידט,
די דערפער אין וואַרעמער וואַטע פאַרנייט.

וואָס האָט נישט די ניי-מאַשין אַלץ שוין גענייט?
פון לייוונט, פון סאַמעט, פון אַטלאַס און זייד,
פון שפּענצערס און העמדער פון היימישן לייַן,
פון קליידעלעך קורצע מיט קינדערשן חן.
ווי אומעטיק איז אונדז געווען אָן איר קול,
ווען שווייגן, אָן אַרבעט, פלעגט זי ווען אַמאָל.

שלום-עליכם

# דריי קעפּלעך

אַלע דריי, אַבראַמטשיק, מויסייטשיק און דבורהלע זענען געבוירן און געוואָקסן אַלע אויף איין אָרט — צווישן וואַנט און צווישן אויוון. אַלע דריי זענען פאַר זיך אַלע טאָג איינס און דאָס זעלבע: דעם פריילעכן טאַטן, וואָס שניידט קאַרטאָן, קלעפּט שאַכטלען און זינגט ניגונים, און די פאַרזאָרגטע מאַמע, וואָס קאָכט, און באַקט, און קערט, און רוימט, און איז קיינמאָל נישט פאַרטיק.ביידע זענען זיי שטענדיק אין דער אַרבעט: די מאַמע ביים אויוון, דער טאַטע ביי די שאַכטלען.

אַ גוטער, אוי, אַ גוטער טאַטע ביי זיי, אַ גאָלד! די מאַמע איז אויך אַ גוטע, נאָר אַ בייזע. זי וויל נישט, אַז אַבראַמטשיק זאָל שניידן די אָפּגעפאַלענע שטיקער קאַרטאָן, אַז מויסייטשיק זאָל גנבענען פּאַפּ ביים טאַטן, אַז דבורהלע זאָל באַקן ברויט פון זאַמד מיט וואַסער. די מאַמע וויל, אַז די קינדער זאָלן זיצן שטיל, סטאַטעטשנע. די מאַמע ווייסט נישט, אַז יונגע נשמות רייסן זיך, רייסן זיך — וווהין?... אין דרויסן! צום ליכט!צום פענצטער! צום פענצטער!

בלויז איין פענצטער, איין שטיקל פענצטער. אלע דריי קעפּלעך שלאָגן זיך פאַרן שטיקל פענצטער. און וואָס זעט מען דאָרט? אַ וואַנט. אַ הויכע, אַ ברייטע, אַ גרינע, אַ נאַסע וואַנט. שטענדיק, אייביק איז זי נאַס. אפילו זומער!... קומט אַמאָל אַהער די זון? געוויס קומט אַמאָל אַהער די זון. דאָס הייסט, נישט די זון אַליין, נאָר אַ שיין פון דער זון. און דעמלט איז יום-טוב. אַלע דריי קעפּלעך שפּאַרן זיך צום שטיקל פענצטער, קוקן אַרויף גאַנץ אויבן, און זעען אַ לאַנגן, שמאָלן, בלויען פּאַס, ווי אַ לאַנגע בלויע סטענגע.

— אָ, זעט איר, קינדער? אָט דאָס איז הימל!

אַזוי זאָגט אַבראַמטשיק. אַבראַמטשיק ווייסט. אַבראַמטשיק גייט אין חדר. ער לערנט שוין קאָמעץ-אַלעף. דער חדר איז טאַקע דאָ נישט ווייט, די צווייטע שטוב, דאָס הייסט, די צווייטע טיר. אַך! וואָס אַבראַמטשיקל דערציילט זיך אָן פון חדר! אַבראַמטשיק דערציילט, אַז ער האָט אַליין געזען אַ גרויסן מויער פון סאַמע פענצטער פון אויבן ביז אַראָפּ. אַבראַמ-טשיק שווערט, אַז ער האָט אַליין געזען אַ קוימען, אַ הויכן קוימען, און פונעם קוימען גייט אַ רויך. אַבראַמטשיק דערציילט, אַז ער האָט אַליין גע-זען אַ וואָגן, וואָס פאָרט אָן פערד... אַלצדינג ווייסט אַבראַמטשיק, אַלצדינג!

אַבראַמטשיק ווייסט, אַז אַ בוים וואַקסט. ער אַליין האָט נאָך, גלייך מיט זיי, קיינמאָל נישט געזען, ווי אַזוי עס וואַקסט אַ בוים. נישטאָ קיין ביימער אויף דער גאַס, נישטאָ!

ער ווייסט אָבער (אין חדר האָט ער עס געהערט), אַז אויף אַ בוים וואַקסט פרוכט. אַבראַמטשיק ווייסט (וואָס ווייסט ער דען נישט), אַז קאַר-טאָפליעס, אָדער אוגערקעס, אָדער ציבעלעס, אָדער קנאָבל וואַקסן אויף דער ערד. אַלצדינג ווייסט אַבראַמטשיק; ער ווייסט נאָר נישט, ווו און ווי אַזוי דאָס וואַקסט, וואָרעם ער האָט דאָס נאָך, גלייך מיט זיי, קיינמאָל נישט געזען, וואָרעם אויף זייער גאַס איז נישטאָ קיין פעלד, נישטאָ קיין גאָרטן, נישטאָ קיין ביימער, נישטאָ קיין גרעזל — נישטאָ! נישטאָ! אויף זייער גאַס זענען דאָ גרויסע מויערן, גרויע ווענט, הויכע קוימענס, וואָס סע גייט פון זיי אַ רויך, און פענצטערלעך אַ סך, אין יעדן גרויסן מויער, טויזנ-טער, טויזנטער פענצטערלעך, און מאַשינען, וואָס גייען אָן הענט און וואָגנס, וואָס פאָרן אָן פערד — און ווייטער גאָרנישט! גאָרנישט!

— קינדער, אַנו, טרעפט, וואָס וועט היינט דער טאַטע ברענגען אַ מתנה פונעם מאַרק?

אַזוי זאָגט אַבראַמטשיק, און די קינדער הייבן אָן טרעפן, וואָס וועט דער טאַטע זיי ברענגען אַ מתנה פונעם מאַרק. זיי רעכענען אוים אויף די פינגער אַלצדינג, וואָס ס'איז דאָ אין מאַרק, אַלצדינג, וואָס אַ מענטשנס האַרץ קאָן גלוסטן; בולקעלעך און בייגעלעך און צוקערקעס — און קיינער האָט נישט געטראָפן. פּייסע דער אייניכינדער האָט געבראַכט צו טראָגן



איצטיקס מאָל נישט קיין בולקעלעך, נישט קיין בייגעלעך, נישט קיין צו־קערקעס. גראָד האָט ער געבראַכט צו טראָגן אַ פּאַק מיט גראָז, מאָרגנ־יאַנגע, שמעקעדיקע גראָזן.

און אַלע דריי שיינע קעפּלעך, אַבראַמטשיק, מויסייטשיק און דבורה־לע, האָבן אַרומגערינגלט דעם פּאָטער.

— טאַטע, וואָס איז דאָס, אָט־דאָס־אָ?

— דאָס איז גרינס.

— וואָס הייסט דאָס גרינס?

— גרינס אויף יום־טוב. יידן דאַרפן יום־טוב גרינס.

— ווו נעמט מען דאָס, טאַטע?

— ווו נעמט מען דאָס? המ... אין מאַרק קויפט מען דאָס, אין מאַרק...

אַזוי זאָגט דער טאַטע, און ער צעוואַרפט דאָס גרינע שמעקנדיקע גראָז איבער דער נאָרוואָס אויסגעקערטער שטוב, און ער קוועלט, וואָס

ס'איז גרין און סע שמעקט, און ער זאָגט צו דער מאַמען פריילעך, ווי זיין שטייגער איז:

— פעסיע, אַ גוט יום־טוב דיר!

— מזל־טוב, די קינדער וועלן שוין האָבן וואָס צו מיסטיקן!...

אַזוי ענטפערט די מאַמע, נישט צופרידן, אַ מאָדנע מאַמע ביי זיי!

און די דריי שיינע קעפּלעך קוקן אויף דער מאַמע, קוקן אויף דעם טאַטן, קוקן איינס אויף דאָס אַנדערע. און אַז טאַטע־מאַמע קערעווען זיך אָפּ אַ ווײַלע אויף אַ זייט, טוען זיי זיך אַ וואָרף אַלע דריי אויף דער ערד, פאַלן צו מיטן פּנים צום שמעקנדיקן גראָז, קושן דאָס שמעקנדיקע גראָז: וואָס מע רופט עס גרינס, און וואָס יידן דאַרפן עס אויף יום־טוב, און וואָס מען קויפט דאָס אין מאַרק...

אַלצדינג איז דאָ אין מאַרק, אפילו גרינס, אַלצדינג קויפט דער טאַטע. אפילו גרינס! אפילו גרינס!...

## פראַגעס:

1. ווו ווינען די קינדער?
2. פאַרוואָס ווייסן זיי אַזוי ווינציק וועגן אַלץ?
3. וואָס דערציילט זיי אַבראַמטשיק? (ווו דערוווסט ער זיך די נייעסן?...)
4. צי וואָלסט קאָנען אויפן סמך פון שלום־עליכמס דערציילונגען, וואָס דו האָסט געלערנט, אָנשרייבן וועגן יידישן קינד אַמאָל און היינט (דערמאָן זיך אין די דערציילונגען, וואָס דו האָסט געלערנט).

אַברהם רייזען

# אַ געזינד זאַלבעאַכט

אַ געזינד זאַלבעאַכט
און בעטן נאָר צוויי —
ווען ס'קומט אָן די נאַכט,
ווו שלאָפן דאַן זיי?

דריי מיטן טאַטן,
און דריי מיט דער מאַמען —
הענטלעך און פיסלעך,
געפלאָכטן צוזאמען.

ווען ס'קומט אָן די נאַכט,
מע דאַרף זיך אויסבעטן,
דאַן הייבט אָן די מאַמע
דעם טויט אויף זיך בעטן.

זי מיינט מיט אַן אמת,
עס איז נישט קיין וואונדער:
אויך ענג איז אין קבר,
דאָך ליגט מען באַזונדער.

הענריק שענקעוויטש

# יאַנקאָ מוזיקאַנט

יאַנקאָ איז אַלט געווען צען יאָר. יאַנקאָ איז געווען דאַר און אָפּגע־ברענט פון זון, די האָר זיינע פון פלאַקס־קאָליר, כמעט ווייסע, האָבן אַראָפּ־געהאַנגען איבער די קלאָרע אויגן.

ווינטערצייט איז ער מערסטנטייל געזעסן הינטערן אויוון און געוויינט פון קעלט און גאָר אָפּט אויך פון הונגער, ווען די מוטער האָט נישט גע־האַט וואָס אַריינצולייגן אין אויוון און אין טעפּל. זומער־צייט פלעגט ער גיין אין איין העמדל, וואָס איז געווען אַרומגענומען מיט אַ שנור, און אין אַ שטרויענעם „קאַפּעליוש“. פון אונטער זיין אָפּגעריסענעם ראַנד האָט ער אַרויסגעקוקט, פאַררייסנדיק, ווי אַ פויגל, דעם קאָפּ אין דער הייך.

זיין מאַמע, אַן אָרעמע באַטראַטשקע, וואָס האָט קוים פאַרדינט אויפן טאָג לעבן, ווי אַ שוואַלב אונטער אַ פרעמדן דאַך, האָט אים ליב געהאַט אויף איר שטייגער, נאָר געשלאָגן האָט זי אים אָפּט.

צו אַכט יאָר איז ער שוין געווען אַ געהילף ביי אַ פאַסטעך, און ווען אין שטוב איז נישט געווען וואָס צו עסן, פלעגט אים די מאַמע שיקן נאָך שוועמלעך אין וואַלד.

ער פלעגט זיך אַזוי אַוועקלאָזן אין וואַלד מיט די שאָף, אָדער מיט אַ קויש נאָך יאַגעדעס, און זיך אומקערן אָן יאַגעדעס און זאָגן:

— מאַמעניו ! עס האָט דאָרט אין וואַלד עפּעס אַזוי „ געשפּילט “. אָי ! אָי !

און די מוטער פלעגט דאַן זאָגן:

— איך וועל דיר אַ שפּיל טאָן! האָב קיין מורא נישט !

זי פלעגט טאַקע צייטנווייז אים גוט אַ שפּיל טאָן מיט ריטער. דאָס קינד האָט געשריגן, צוגעזאָגט, אַז ער וועט שוין מער נישט, און דאָך גע־



טראַכט, אַז דאָרטן האָט עפּעס געשפּילט... וואָס? — פון וואַנען זאָל ער וויסן?... די סאָסנעס, בוקן, בעריאָזעס, זינגפייגל, אַלץ האָט געשפּילט: דער גאַנצער וואַלד און שוין!

דאָס ווידערקול אויך... אין פעלד האָט אים געשפּילט דאָס גראָז, אין סעדל לעם דער כאַטע האָבן געטשוויטשערט די שפּערלעך אַזוי, אַז אוש די ווײַנשל־בוימער האָבן זיך געטרייסלט. אָוונט־צייט האָט ער זיך איינגעהאָרכט אין אַלע קלאַנגען, וועלכע מען קען נאָר הערן אין דערפל, און ס'האָט זיך אים געדוכט, אַז דאָס גאַנצע דערפל שפּילט. ווען מע האָט אים געשיקט פאַנאַנדערוואַרפן דאָס מיסט, האָט בײַ אים אויך דער ווינט געשפּילט אויף די היי־גאָפּלען.

איינמאָל, ווען ער האָט זיך איינגעהערט ווי עס שפּילט דער ווינט אויף די הילצערנע היי־גאָפּלען, האָט עס באַמערקט דער אויפזעער און,

אַראָפּנעמענדיק דעם רימען, אים גוט אָנגעשלאָגן, ער זאָל געדענקען.

מענטשן האָבן אים גערופן יאַנקאָ מוזיקאַנט. אַז ס׳איז געקומען דער פרילינג, פלעגט ער אַוועקלויפן פון שטוב און זיך זעצן ביים טייך שניצן פייפלעך (דודעס). ביינאַכט, ווען די זשאַבעס האָבן אָנגעהויבן קוואַקען, דער פּיקהאָלץ פּיקן אין בוים, די זשוקעס צו זשוזשען, די הענער צו קריי-ען, האָט ער נישט געקאָנט איינשלאָפן: ער האָט זיך איינגעהאָרכט.

דער וועכטער, וואָס איז געגאַנגען ביינאַכט איבערן דאָרף, האָט אָפט געזען יאַנקאָס ווייס העמד. דאָס יינגל האָט זיך אונטערגעגנבעט צו דער קרעטשמע[1] דאָרט האָט ער זיך, אַ צוגעטוליעטער צו דער וואַנט, צוגע-הערט. די מענטשן האָבן דאָרט געטאַנצט אַן אָבערטאַס[2], און די פידלען האָבן געזונגען: „מירן עסן, מירן טרינקן, מירן פריילעך לידער זינגען“, און דער קאָנטרבאַס האָט מיט אַ גראָבער שטים געענטפערט: „ווי גאָט גיט! ווי גאָט גיט!“ די פענצטער האָבן געפלאַקערט מיט פייער, און ס׳האָט זיך געדוכט, אַז יעדער באַלקן אין דער קרעטשמע ציטערט, זינגט, שפּילט און יאַנקאָ האָט זיך אַלץ צוגעהאָרכט...

ער וואָלט אַלץ אין דער וועלט אָפּגעגעבן פאַר אַ פידל, וואָס שפּילט אַזוי דין!

ווען מע זאָל אים כאָטש איין מאָל דערלויבן צו האַלטן אין האַנט אַ פידל! ער האָט זיך אַליין געמאַכט אַ פידל פון אַ שינדל און סטרונעס פון אַ פערדן-עק, נאָר ער האָט נישט געוואָלט אַזוי שיין שפּילן, ווי יענער, אין דער קרעטשמע: ער האָט געזומזעט שטיל, שטיל, ווי אַ פליג, אָדער אַ קאָמאַר. פונדעסטוועגן האָט יאַנקאָ געשפּילט אויף אים פון אינדערפרי ביז אָוונט.

דער לאָקיי[3] ביים פּריץ האָט געהאַט אַ פידל און פלעגט צייטנווייז פאַרנאַכטצו שפּילן אויף אים. יאַנקאָ פלעגט אַמאָל צוקריכן צווישן די לע-פּעכעס (ראָר) צו דער אָפענער טיר פון קיך, כדי זיך צוקוקן צום פידל. ער איז געהאָנגען אויף דער וואַנט אַנטקעגן דער טיר. עס האָט זיך אים שטאַרק געוואָלט כאָטש איינמאָל אים נעמען אין די הענט, כאָטשבי זיך גוט אין אים איינקוקן.

איינמאָל אין אָוונט איז אין קיך קיינער נישט געווען.

יאַנקאָ, אַ באַהאַלטענער אין די לעפּעכעס, האָט זיך דורך דער אָפענער טיר לאַנג צוגעקוקט צום פידל.

די שרעק האָט אים נישט געלאָזט רירן זיך פון אָרט, נאָר עפּעס אַן אומבאַזיגלעכער כוח האָט אים געשטויסן פאָרויס.

---

1 קרעטשמע — אַן איינפאָר-הויז ווו מען פאַרקויפט אויך בראָנפן.

2 אָבערטאַס — אַ פּוילישער פאָלקס-טאַנץ.

3 לאַקיי — דינער אין אַ פּריציש הויז.

דאָס אָרעמע קליינע פיגורל האָט זיך שטיל און פאָרזיכטיק געלאָזט צו דער טיר. יאַנקאָ איז שוין געווען אין קיך...

ער האָט זיך אריינגעשלייכט שטיל און פאָרזיכטיק, נאָר די שרעק האָט אים אַרומגענומען אַלץ שטאַרקער און שטאַרקער.

אין דער לעפּעכע האָט ער זיך געפילט, ווי אינדערהיים, און דאָ — ווי אַ חיהלע אין שטייג. אַ שטילער זומערדיקער בליץ האָט, דורכפליענדיק איבערן הימל, באַלויכטן יאַנקאָן, וואָס איז געשטאַנען אויף די קני פאַרן פידל, מיטן קאָפּ פאַרריסן אין דער הייך.

אין אַ ווײַלע אַרום האָט זיך אין דער פינצטערניש דערהערט אַ טויבער און אומעטיקער קלאַנג, ווי עמעצער זאָל אומפאָרזיכטיק זיך אָנרירן אין די סטרונעס, און פּלוצעם... האָט עפּעס אַ גראָבע, פאַרשלאָפענע שטים, וואָס טראָגט זיך פון ווינקל, אַ פרעג געטאָן:

— ווער איז דאָרט?

יאַנקאָ איז פאַרציטערט געוואָרן.

עמעצער האָט אַ רייב געטאָן אַ שוועבעלע אין וואַנט, און ס'איז געוואָרן ליכטיק. ס'האָט זיך באַלד דערהערט זידלערייען קלעפּ, אַ געוויין פון אַ קינד, געשרייען, דאָס בילן פון הינט, דאָס בלינצלען פון ליכט אין די פענצטער, אַ געשריי אין הויף.

* *
*

אויף צו מאָרגנס איז דער אָרעמער יאַנקאָ געשטאַנען פאַרן געריכט ביים וואָיט. דער וואָיט האָט אויף אים אַ קוק געטאָן. ס'איז פאַר אים געשטאַנען אַ קליין, דאַר יינגל מיט דערשראָקענע אויגן.

וואָס טאָן? משפּטן אים, ווי אַ גנב? ער איז נאָך צו קליין, און האַלט זיך קוים אויף די פיס. איינזעצן אים אין טורמע, צי וואָס?

— אָנשמייסן אים, און שוין — האָט באַשלאָסן דער וואָיט.

דאָס געריכט האָט געהאַלטן, אַז ס'איז רעכט אַזוי.

מע האָט גערופן דעם סטרוזש, סטאַכן.

— נעם און דערלאַנג אים.

סטאַך האָט אַ שאָקל געטון מיטן קאָפּ, גענומען יאַנקאָן אונטערן אָרעם, ווי עפּעס אַ קעצל, און אים אַוועקגעטראָגן אין שייער אַריין.

דאָס יינגל, צי עס האָט נישט פאַרשטאַנען אין וואָס עס האַנדלט זיך דאָ, צי ווייל ער האָט זיך דערשראָקן, נאָר ער האָט קיין פּיפּס נישט געטאָן, און בלויז געקוקט, ווי עס קוקט אַ געפאַנגענער פויגל. און צי האָט ער געקאָנט וויסן, וואָס מע וועט אים טאָן? ערשט ווען סטאַך האָט אים אין דער

סטאָדאָלע גענומען מיט זיינע לאַפּעס, אויסגעצויגן אויף דער ערד, און א זעץ געטאָן, ערשט דעמלט האָט ער אויסגעשריגן:

— מאַמעשי! — און נאָך יעדעס מאָל, ווי דער סטרוזש האָט א זעץ געטון מיט דער רוט, האָט ער געשריגן — מאַמעשי! מאמעשי! — נאָר שטילער, שוואַכער, ביז דאָס קינד איז אינגאַנצן שטיל געוואָרן און שוין נישט גערופן מער די מאַמעשי...

די מאַמע האָט אים אויף די הענט אַוועקגעטראָגן אהיים. אויף צו מאָרגנס איז ער פון בעט נישט אויפגעשטאַנען, און אויפן דריטן טאָג — אויסגעגאַנגען.

די שוועלבעלעך האָבן געטשוויטשערט אויף א קאַרשן־בוים, וואָס איז געוואַקסן לעם דער כאַטע. ס'איז געווען פאַרנאַכט. מיידלעך האָבן, זיך אומקערנדיק פון היי־שניט, געזונגען: „אָ, אויף דער גרינער, אויף דער לאָנקע", און פון דער זייט פון טייך האָבן זיך דערטראָגן קלאַנגען פון פייפעלעך. יאַנקאָ האָט זיך איינגעהאָרכט צום לעצטן מאָל, ווי דאָס דאָרף שפּילט, נעבן אים איז געלעגן זיין פידל פון שינדל.

די אויגן פון דעם קליינעם פידלער זענען געווען אָפן, נאָר אומבאַוועגלעך, דאָס פּנים — טונקל און פאַרגליווערט.

איבער יאַנקאָן האָבן גערוישט די בעריאָזעס.

## פראַגעס און אויפגאַבעס:

1. פאַרוואָס הייסט די דערציילונג „יאַנקאָ מוזיקאַנט"?
2. צו וועלכע קלאַנגען אין פעלד, אין וואַלד, אין דאָרף, אין סאָד האָט זיך יאַנקאָ צוגעהערט?
3. וועלכע מוזיק האָט געהערט יאַנקאָ אין קרעטשמע?
4. פאַרוואָס איז יאַנקאָ אומגעקומען?
5. שטעלט צונויף א פּלאַן פון דער דערציילונג און דערציילט לויטן פּלאַן.
6. דערציילט, ווי זאָרגט מען היינט ביי אונדז אין פּוילן וועגן יונגע טאַלאַנטן.

ש. באַסטאָמסקי

# פּלי־פּאָסט

דער פינפטער קלאַס פון דער פּרץ־שול האָט שבת־צונאַכט געהאַט אַ קלאַסן־פאַרווייַלונג. מע האָט געשפּילט, געזונגען שיינע לידער און גוט פאַרבראַכט.

מער פון אַלץ איז די קינדער געפעלן געוואָרן די שפּיל אין פּלי־פּאָסט.

געבראַכט די שפּיל האָט שלמהלע. ער ברענגט שטענדיק אין שול עפּעס נייעס.

שלמהלע האָט געזען די שפּיל אויף אַ חתונה. האָט ער איצט געבעטן דעם לערער דורכפירן זי ביי זיי אויף דער פאַרווייַלונג.

דעם לערער איז דאָס געפעלן. ער האָט פאַרטיילט אַלעמען נומערן און פּאַפּיר. דעם נומער האָט יעדער צוגעשפּילעט צו זיך אויפן לאַץ.

דעם נומער דרייצן האָט קיינער נישט געוואָלט נעמען.

— ס'איז נישט מזלדיק!

— אַ נאַרישע איינרעדעניש! — האָט דער לערער געלאַכט, און ער אַליין האָט גענומען דעם נומער 13.

— אין די בריוו קאָנט איר שרייבן אַלץ, וואָס איר ווילט, — האָט דער לערער דערקלערט די חברים און חברטעס, לערערס און עלטערן. — איר קאָנט פרייַ שרייבן, וואָס איר ווילט, דערציילן מיט וואָס איר זענט צופרידן און מיט וואָס נישט, די פּאָסט איז אַ געהיימע, מע מעג זיך אויף די בריוו נישט אונטערשרייבן. די בריוו דאַרפן אָבער זיין געשריבן אָנשטענדיק. זידלען זיך אין זיי טאָר מען נישט. דער אַדרעס איז דער נומער.

נאָך דער פאָרשטעלונג זענען אַלע געווען פאַרטאָן מיט דער פּאָסט. מע האָט געשריבן אויף וואָס די וועלט שטייט. דאָס פּאָסט־קעסטל האָט זיך געפונען ביי לייבעלען אין היטל — דאָס גרעסטע היטל אין קלאַס. און אַפילו דאָס דאָזיקע היטל איז באַלד געווען פול אָנגעפּאַקט מיט בריוו.

ביים פאַרטיילן די בריוו זענען אַלע געווען שטאַרק אויפגערעגט. יעדערן האָט זיך געוואָלט באַקומען וואָס מער בריוו און וואָס גיכער וויסן, וואָס מע שרייבט צו אים.

אָן בריוו איז קיינער נישט געבליבן. מער, ווייניקער — אַלע האָבן באַקומען בריוו.

מער בריוו פון אַלעמען האָט באַקומען דער לערער.

ביים לייענען די בריוו האָבן אַ פּאָר געלאַכט, אַנדערע — זיך געערוטלט און געברוגזט, טייל האָבן געוויזן און פאַרגעלייענט זייערע בריוו פּאָר חברים און חברטעס, אַנדערע האָבן זייערע בריוו באַהאַלטן.

דער לערער האָט געהאַלטן זיין פּאַק בריוו פון אויבן. ער האָט זיי גיך איבערגעלייענט און כסדר געשמייכלט. ווייזט אויס, אַז ער איז געווען צופרידן. אַלעמען האָט זיך געוואָלט וויסן, וואָס מע שרייבט צום לערער. דער לערער האָט פאַרשטאַנען, וואָס די קינדער פאַרלאַנגען פון אים, און זיך אָפּגערופן:

— קינדער! איר ווילט, וועל איך אייך איבערלייענען, וואָס מע שרייבט מיר.

— אַ־אַ־אַ! — האָבן זיך דערהערט שטימען, און ס׳איז געוואָרן שטיל. פון פיר און צוואַנציק בריוו האָט דער לערער איבערגעלייענט נאָר זיבעצן.

— זיבן — האָט דער לערער געזאָגט — זענען נישט ווערט, מע זאָל זיי לייענען.

זענען די איבעריקע ווערט געווען? — זאָגט איר אַליין. אָט זענען זיי:

ערשטער בריוו:

„לערער! איך האָב שוין לאַנג געוואָלט אייך עפּעס פרעגן. פאַרוואָס, אַז איך לייען אַ בוך, וויל דער טאַטע נישט ליידן? מיר וווינען אין אַ קעלער. ס׳איז דאָרט שטענדיק טונקל. ס׳איז ענג. די שוועסטערלעך שרייען. די מאַמע שרייט. אָבער ווי איך קום נאָר פון שול, שטעל איך זיך ביים פענצטערל, פאַרטיף זיך אין אַ בוך און זע נישט, וואָס עס טוט זיך אַרום מיר. פאַרוואָס לאָזט מיך דער טאַטע נישט לייענען?“

צווייטער בריוו:

„לערער! איצט וועל איך אייך אויסזאָגן, פאַרוואָס קומט אין שול איין טאָג מיין ברודער, און איין טאָג איך. דאָס איז דערפאַר, ווייל מיר ביידע האָבן איין פּאָר שיך“.

די קינדער האָבן צווישן זיך געפּרוווט טרעפן, ווער עס האָט געשריבן די בריוו. דער לערער האָט זיך אָבער גלייך גענומען צום דריטן בריוו:

„איך האָב היינט געהערט אין גאַס, ווי צוויי יינגלעך האָבן זיך גערופן מיט מיאוסע צונעמענישן. איך וועל שוין מער קיינמאָל קיינעם מיט קיין צונעמענישן נישט רופן!“

פיר בריוו האָבן געהאַט צו טאָן מיט דער ביבליאָטעק און מיט דעם לייענען:

„ביים בייטן ביכער — האָט געשריבן דער פערטער — איז אַ שטופּעניש. עס טויג נישט אַזוי“.

„מע גיט מיר אַלץ אַזוינע דינינקע ביכעלעך — האָט זיך באַקלאָגט דער פינפטער — איך וויל שוין לייענען גראָבע ביכער“.

דער זעקסטער האָט געשריבן:

„איך וואָלט וועלן לייענען אַ בוך, וואָס זאָל זיך ציען און ציען“.

דער זיבעטער האָט געפרעגט:

„פאַרוואָס זענען אַ סך יידישע ביכער אָן בילדער?"

דער אַכטער האָט געשריבן:

„לערער! איך וועל אַליין מאַכן אַ פאָרשטעלונג פון „מעסערל" ביי אונדז אויפן הויף מיט מיינע חברים".

דער ניינטער האָט דערציילט:

„די מעשה מיט מאָטלען „אַ גאַס ניסט" האָב איך איבערגעלייענט ביי אַן אָוונט־ברויט פאַרן טאַטן מיט דער מאַמען. זיי האָבן געקייכט פאַר געלעכטער. שלום־עליכם איז אַ פריילעכער שרייבער".

דער צענטער בריוו איז געווען נישט קיין פריילעכער:

„לערער! מאירקע פון צווייטן קלאַס איז היינט געקומען אין שול אָן אַ פרישטיק. איך האָב אים געגעבן אַ שטיקל ברויט. זיין טאַטע גייט שוין אַרום אַ לאַנגע צייט אָן אַרבעט".

צוויי בריוו זענען געווען מיט טענות צו די לערער:

דער עלפטער: „פאַרוואָס, אַז מען גיט אפילו אַ קליינעם שטיף, שיקט דער לערער גלייך אַרויס פון קלאַס?"

דער צוועלפטער: „פאַרוואָס רופט איר אַרויס צום לייענען אַזויפיל מאָל הערשקען און וועלוולען? איך האָב היינטיקן חודש געלייענט צוויי מאָל. לערער, רופט מיך אויס".

דער קורצסטער בריוו איז געווען דער דרייצנטער:

„לערער, איך וויל אייך עפעס פאָרשטעלן".

דער פערצנטער און פופצנטער בריוו האָבן אַלעמען דערמאָנט אין גוטע צייטן:

דער פערצנטער: „לערער! איך וואָלט וועלן, עס זאָל שוין גיכער זיין זומער, מען זאָל זיך קאָנען באָדן".

„אין קאָלאָניע — האָט געשריבן דער פופצנטער — איז טויזנט מאָל בעסער ווי אין שול. מע האָט דאָרט גוט פאַרבראַכט און מ'האָט געגעבן אינטערעסאַנטע ביכער צו לייענען".

דעם שרייבער פון זעכצנטן בריוו האָבן די קינדער גלייך דערקענט. דאָס איז געווען בערעלע „קאַצנקאָפּ".

„אַלע טאָג — האָט ער געשריבן — אַז איך קום אין שול, מוז איך עפּעס פאַרגעסן! די מאַמע זאָגט, אַז דער טאַטע איז אויך אַזאַ".

יאַנקעלע האָט אַ לאַנגע צייט נישט געקענט ריכטיק אָנשרייבן די ווערטער מיט אַן „וי" — פויער, בויער, מויער, האָט ער שטענדיק געשריבן אָן אַ יוד נאָכן וואָו. איצט האָט ער אַליין צוגעטראַכט אַ זאַץ און גע־שריבן צום לערער אָן אַ גרייז:

„אַ הויכער פּויער, שטייט ביים טויער פון אַ הויכן מויער — אַזוי איז גוט?“ — האָט ער פאַרענדיקט זיין בריוו מיט אַ פראַגע.

ס'איז דעריבער זייער גרינג געווען צו דערקענען, ווער ס'האָט געשריבן דעם זיבעצנטן בריוו און אַלע האָבן געלאַכט.

אַ שיינעם אָוונט האָט געהאַט דער פינפטער קלאַס פון דער פרץ־שול.

גייענדיק אַהיים, האָבן די קינדער זיך דערמאָנט וועגן דער פריילעכער פאָרשטעלונג, וועגן די לידער און שפּילן. אָבער מער פאַר אַלץ האָבן אַלע גערעדט וועגן דער נייער שפּיל אין פּלי־פּאָסט.

## פראַגעס און אויפגאַבעס:

1. וועגן וואָס דערציילן די קינדער אין ערשטן, צווייטן און צענטן בריוו? (לייענט זיי איבער אויפן קול).
2. צי ביי אונדז היינט בעת דער שפּיל אין פּלי־פּאָסט, וואָלטן מעגלעך געווען אַזעלכע בריוו? פאַרוואָס?
3. פאַרוואָס דערלויבט דער טאַטע נישט לייענען דעם יינגל פון ערשטן בריוו?
4. וואָס וואָלסטו געקאָנט זאָגן וועגן יינגל פון דעם ערשטן בריוו און וועגן יינגל פון צענטן בריוו?
5. אַ וועלכע פון די בריוו געפעלן דיר אַמשטאַרקסטן און פאַרוואָס? (לייען זיי איבער אויפן קול).
6. שרייב אָן, שטיצנדיק זיך אויף דער דערציילונג, ווי עס האָבן געלעבט די קינדער אין קאַפּיטאַליסטישן פּוילן.

א. ראַבאָי

# אַ ייד קומט אַרבעטן אין אַ שאָפּ

אייבערעם מיט מאָניסן זענען אַריין אין אַ טונקעלער שטוב, וועלכע איז באַלויכטן, אין מיטן העלן טאָג, מיט גאַז־לעמפּלעך. אייבערעם איז צוגעגאַנגען צו איינעם אַ יידן, וועלכער האָט געטראָגן אַ יאַרד־מאָס איבער זיין האַלדז און אַ בלייער איבערן אויער פאַרליינגט, און האָט אים עפּעס געזאָגט אין אויער אַריין. דער ייד איז צוגעלאָפן צו מאָניסן און אים באַטראַכט פון דעם קאָפּ ביז צו די פיס.

מאָניסעס פיס האָבן זיך ביי דער דאָזיקער באַטראַכטונג אַ ביסל אַ בייג געטאָן, און אים איז באַלד דער דאָזיקער ייד נישט געפעלן געוואָרן. נאָכדעם איז פאָרגעקומען דער דאָזיקער שמועס צווישן דעם יידן און מאָניסן:

— אַ ייד וויל זיך לערנען!

— פאַרוואָס נישט?

— ווי אַלט איז אַ ייד?

כ׳וויים... קרוב צו פופציק... — האָט מאָניס געזאָגט און זיך אַ ביסל פאַרשעמט.

— האָסט נישט געקאָנט זיין יינגער?

מאָניס האָט געפילט, ווי עמעצער וואָלט אים אָפּגעבריט. אָבער ער האָט גאָרנישט געענטפערט — אפילו געפּרוווט אַ שמייכל טאָן.

— ווילסט זיין אַ פּרעסער?

— כ׳וויים?... — ענטפערט מאָניס און כאַפּט דערווייל אַ קוק אַהין ווו עס שטייען יידן און הרגענען די טישן מיט די אייזערנע פּרעסלעך. ער דערשרעקט זיך פאַר איינעם פון יענע גרויסע, גרויע אויגן, וועלכע שרייען צו מאָניסן, אַז ער זאָל נישט זיין קיין פּרעסער, נישט זיין קיין פּרעסער!

— ווייז דיינע הענט! — גיט דער, וואָס מיטן בלייער הינטער אויער, פּלוצעם אַ זאָג צו מאָניסן. מאָניס ווייזט אים זיינע הענט, די ווייסע אויסגערוטע און ריינע הענט, געוואַשענע און אָפּגעהיטע.

— מיט אַזעלכע הענט, מיט אַזעלכע הענט קומט „עס“ קיין אַמעריקע?...

— אז איך האָב נישט קיין אַנדערע... — האָט זיך מאָניס געבעטן.

— איך וועל דיר געבן אַ גרינגע אַרבעט... ווייִן נישט...

— ווער וויינט? — האָט זיך מאָניס פונדעסטוועגן אַ טאַפּ געטאָן ביי זיינע אויגן, צי ער וויינט טאַקע נישט.

— ווערסט פאַקן העמדער?

— פאַרוואָס נישט?

— זעקס וואָכן אומזיסט.
— און דערנאָך?
— און דערנאָך... אַז עס שמעקט נאָך פון דיר שיף — האָט אים דער פרעמדער ייד אָנגעקלאַפּט אין אַן אַקסל.

ביז צוועלף איז מאָנים געשטאַנען און געקוקט, וויאַזוי מען דאַרף פּאַקן אַ העמד. דער, וואָס מיטן בלייער הינטערן אויער, האָט אים געוויזן, וויאַזוי מען פּאַקט העמדער.

נאָך דעם מאָלצייט האָבן די מאַשינען ווידער אָנגעהויבן צו פּילדערן. מאָנים איז געשטאַנען איבער אַ טיש, וואָס האָט מיט זיין הויך דערגרייכט ביז מאָניסעס באָרד. אויף דעם טיש איז געלעגן אַ העמד מיט רויטע און בלויע פּאַסן, און מאָנים האָט געפּרוווט דאָס דאָזיקע העמד צונויפלייגן. פריער האָט ער פון דעם דאָזיקן העמד באַדאַרפט אַרויסשלעפּן שטיקלעך איבעריקע פעדעם, וועלכע זענען געהאָנגען דאָ און דאָרט. פאַרטיק געוואָרן מיט די פעדעם, האָט מאָנים געפּרוווט צונויפלייגן דאָס העמד. פאַרשטענדלעך, אַז ער האָט נישט געקאָנט, די צוויי אַרבל זענען געשטאַנען אין וועג. ער האָט באַדאַרפט די צוויי אַרבל אַזוי באַהאַלטן אין העמד אינעווייניק, אַז מע זאָל זיי נישט אַרויסזען, און זיי זאָלן דאָך ליגן אַזוי באַקוועם באַהאַלטן אין העמד, אַז זיי זאָלן, חלילה, נישט צעקנייטשט ווערן. זאָלן אָבער פאַרשאָלטן ווערן די אַרבל, וואָס זיי האָבן זיך נישט געוואָלט אונטערגעבן. אָט איז שוין מאָנים פאַרטיק מיט דעם העמד און טוט עס אַ הייב אויף אינדערהויך, — פאַלן די צוויי אַרבל צוריק אַרויס, און פון די נייע מאַשינען הייבן זיך אויסגעבויגענע פלייצעס, און עס הערט זיך אַ געלעכטער.

און דער באַרג מיט העמדער וואַקסט. און מאָנים דערשרעקט זיך פאַר דעם באַרג מיט העמדער, און דער ייד מיט דעם בלייער קומט צו לויפן און ווייזט אים נאָך אַ מאָל און נאָך אַ מאָל.
— זעט, ווי גיך עס גייט?
— כ'האָב עס ביי מיין טאַטן נישט געטאָן — בעט זיך מאָנים.
— מע ווייסט, מע ווייסט — שרייט אַזוי מיט כעס דער, וואָס מיט דעם בלייער, און בשעת מעשה פליען אים די געפּאַקטע העמדער פון די הענט.

ערשט ביים סוף פון טאָג איז מאָנים געוווּיר געוואָרן פון דעם סוד, וויאַזוי מע באַדאַרף פּאַקן העמדער. און עס איז אים ליכטיק געוואָרן אין די אויגן. יאָ, עס איז אים ליכטיק געוואָרן אין די אויגן, אָבער דעמלט האָבן זיך שוין אַלע געקליבן צו גיין אַהיים, מילא, גיין אַהיים, איז גיין אַהיים, אָבער מאָניסן איז געוואָרן אַ שאָד, וואָרעם ערשט איצט זיך אויסגעלערנט, און מע דאַרף שוין גיין אַהיים.



מאָריס ראָזענפעלד

# מיין יינגעלע

איך האָב אַ קליינעם יינגעלע,
אַ זונעלע גאָר פיין!
ווען איך דערזע אים, דוכט זיך מיר,
די גאַנצע וועלט איז מיין.

נאָר זעלטן, זעלטן זע איך אים,
מיין שיינעם, ווען ער וואַכט,
איך טרעף אים תמיד שלאָפנדיק,
איך זע אים נאָר ביינאַכט.

די אַרבעט טרייבט מיך פרי אַרויס
און לאָזט מיך שפּעט צוריק.
אָ, פרעמד איז מיר מיין אייגן לייב,
אָ, פרעמד מיין קינדס אַ בליק.

איך קום צעקלעמטערהייט אַהיים,
אין פינצטערניש געהילט,
מיין בלייכע פרוי דערציילט מיר באַלד,
ווי פיין דאָס קינד זיך שפּילט.

ווי זים עס רעדט, ווי קלוג עס פרעגט:
„אָ, מאַמע, גוטע מאַ!
ווען קומט און ברענגט אַ פּעני [1] מיר
מיין גוטער, גוטער פּאַ?“

איך שטיי ביי זיין געלעגערל,
איך זע און הער, און שאַ!
אַ טרוים באַוועגט די ליפּעלעך:
„אָ, וווּ איז, וווּ איז פּאַ?“

איך קוש די בלויע אייגעלעך.
זיי עפענען זיך: „אָ, קינד!“
זיי זעען מיך, זיי זעען מיך,
און שליסן זיך געשווינד.

„דאָ שטייט דיין פּאַפּאַ, טייערער,
אַ פּעניל דיר נאַ!“
אַ טרוים באַוועגט די ליפּעלעך:
„אָ, וווּ איז, וווּ איז פּאַ?“

איך בלייב צעווייטיקט און צעקלעמט,
פאַרביטערט און איך קלער:
ווען דו וואַקסט אויף אַמאָל מיין קינד,
געפינסטו מיך נישט מער.

---

[1] פּעני — אַן אַמעריקאַנער מטבע, ווי ביי אונדז אַ גראָשן.

# בין איך מיר אַ שניידערל

(פאָלקס־ליד)

בין איך מיר אַ שניידערל,
בין איך מיר אַ שניידערל,
לעב איך מיר טאָג־אויס, טאָג־איין,
לוסטיק, פריילעך, פיין.

— זאָג מיר שניידער,
ליבינקער און גוטער:
גיט דיר די נאָדל
גענוג אויף ברויט מיט פּוטער?

— איך מאַך אַ וואָך
צוויי גילדן מיט אַ דרייער,
איך עס נאָר ברויט,
ווייל פּוטער איז צו טייער.

בין איך מיר אַ שוסטערל,
בין איך מיר אַ שוסטערל,
לעב איך מיר טאָג־אויס, טאָג־איין
לוסטיק, פריילעך, פיין.

— זאָג מיר, שוסטער,
האָסטו וואָס צו קייען?
פעלט דיר אויסעט,
קריגסטו ווו צו לייען?

— קיינער לייט נישט,
קיינער גיט קיין ערבות [1]
כ'בין אַ שוסטער,
גיי איך טאַקע באָרוועס.

---

1 ערבות (אָרוועס) — אין דעם פאַל באַטייט עס: באָרגט נישט, ווייל ס'איז נישט־טאָ ווער עס זאָל פאַרזיכערן, אַז ער וועט אָפּגעבן. אָרוועס — גאַראַנטיע.

אפרים קאַגאַנאָווסקי

# איך בין קראַנק

## (פון די קינדער־יאָרן)

אונטער דעם אומעטיקן ליכט פון דעם גרינעם לאָמפּ מיט די שוואַרצע שרעקיקע שאָטנס אין די ווינקלען פון דער שטוב זענען אַדורכגעגאַנגען די קינדערשע, לאַנגע אָוונטן.

איך האָב געמוזט ליגן מיט פאַרמאַכטע אויגן, ווייל מע האָט מיך געוואונגען צו גיין שלאָפן פון פריען אָוונט. בין איך געלעגן און מיין וואַכזאַמער קאָפּ האָט אויפגעכאַפּט יעדן קלאַנג פון דעם געשפּרעך, וואָס די דערוואַקסענע האָבן געפירט אַרום דעם באַלויכטענעם טיש.

אַלץ, וואָס דאָ איז גערעדט געוואָרן, האָט מיר דערציילט פון דער גרויסער וועלט, וועלכע איך האָב געקאָנט זען בלויז דורכן פענצטער.

איך בין לאַנג נישט געשלאָפן. מיין מוח איז געווען אָנגעשפּיצט, מיין אויער האָט נישט דורכגעלאָזט דעם מינדסטן שאָרך. אַ גרויס אומרואיק וואַרטן האָט געצאַפּלט אין מיין קינדישן האַרץ.

איך האָב געמוזט פיל קרענקען אין יענע ווייטע נעפּלדיקע טעג, ווייל איך האָב אָפט געפילט דער מאַמעס הענט אויף מיין קאָפּ, און איך געדענק גוט די באַרירונג פון קאַלטע, פרעמדע הענט פון דאָקטוירים און פעלדשערים, אָדער פון אַ פרעמד, באַוואַקסן פּנים, די הילצערנע קלעפּ פון אַ העמערל אויף דער נאַקעטער פּלייצע. מיין האַנט האָט זיך אָנגעשפּאַרט אין פרעמדע, האַרטע קני פון דאָקטאָר, און מיר האָט זיך געדאַכט, אַז די קני טוען אַלץ, כדי מיר צו מאַכן ערגער, וואָרעם צוגערירט האָט מען זיך שטענדיק נאָר דאָרט, וווּ עס האָט מיר מער וויי געטאָן. מיר האָט זיך געדאַכט, אַז די קעשענעס פון די דאָקטוירים זענען פול מיט ווייטיקלעך געצייג, און מיך האָט שטאַרק געוווּנדערט, וואָס די מאַמע רופט שטענדיק די דאָקטוירים.

איך געדענק נאָך דעם „שלעכטן“ דאָקטאָר, וואָס האָט מיר שטענדיק צוגעלייגט אַ האַרטן, שטעכיקן קאָפּ, און זיינע רויטע הענט האָבן געשמעקט מיט עפּעס אַ ריינקייט, וואָס טוט וויי. ער האָט געשריגן הויך און זיינע ווערטער זענען געווען שפּיציקע. נאָך זיין אַוועקגיין פלעג איך לאַנג ליגן און קלערן. מיך האָט באַשלאָגן אַ מידקייט און ס'האָט מיר געדאַכט, אַז אַלע זענען ערגעץ אַוועק, און איך בין געבליבן אַליין אויף דער וועלט.

נאָר אין די אָוונטן, ווען הינטערן פענצטער האָט זיך אַוועקגעשטעלט אַ שרעקיקע טונקלקייט, האָט זיך אָנגערופן צו מיר די לעבעדיקע וועלט. די מאַמע האָט לאַנג צוגעגרייט דעם לאָמפּ, דעם הויכן גרינעם לאָמפּ אויף

אַ לאַנגן פּוס. זי האָט געפּוצט דאָס לאַנגע רערנדיקע גלאָז מיט אַ שטעקעלע, און דאָס גלאָז האָט געקוויטשעט. דער פלאַם האָט זיך אויפגעהויבן, און אויף די ווענט האָבן גענומען פאָרן קנוילנידקע שאָטנס. ביסלעכווייז האָט זיך דאָס ליכט צעלאָזט אין אַ ראָד, און די מאַמע האָט זיך אַוועקגעזעצט נייען און שטריקן. די ווייסע העמדער זענען באַשלאָגן געוואָרן מיט אַ גרין־גראָלעכער שיין, און איך האָב שוין געוווסט, וואָס פאַר אַ העמד עס הענגט אַראָפּ אויף דער מאַמעס שויס. די גרויסע העמדער מיט לעכלעך זענען געווען דעם טאַטנס, איין העמד איז געווען מיט אַן אויסגענייטן גאָרס, בלאָ מיט רויט, דאָס „מאַלאָראָסייסקע“ [1] העמד, וואָס מע האָט עס געברענגט ערגעץ פון קיעוו.

איך האָב געקוקט אין דער ליכטיקער רייף פון לאָמפּ און אויף דער מאַמעס אַראָפּגעלאָזענע אויגן. אויף דער בלאָער וואַנט נעבן מיין בעטל האָב איך שוין געקענט יעדן שוואַרצלעכן פלעק פונעם דעסען [2]: צוויי האַלבע רעדלעך און אַ לאַנג פּאַסיקל מיט אַ פּינטעלע; דאָס פּינטעלע האָט אויסגעזען, ווי אַ פליג, און נעבן דעם אַ פייכטער פלעק. די מאַמע האָט מיר געהייסן שלאָפן. זי האָט מיר דערציילט, אַז דער ווינטער וועט דורכגיין, און ס'וועט קומען זומער, אַז דער טאַטע וועט פאַרדינען... דער טאַטע וועט ברענגען... זי האָט מיר נישט געזאָגט, אַז מיר זענען אָרעם, אָבער איך האָב עס געוווסט, איך האָב געהערט אַלעמאָל, ווען זי האָט געזאָגט דעם טאַטן, אַז „מענטשן לעבן, מענטשן האָבן דירות“, און מיר האָט זיך אויסגעוויזן, אַז די אַלע מענטשן, וואָס „לעבן“ לאָזן דעם טאַטן נישט ברענגען... אַזוי פלעג איך איינדרימלען, ווען די מאַמע האָט געזונגען פון „מערדער רוצח“, אָבער ווי נאָר דער טאַטע איז געקומען, האָב איך אויפגעוואַכט. מיין בליק האָט זיך באַלד אָנגעשלאָגן אין זיין יונגטלעכן, שטאַרקן אַקסל. זיין קאָפּ מיט די שווערע טונקעלע האָר האָט זיך אַריינגעשניטן אין דער ליכט פון דעם לאָמפּ. ביי דער זייט איז געזעסן דער מאַמעס ברודער יאָסל. ער איז געווען הויך מיט אַ בלייך שיין פּנים. ער האָט שוין לאַנג געוווינט ביי אונדז. ער איז געקומען פון דער מאַמעס שטאָט און געברענגט גרויסע, שמעקעדיקע, זיסע קיכלעך. עס פלעגט אויך קומען דעם טאַטנס חבר שכנא. דער גוטער שכנא, וואָס האָט שטענדיק אין זיינע קעשענעס עפּעס געהאַט פאַר מיר. ער האָט געהאַט אַ קיילעכדיקע פּלייצע און אַ נידעריקן אָרעם, און מיט דער צו לאַנגער האַנט פון דעם נידעריקן אָרעם האָט ער מיך געגלעט און מיר אַריינגעוואָרפן אין בעט שפּילצייג, וואָס האָט געשמעקט מיט פרישן האָלץ אָדער געשימערט מיט נייעם גלאַטיקן בלעך.

---

[1] מאַלאָראָסייסקע — אוקראַינישע.

[2] דעסען — צייכענונג.

די שטוב איז איצט פול געווען פון שאָטנס, און מיין האַרץ איז פול געווען פון פרייד.

## פראַגעס:

1. וועגן וואָס דערציילט דער שרייבער?
2. וואָס האָט ער געטראַכט וועגן די דאָקטוירים?
3. ווען האָט זיך דאָס יינגל געפילט גליקלעך?

## אויפגאַבע:

פּרווו באַשרייבן אַן אייגענע איבערלעבונג, דערמאָנונג!

## מענדעלע מוכר־ספרים

# הערשעלע

### א.

אין שטוב איז הערשעלע געווען אַ שטאַרק אָנגעבלאָזן פּאַכירל, זיך איינגעהאַלטן, אַז קיין פּאַרע זאָל מען פון אים נישט הערן. אַקעגן זשע אָבער אין דרויסן האָט דאָס פּאַכירל געלאָפּנעט [1], און ס'איז אַרויס פריי אַלצדינג, וואָס אינעווייניק אין אים האָט זיך געשטיקט. דאָרט איז ער געווען אַ פייער, אַ שפּירט, איין קונדעס אין דער וועלט. ער האָט זיך איבערגעשלאָגן מיט אַלע יינגלעך און אַרויסגעוויזן זיין גרויס בריהשאַפט אין שטיינער וואַרפן, כאַפּן אַ ציג פאַר די הערנער און זעצן זיך אויף איר רייטנדיק, אָננעמען פלוצעם דעם צאַפּ פאַר דער באָרד און אויסרייסן אים אַ פולן הויפן האָר, נאָכלויפן אַ משוגענעם אויף דער גאַס, אונטערכאַפּן זיך אונטער אַ וואָגן, ווען ער פאָרט געשווינד, — דערצו איז ער געווען איין בריה. חברה האָט דעריבער פון אים שטאַרק געהאַלטן און אים געהאַלטן אַלס דעם פירער אין אַלע קונדייסקע זאַכן. אין די מלחמות צווישן די קונדייסים איז ער געווען דער גענעראַל, מיט עפּעס אַ פּאַפּירן מיצל אויפן קאָפּ, אַרומגעשטעקט מיט פעדערן. די גבורה און דאָס גאַנצע גרויסקייט זיינס איז באַשטאַנען אין דעם, וואָס ער האָט געהייסן איטלעכן שלאָגן, גלאַט אַזוי זיך פון זיין כבוד וועגן, און אַז דער גענעראַל, הערשעלע לייזער יענקלס, האָט באַפוילן — האָט געמוזט איטלעכער, פון דעם קלענסטן ביז דעם גרעסטן, באַלד צו פאָלגן. בשעת פרידן, נישט קיין מלחמה־צייט, פלעגט אונדזער הערשעלע מיט דעם גאַנצן פעקל יינגלעך זיך אָפּגעבן מיט אַנ־

---

[1] געלאָפּנעט — געפּלאַצט.

דערע געשעפטן, און געשעפטן זענען געווען זייער פיל אין איטלעכער צייט.

זומער בייטאָג פלעגט ער פירן די חברה באָדן זיך אין טייך, ווו שטאָט-חזירים זענען געלעגן איינגעזונקען טיף איבער די אויערן, אַרויס-שטעקנדיק בלויז דאָס פּיסקל. דער גאַנג אַהין איז געווען לעבעדיק-ראַשיק. טאַקע ווי מען זאָגט, בעגראַנדע. נישט אויסגעלאָזן קיין איין זאַך אויפן וועג, מען זאָל עס נישט באַרירן. יונגע גענדזלעך צעלויפן זיך, אונטערפליענדיק אַ ביסל מיט די קליינע פליגעלעך, דער גאַנער סאַפּעט, ספּאַרעט מיט די נאָזלעכער, אויסקרימענדיק דעם האַלדז, דאָס קעלבל דאָרט הייבט זיך אויף פונעם גראָז, שטעלט אויס אַ פּאָר אויגן, רוקט זיך אויף עטלעכע טריט אָפּ, וואַרפנדיק מיטן קאָפּ און אָנבייגנדיק דעם שטערן צו דער ערד, פאַרייסט דערנאָך דעם וויידל און אַוועק... אַוועק... חברה שפּיליעט זיך אָפּ, קנעפּלט זיך אָפּ נאָך גייענדיק, אין איילעניש, אַזוי, אַז צוקומענדיק צום ברעג טייך, פאַלט פון איטלעכן דאָס אָנטאָן פלוצעם אַראָפּ — און פון אין וואַסער אַריין בול-בול-בול!

צווישן מנחה און מעריב [2] איז חברה זיך צונויפגעקומען אויפן יאַריד אין בית-מדרש אין פּאָלעש [3] דאָרטן איטלעכער מיט זיין סחורה און מע האָט געהאַנדלט געשמאַק. איינער בייט אַ קרומען, אַלטן טשוואָק אויף אַ מעשענעם קנאָפּ אָן אַן אויערל, דער אַנדערער טוט אַ ווייז אַ ניסל, אַ סווישטש, און עס געפינען זיך דערויף צוויי שטאַרקע קונים. יענער מיט אַ גרינער פּאַטשערקע איז פאַרטיפט אין געשעפט מיט דעם חבר, וואָס באַרימט זיך מיט זיין נאָדל-טעשל און אַ צינערן אויער-לעפעלע. הערשעלע איז געווען דער שאַצער און געכאַפּט פון אויבן פאַר זיין מי. געוויינלעך, לאָזט זיך דער יאַריד אויס מיט אַ קריג: קיינער איז נישט צופרידן, איט-לעכער טענהט, ער האָט זיך מיאוס אָפּגענאַרט, עס האַלט שוין ביי פּאַטשן זיך. עפּעס אַ קונדעס מיט אַ פריש גענדזן גערגעלע טרומייטערט צו. אַ טאַראַראַם, אַ געפּילדער ביז דער שמש [4] לויפט אין איין כעס אַרויס מיט אַ היק:

— שקצים!

און חברה צעלויפט זיך, ווי די מייז, איטלעכער אין זיין ווינקעלע.

## ב.

קוים וואָס הערשעלע האָט דערלעבט טאָג איז ער געשווינד אויפגע-שטאַנען, אָפּגעגאָסן נעגל-וואַסער און געלאָפן אין בית-מדרש, אין דער גיך אָפּדאַווענען. אויסער דעם האָט ער טאַקע נאָך געהאַט עטלעכע נייטיקע

---

[2] צווישן מנחה און מעריב (מינכע-מײַרעוו) געמיינט: פאַרנאַכט.

[3] פּאָלעש — פּאַדערהויז.

[4] שמש (שאַמעס) — באַדינער אין שול, אין בעסמעדרעש.

געשעפטלעך, וועלכע ער האָט באַדאַרפט מיט זיינע חברים דאָרט אָפּאַר־בעטן. די חברים זענען אויך איצט באַצייטנס געקומען אין בית־מדרש אַריין, ווייל דער חודש אלול[5], ווי איטלעכן איז באַקאַנט, איז איבערהויפּט אַ צייט, ווען פאַר יינגלעך שטעלט זיך דער גרויסער יאַריד, און אַבי גע־זונט, מיט אַרבעט האָט מען נישט צו זאָרגן, געשעפטן זענען דאָ איבערן קאָפּ. מע באַדאַרף דערטאַפּן מיט קונצן דעם שופר[6] און זיך פּרוון בלאָזן הינטערווײלעכץ דאָרט אין דער ווייבער־שול, אויך באַדאַרף מען זיין אויפן הייליקן אָרט, אויפן פעלד, ס'איז דאָך דאָרטן עפּעס דאָ אַ בוים מיט ווילדע באַרעלעך. היינט איז דאָך אויף דער וועלט עפּעס אויך דאָ אַ וועלדל מיט ניס־ביימער, ערשט צייטיק געוואָרענע, מע מוז גיין רייסן, אָנשטאָפּן פולע פלודערן... געלויבט איז גאָט, וואָס אונטער אַזאַ צייט מיט אַזוי פיל וויכטיקע געשעפטן איז מען נאָך כאָטש פריי, פּטור פון לערנען.

אַ טאָג איז דענסטמאָל געווען זייער אַ שיינער, ווי עס גיט זיך אויס אַמאָל אין אלול, איינער פון די געשאָנקענע טעג. נאָך גאַנצפרי האָט פון איר געצעלט דאָרט ביים עק הימל אַרויסגעשיינט די זון מיט איר ליכטיק פּנים און, צעטרייבנדיק ביסלעכווייז דעם פריש קילבלעכן נעפל, זיך גע־שפּיגלט אין טוי־טראָפּנס, וואָס האָבן געפינקלט, געשפּילט אין אַלערליי קאָלירן, ווי די בריליאַנטן. די שאָטנס רוקן זיך טריט־ביי־טריט אַלץ צוריק, און וואָס וייטער, ווייטער, ווערט העלער, און העלער, פריילעך סווים־טשען די וואָראָבייטשיקעס, אונטערשפּרינגענדיק מיט די דינע פיסלעך אויף די דעכער, אויף די פּלויטן, דאָ — צונויפלויפן זיי זיך פּעקלעכווייז אינײנעם, עפּעס אַמפּערט מען זיך איבער אַ קערנדל, עפּעס שמועסט מען דאָ איבער זייער אַ וויכטיקער זאַך, און דאָ — צעלויפן זיי זיך אין באַזונ־דערע פּאָרלעך, טאַנצנדיק איטלעכער אַקעגן זיין באַשערטער, וויטען זיך, האַלדזן זיך, ליובען זיך, צאַפּלען, פלאַטערן מיט די פליגעלעך — און פּיק אין קעפּל. מעקענדיק לויפן ראַפּטאָם ציגן פון אַלע גאַסן אַהין, ווו עס פאַרקלייבט זיך די טשערעדע, פון דאָרט גייען זיי אויפן גאַנצן טאָג אַוועק אין פעלד אַריין. די פאַרשייטע ציגן, די שקאָצים, שפּרינגען רוישנדיק, פאַרריסן די ווײדעלעך, העט פאָרויס. די קי רירן זיך פּאַמעלעך מיט סטאַ־טעק, נישט געאײלט, צונייגנדיק מיט די קעפּלעך ווי פיינע באַלעבאָסטעס, רואיק, שטיל, נאָר עטלעכע פאַרדרייען אַהינטן די קעפּ און לאָזן אַרויס ווי פון אַ צעשפּאָלטענעם שופר אַ הייזעריקן, אַ קיאיש נאַרישן „מע“, גלאַט אַזוי זיך, אַ גרוס נאָר פריינדלעך דעם גאַנצן שטעטל יידן, אָדער אַ זיי־געזונט די פאַרבליבענע קעלבלעך. שאָקלענדיק זיך פון איין זייט

[5] אלול (עלעל) — הייסט ביי יידן דער חודש אויגוסט אָדער סעפּטעמבער, דאַן גייט מען באַזוכן די קברים.

[6] שופר (שויפער) — האָרן, וואָס פרומע יידן באַנוצן צו רעליגיעזע צוועקן.

אויף הער אַנדערער, פּירט דער גאַנער זיין גאַנץ געזינדל גענדזלעך, וואָס ערשט אַריין אין די פעדערן, בלאָזט פון זיך אַ שרעק, גאַגאָטשעט, שטרעקט דעם האַלדז, פאַרוואַרפנדיק מיטן קעפּל און לאָזט זיך מיט דער קאָמפּאַניע אַראָפּ אַהין צום וואַסער.

דער טאָג איז שיין, ליכטיק, ווי הערשעלען אויפן האַרצן. הערשעלע שפּיליעט אויף גייענדיק דאָס קאַפּאָטקעלע, שטרעקט אויס די הענט צו כאַפּן די לאַנגע שניי־ווייסע פעדעם, וואָס טראָגן זיך אַרום אין דער לופט, ווי דינע שפּינוועבס, פאַרקוקט זיך אויך אויף די טויבן, וואָס שוועבן, דרייען זיך העט אין דער הייך מיט אויסגעשפּרייטע פליגעלעך, ריין־קלאָר־גלאַנצנדיקע, גאָלד און זילבער — און ער האָט הנאה, ס'איז אים עפּעס גוט, גרינג אויף דער נשמה. ער פילט, אַז היינט איז ער גליקלעך. ער איז פריי. ס'איז יום־טובדיק גוט אַרום און אַרום.

### פראַגעס:

1. פאַרוואָס זענען די חברה אַזוי גליקלעך אין חודש אלול?
2. פרווו דערציילן, וואָס פאַר אַ ייִנגל איז הערשעלע?
3. ווי שילדערט מענדעלע דעם שפּעט־זומער? (לייען איבער).

### אויפגאַבע:

שרייב אויס די פאַרגלייכן אין דער דערציילונג.

י. ל. פּרץ

# ווען אַז אַלטער בוים האָט זיך צעלאַכט

**(אַן אלט-אינדיש מעשהלע)**

האָט איר, קינדער, אַמאָל געזען, ביימער זאָלן לאַכן? ניין!

קיין וווּנדער נישט, איך בין אַ ביסל עלטער פאַר אייך, און האָב עס אויך נישט געזען.

אָבער אַמאָל, אין די אַלטע, גרויע צייטן, ווען דער פאַבל [1] איז נאָך יונג און שטראַלנדיק געווען, פלעגן זיך טרעפן וווּנדערלעכע זאַכן. און אין אינדיען, וווּ די פאַבל איז געבוירן געוואָרן און איבער דער וועלט זיך צעשפּרייט, האָט אַמאָל אַ בוים געלאַכט.

און אָט דאָס מעשהלע „ווען אַ בוים האָט געלאַכט" וויל איך אייך פאַרציילן.

---

[1] פאַבל — מעשהלע, משל (מאָשל).

עס מאַכט נישט אויס, וואָס אין מעשהלע שפּילן אַ ראָלע גאָר אַנדערע: פישלעך גאָלדענע, אַ שטאָרך — אַ קלוגער גזלן, און אַ קראַב, וואָס איז קלוגער געווען פאַרן שטאָרך, און אים מיט די לאַנגע פיס אין זאַק אַריינ־גענאַרט, און וואָס דער אַלטער בוים האָט זיך גאָר איבער דער גאַנצער צייט אין דער זאַך נישט אַריינגעמישט, שווייגנדיק זיך צוגעקוקט און אַלץ געזען. און צעלאַכט האָט ער זיך ערשט צום סוף. ווען אַלץ איז שוין געשען, אָפּגעטון געוואָרן.

איר, ליבע יידישע קינדערלעך, האָט זיך געוויס אַליין אָנגעשטויסן, אַז געשען איז די זאַך אין — אינדיע.

און איר האָט געטראָפן.

אינעם אינדישן פּאַבל־לאַנד אין אַ שטילן לאַנד־ווינקעלע איז זיך דערמילט אַ טייכל געפלאָסן. אַ שטיל טייכל, אַ ריין־קרישטאָלנס, אויף אַ שמאָל, נישט זייער טיף געלעגער, מיט גאָלדענעם זאַמד אויסגעבעט, אונ־טער אַן אינדישן, שטילן בלויען הימל, צווישן צוויי ברעגעס, אויף וועלכע עס האָבן געוואַקסן די שענסטע וואַסער־ליליען — די הערלעכסטע לאָטאָס־בלומען.

און געלעבט, אין יענער אַלטער צייט, אין דעם טייכל, האָט אַ שטילע, קליינע פאַמיליע פישלעך גאָלדענע. און אויך אַ קראַב, אַ גרויסער אין אייזן פאַרפּאַנצערט, מיט צוויי שטאַרקע ריזיקע שערן באַוואָפנט, איז אין טייכל געווען. מיט אים האָבן זיך אָבער די גאָלדענע פישלעך נישט גע־חברט און אים מיט אָפּשיי שטענדיק דעם וועג אָפּגעטראָטן.

פון צייט צו צייט שפּילט מען זיך, גיט מען אַ שאָס אַרויף אינדער־הייך. עטלעכע גליטש איבערן גלאַנציקן שטראַליקן וואַסער־שפּיגעלע, אַ קוק אין בלויען לייטזעליקן הימל אַריין — און צוריק צו דער משפּחה.

גאָר נאָענט צום טייכל, באַלד הינטער די וואַסער־ליליען — די לאָטאָס־בלומען, איז אַ זומפּיק שטיק לאַנד געלעגן, און אין מיטן זומפּ איז דער אַלטער בוים, וואָס מישט זיך נישט און צעלאַכט זיך ערשט צום סוף, גע־שטאַנען. איינער אַליין אין מיטן זומפּיקן שטיקל לאַנד. אויף אים האָט זיך אַ שטאָרך זיין נעסט געבויט; אין נעסט זיך אויפגעהאַלטן ביינאַכט. ביי־טאָג פלעגט דער שטאָרך אַרומגיין אויף זיינע לאַנגע שטאַרקע פיס איבערן זומפּ, אויסקוקן מיט זיינע ברוין־רויטלעכע אייגעלעך חיונה[2] אין זומפּ: די ווערעמלעך, וואָס ער האָט אַזוי ליב אויסגעקוקט, דערזען — דעם לאַנגן קופּערנעם שנאָבל אַ שטעק אַריין — נישטאָ. געכאַפּט און געשלונגען, איינס, צוויי, דריי און אַזוי ווייטער, ביז ער איז זאַט און איבערזאַט גע־וואָרן. און, די ליבע שפּייז צו פאַרדייען זיך אויף איין פוס געשטעלט, די ברוין־רויטע אייגעלעך באַלד צוגעשלאָסן...

---

[2] חיונה (כאַיונע) — שפּייז.

דערנאָך פלעגט ער זיך ברייטלעך שפּאַצירן איבערן זומפּ. מעשה־באַלעבאָס נאָך אַ גוטן מאָלצייט, טיילמאָל פאַר ווילטאָג מיטן שנאָבל צוקלאַפּן, אַמאָל נאָך אויף די לאַנגע שטאַרקע פיס אַ טענצל זיך לאָזן, מיט די אַש־גרויע שטאַרקע פליגל צוקלאַפּנדיק, אָדער נאָך גאָר מעשה־קונדעס, מיט די שטאַרקע פיס שטיינדלעך פון זומפּ אַרויסבאַקומען און אין דער לופט אַריין שליידערן.

פון דעם אַלעם אָבער האָבן די פישלעך נישט געוווּסט, דאָס אַלץ האָבן די לאָטאָס־בלומען פאַר זיי פאַרשטעלט...

און האָט זיך אַמאָל געטראָפן, און אַ שטיינדל, פון שטאָרך געשליידערט, איז צו זיי אין טייכל אַריינגעפאַלן, זענען די גאָלדענע פישלעך זיכער געווען, אַז דאָס איז זיי עפּעס פון בלויען, הויכן הימל אַראָפּגעפאַלן. האָבן זיך פריער די גאָלדענע פישלעך דערשראָקן. יינגערע זענען זיך איבערן טייכל צעלאָפן, פייל פון בויגן, עלטערע זענען טיף אַראָפּ און פאַרשרעק זיך האַלב אין זאַמד איינגעגראָבן. און אַז מע האָט זיך באַרואיקט, איז מען צוריק פון באַהעלטעניש אין זאַמד אַרויס, פון די זייטן — צוגעשווּומען, באַקוקט, באַטראַכט, קיין בייז! האָט מען נאָך אָנגעהויבן אַרום שטיינדל אַרומטאַנצן, אַרומשווימען, מיט די עקלעך אין שטיינדל צו קלאַפּן, וואָס הייסט — מאַכן פיש־מוזיק.

און אַזוי איז געווען לאַנג, לאַנג, ביז עס איז אויף די גאָלדענע פישלעך אַ שלעכטע צייט געקומען און אויף זייער פרעמדן שכן — דעם קראַב — אויך, און אויפן שטאָרך וואָס אויפן זומפּ, אויפן גאַנצן ווינקל אין לאַנד.

אין דער געגנט זענען גרויסע היצן געוואָרן. וואָס אַ טאָג — הייסער, וואָס עס שיינט אויף די זון — אַלץ ברענענדיקער, און דאָס טייכל טריקנט איין.

וואָס וועלן די גאָלדענע פישלעך טאָן? זייער שפּייז איז אין וואַסער, זייער אָטעם — אין וואַסער! שווימען זיי אַרום אין פאַלנדיקן טייכל, אָן קעפּ, דערשראָקן, מיט יעדער שעה פאַרצווייפלטער.

פון צייט צו צייט שווימט אַרויף אַ פיש פון דער אומגליקלעכער פאַמיליע אויפן וואַסער־שפּיגל אַרויף, צו זען, צי ווייזט זיך נישט ערגעץ אין הימל אַ צייכן פון אַ וואָלקן, אַן אָנזאָג אויף אַ רעגן... צי הייבן זיך נאָך די ברעגעס, צי איז נאָך אַלץ די זון אַזוי ברענענדיק־דאַרשטיק?

און דעמלט ערשט זענען די גאָלדענע פישלעך געוווּיר געוואָרן פונעם שטאָרך.

איינמאָל האָט אַן אַרויפגעשיקט פיש זיך אויפן וואַסער־שפּיגעלע לענגער פאַרווײַלט, צוריק איז עס אַראָפּ שיער נישט האַלב־געבראָטן, און פאַרציילט אַ וואונדערלעכע זאַך, פון וועלכער זיינע אויגן, וואָס האָבן עס צום ערשטן מאָל געזען, האָבן זיך נישט געקאָנט אָפּרייסן...

נעמלעך: אַ וווּנדערלעכע חיה געזען. ביים ברעג, איבערן טייכל גע־בויגן איז זי געשטאַנען, און אויף איין פוס, פאַרטראַכט, די אויגן האַלב צוגעמאַכט... מיט די גרויסע אַש־גרויע פליגלען קיין ריר נישט געטאָן, וואָס קאָן עס זיין?

דאָס זעלבע האָט געזען אַן אַנדער פישל צומאָרגנס, אַ דריטס — אויפן דריטן טאָג... און דאָס וווּנדער וואַקסט: די פליגלען, זאָגט מען, זענען שטאַרקער, לענגער און ברייטער ווי ביי אַן אָדלער, און קוקן קוקט ער אַלץ מיט האַלב פאַרמאַכטע אויגן אין וואַסער אַריין...

איז געבליבן, עס זאָל אַמאָל אַרויפשווימען אַן עלטערער, קליגערער פיש און רעדן מיט דער וווּנדערלעכער חיה. אפשר וועט פון איר קומען אַ הילף. די חיה שטייט אויף איין פוס, מוז זי זיין אַ פרומע און האָט אַ נדר [3] געטאָן פאַר גאָט אויף איין פוס צו שטיין... און זי טראַכט אַלץ און טראַכט, און טראַכט שוין אַזוי לאַנג, מוז זי שוין זיין קלוג, זייער קלוג — אפשר וועט זי די אָרעמע פישלעך אַן עצה, אַ ראַט, געבן, אין היציקן אומ־גליק, וואָס האָט זיי געטראָפן...

און אַזוי איז געווען. אַן עלטערער פיש איז אַרויפגעשווומען:

— גרויס, מעכטיק טיר [4], דערלויב אין דיין גענאַד אַן אָרעמען גאָלד־פיש דיר עפּעס צו פרעגן! — שרייט צום ברעג אַרויף דער פיש.

און פון דער הייך קומט דער ענטפער:

— פרעג!

פאַרציטערט פון גרויס פרייד און גליק, פרעגט דער פיש:

— צוליב וואָס, גרויסטיר, שטייסטו אויף איין פוס?...

— צוליב אייך! — פאַלט אַראָפּ פון קופּערנעם שנאָבל אַן ענטפער.

און ער פאַרטייטשט:

אין מיטן פעלד שטייט אַן איינזאַמער בוים, ווו זיין הויז שטייט, ווו ער וווינט. פון טייך אַרויס זעט מען נישט דעם בוים, אָבער פון בוים אַראָפּ זעט מען דעם טייך, און ווייל ער איז קלאָר און דורכזיכטיק — אויך זיינע איינוווינער. און ער האָט זיי אין זייער פּיין געזען און זיך צום האַרצן גע־נומען און אַ נדר געטאָן, אַזוי לאַנג ווי ס'וועט זיך קיין וואָלקן נישט באַ־ווייזן, וועט ער שטיין אויף איין פוס!

— און וואָס טראַכסטו אַזוי באַשטענדיק, דו באַרמהאַרציקע גרויס־חיה?

— אויך וועגן אייך! איך טראַכט אַ רעטונג פאַר אייך!

— און וואָס האָסטו אויסגעטראַכט, קלוג און באַרמהאַרציק גרויס־טיר?...

---

3 אַ נדר (ניידער)־טאָן — זיך פאַרפליכטן.

4 טיר (פון דייטש) — אַ חיה (כאַיע).

— דערטראַכט האָב איך מיך דערצו, אַז איר וועט מוזן וואַנדערן...

— מיר — וואַנדערן?

— אין אַן אַנדער, גרעסער וואַסער אַריין! אין אַ וואַסער, וואָס ליגט אין שאָטן פון הויכע ביימער אין וואַלד, און די זון קאָן צו אים נישט צו־קומען, פון וואַסער נישט טרינקען.

— מיר האָבן אָבער קיין פיס נישט און קאָנען אויף דער טריקעניש נישט גיין!

— איך בין גרייט — ענטפערט דער שטאָרך — אייך אַריבערצו־טראָגן, איינציקווייז — גרויסע, קליינע — צו צוויי און דריי פאַראַמאָל אין מיין שנאָבל.

— מיר וועלן אָבער שטאַרבן אין דער טרוקענער, הייסער לופט!

— ניין, גרויס און מעכטיק זענען מיינע פליגלען, ביסלעכווייז וועל איך אייך שנעל, ווי דער בליץ, אַריבערטראָגן, און איר וועט אין גרויסן וואַסער אַריין, נאָך איידער אייערע שופּן און פלוס־פעדערן וועלן זיך אָפּ־טריקענען!

— גיי און זאָג די צעשראָקענע פיש די בשורה אָן. און זאָג זיי אַזוי: זאָלן זיי אויסקלייבן איינעם אַ פיש, זאָל ער אַרויפשווימען, אונטערשפּרינ־גען. איך וועל אים מיטן שנאָבל אויפכאַפּן, אַהין און צוריק מיט אים פליען, און זאָל ער דערציילן, וואָס ער האָט געזען, און וואָס איך קאָן!

און איינער, אַן אויסגעקליבענער, גראָד אַן אַלטער, האַלב בלינדער פיש האָט אַ שפּרונג געטאָן. דער שטאָרך האָט אים מיטן שנאָבל אונטער־געכאַפּט, מיט אים אַוועקגעפלויגן און באַלד צוריק געקומען. און דער פיש פאַרציילט:

— פאַראַן אַ וואַלד, און אין וואַלד אַ טייך, אַ גרויסער טייך, און די רייזע דויערט נישט לאַנג. און אין שנאָבל איז נישט אַזוי טרוקן.

און עס האָט זיך באַלד אָנגעהויבן דאָס איבערטראָגן... עלטערע — איינציקווייז, יינגערע — צו פּאָרן, גאָר קליינע — צו דריי, פיר מיטאַמאָל...

דער איינזאַמער קראַב האָט זיך צו דעם צוגעקוקט, און נישט גע־ווּסט, וואָס וועגן דעם צו קלערן. ער האָט דעם שטאָרך נישט געגלייבט.

און מע האָט דעם שטאָרך נישט געדאַרפט גלייבן...

ער האָט זיי געטראָגן אין דער ריכטונג צום וואַלד, צום טייך, דער־טראָגן זיי האָט ער אָבער נאָר צום איינזאַמען בוים, וואָס איז אין מיטן זומפּ געשטאַנען, ווו זיין נעסט, זיין היים איז געווען... דעם געטראָגענעם פיש פון שנאָבל אויף אַ צווייג אַרויסגעלאָזט, מיטן שנאָבל דורכגעשטאָכן און געזעצט זיך עסן... דאָס פלייש האָט ער אויפגעגעסן, און די פיש־ביינד־לעך האָט ער צו די פיס פון בוים געוואָרפן... ביז דעם לעצטן פיש...

און דעמלט ערשט, אַז ער איז אויפסניי הונגעריק און פאַר הונגער בּאַגער און דאַר געוואָרן, האָט ער זיך דערמאָנט, אַז ער האָט אויך אין טייך אַ קראַב געזען.

— זאָל זיין — טראַכט ער — אַ קראַב... אַ האַרטע הויט האָט ער, וועל איך זי אָפּשיילן.

איילט ער אויף די לאַנגע פיס צום טייכל צו און רופט:

— קראַב, קראַב!

באַווייזט זיך דער נישט גלויביקער קראַב.

— פאַרציי, וואָס איך האָב אין דיר פאַרגעסן, ביסט אויך אַ לעבעדיק באַשעפעניש, און איך וויל דיך איצט ראַטעווען.

— וויאַזוי?

— אַריבערטראָגן...

— אין וואָס?

— אין מיין שנאָבל, ווי יענע.

— ניין, — ענטפערט דער קראַב געלאַסן — קליין און לייכט זענען גאָלדענע פישלעך, איך בין גרויס און שווער, און אַ שווערן פאַנצער טראָג איך. מיך וועסטו אַזוי נישט דערטראָגן. מיך וועסטו אויפן וועג אַראָפּלאָזן, און דאָס וועט זיין מיין זיכערער טויט, איך דאַנק דיר!

און דער קראַב זאָגט נאָך אַ קורצער ווײַלע:

— אויב דו ביסט ווירקלעך אַזוי גרויסמוטיק, אַזוי באַרעמהאַרציק, נישט נאָר פאַר בליצלענדיקע פישלעך גאָלדענע, נאָר אויך פאַר אַ קראַב אַ שוואַרצן, דערלויב מיר, דיך מיט מיין שער אָנצונעמען ביים לאַנגן האַלדז און אַזוי טראָג מיך צום טייך.

— גוט! — מוז דער שטאָרך איינגיין, און ער פליט מיט אים...

אין דער הייך דערזעט באַלד דער קראַב דעם בוים און די הויפנס ביינדלעך אַרום בוים, הייסט עס, אַז נישט אומזיסט חושד[5] געווען דעם שטאָרך, אַז ער איז אַ גזלן; און ווי דער שטאָרך וויל פאַרקערעווען צום בוים צו, גיט ער אַ נעם צוזאַמען די שער.

— וואָס צופּסטו מיך? — פרעגט דער שטאָרך.

— איך וויל דיר זאָגן, אַז דו ביסט אַראָפּ פון וועג, נישט צום טייך פליסטו מיט מיר...

— איך פלי צום בוים, צו מיין היים, דאָרט וועסטו אַ ווײַלע זיין מיין ליבער גאַסט...

— ציט דער קראַב די שער נאָך ענגער צוזאַמען.

---

[5] חושד (כוישעד) זיין — האָבן אַ פאַרדאַכט, פאַרדעכטיקן.



— איך וויל אַצינד נישט זיין דיין גאַסט. פריער צום טייך... דערנאָך, אָפּגעפרישט, וועל איך צו דיר שוין קומען...

— ניין, פריער צום בוים!

ווערט די שער נאָך ענגער, שניידט זיך אַריין אין האַלדז...

— לאָז זיין, ווי דו ווילסט, — שרייט דער שטאָרך — דו אומדאַנקבארער, נאָר מאַך לויז די שער...

מאַכט ער, דער קראַב, עטוואָס לויזער די שער. דער שטאָרך זעט, אַז ס'איז שלעכט, און וויל זיך שוין פונעם קראַב און זיין שער באַפרייען, און גיט מיט אים אַ פלי, גלייך צום וואַסער צו, פליט שוין איבערן וואַסער...

— אַצינד לאָז אָפּ, וואַרף זיך אין וואַסער אַריין...

אָבער איידער דער קראַב האָט עס געטאָן, האָט ער דעם גזלן מיט דער שער דעם האַלדז איבערגעשניטן...

און דעמלט האָט דער אַלטער בוים, וואָס האָט אַלץ שווייגנדיק געזען און זיך נישט אַריינגעמישט, זיך האַרציק צעלאַכט!

## פראַגעס און אויפגאַבעס:

1. פאַרוואָס האָט דער בוים זיך צעלאַכט? ווי וואָלסטו באַצייכנט דעם זין פון אָט דעם מעשהלע?
2. ווי וואָלסטו אָנגערופן אַזאַ האַנדלונג, ווי דעם שטאָרכס אין באַצוג צו די גאָלדענע פישלעך? (פאַר וועמען האָט ער זיך פאַרגעשטעלט, און וואָס האָט ער אויף אַן אמת געטאָן?).
3. פרווו, שטיצנדיק זיך אויף פאַקטן פון לעבן, צי פון געלייענטע ביכלעך, ברענגען ביישפּילן פון פאַלשער פריינדשאַפט, ווו דאָס וואָרט און דער טאַט גייען נישט צוזאַמען...

לייב קוויטקאָ

# איינער זאָגט אויפן צווייטן

לויפט דאָס קעצל
פונעם קיכל,
ווישט די אויגן
מיט אַ טיכל.

ווישט אַן אייגל —
וויינט דאָס צווייטע,
ווישט זי ביידע —
וויינט די נאָז.

— וואָס זשע וויינסטו אַזוי,
וואָס?
— הינטל־פּינטל
נאַשט אַן שיר,
און מע זאָגט אויף מיר...

און דאָס הינטל,
אָן אַ וואָרט,
לויפט צום קוסט
און לייגט זיך דאָרט.

דראַפּען צווייגלעך
אים אין קאָפּ, —
די, וואָס דראַפּען,
בייסט ער אָפּ.

ביז ער קוקט פון דאָרט
אין הויף.
ביז צום פענצטער
קוקט אַרויף.

— וואָס זשע קוקסטו אַזוי,
וואָס? —
ענטפערט הינטל
מיט פאַרדראָס:
— קעצל-געצל
נאַשט אָן שיר,
און מע זאָגט אויף מיר...

זאָגט די טאָכטער
צו דער מוטער:
— שטעל אין קעמערל
די פוטער.
און דאָס שלעסעלע
טו אָן.
האָט די מוטער
דאָס געטאָן.

קאַץ און הינטל,
ווי צעמישטע —
איינס דאָס צווייטס
די טרערן ווישט מען.
וואָס זשע ווײנט איר ווידער,
וואָס?

— ס'איז אונדז, אוי,
אַזאַ פאַרדראָס:
ס'ליגט די פוטער
אינעם קעסל,

אינעם קאַמער
אויף אַ שלעסל,
ווײ...

זאָגט די טאָכטער
צו דער מוטער:
— זעסט שוין, ווער
סע נאַשט די פּוטער? —
ביידע זיי.

פּ. ריזשאָוו

# די פאַרשווערונג פון די פייקלעך

(אַן אמתע געשיכטע)

דאָס איז געשען אין פּאַריז אין יאָר 1871 אין די טעג פון דער פּאַריזער קאָמונע.

מיט גרויס געהילך האָבן זיך איבער דער פאַרפעסטיקטער פּאָזיציע פּאָרט-מאַליאָ צעריסן איינע נאָך דער אַנדערער דריי גראַנאַטן, געשליידערטע דורך די ווערסאַלטשיקעס [1].

ווען דער רויך האָט זיך פאַנאַנדערגעשפּרייט, האָבן די קאָמונאַרן דערזען זעקס קליינע יאַטלעך, וועלכע האָבן זיך געהאַלטן פאַר די הענט און געטאַנצט די קאַרמאַניאָלע [2].

— אַוועק, שנעקעס! — האָט אַ געשריי געטון דאָס פעטערל גאַוואָ. — באַהאַלט זיך שנעלער הינטערן ברוסטווער [3]. צי ווילט איר קריגן פייערדיקע ניסלעך?...

— אָהאָ, פעטערל גאַוואָ! זייערע בלייענע ניסלעך טרעפן געוויינלעך

[1] ווערסאַלטשיקעס, ווערסאַלצעס — די זעלנער, וואָס האָבן געקעמפט קעגן דעם רעוואָלוציאָנערן פּאַריז, בראש (בעראָש) פון וועלכן עס זענען געשטאַנען די קאָמונאַרן, די פאָלקס-קעמפער, וואָס האָבן די ערשטע אין דער געשיכטע געוואָלט איינשטעלן אַ גערעכטע אָרדענונג אין לאַנד, די מאַכט פון די אַרבעטער קעגן די רייכע אויסנוצער.
[2] קאַרמאַניאָלע — אַ טאַנץ-באַגלייט דורכן געזאַנג פון אַ רעוואָלוציאָנער-ליד.
[3] ברוסטווער — אַן ערד-אָנשיט אויף דער אויסערלעכער זייט פון גרובן, וועלכער שיצט די שיסער פון די פיינטלעכע קוילן.

אין עמעצן פון די גרויסע, — האָט געענטפערט דער קליינער וויקסאַוויער.

אין דעם אויגנבליק האָט אויפגעריסן דער פערטער גראַנאַט.

— אַ טראָג־בעטל!... האָט עמעץ אַ געשריי געטאָן.

פיר יאַטלעך האָבן זיך אַ לאָז געטון מיטן טראָג־בעטל צום פאַרוווּנ־דעטן, אַרויפגעלייגט אים מיט דער הילף פון קאָמונאַרן און אַוועקגעטראָגן אין סאַניטאַרן־פונקט.

די אַכטיאָריקע פאַל און זשאַן האָבן אָפּגעטראָגן אין אַ זייט דאָס פאַר־בלוטיקטע היטל און די ביקס.

די גראַנאַטן זענען אַלץ עפּטער געפאַלן, און אַלץ עפּטער האָט זיך געהערט אַן אויפגערודערטער געשריי: „דאָס טראָג־בעטל!“.

— זיי גרייטן אַן אָנגריף, קאָמאַנדיר.

— יאָ, אַזוי זעט עס אויס, בירגער גאַוואַ. און איך האָב שוין גע־שיקט בענאָן אין שטאַב אַריין צו בעטן פאַרשטאַרקונגען... אָט גייט ער טאַקע. אַהער, פעטער בענאָ! נו, וואָס האָט געזאָגט דער קאָמאַנדיר? — מירן קריגן פאַרשטאַרקונגען?

— דער באַפעל איז איינער — שטעלן אַ ווידערשטאַנד.

— נאָר אונדז זענען דאָך נייטיק האַרמאַטן, ווו זענען די האַרמאַטן?

— נישטאָ קיין האַרמאַטן, קאָמאַנדיר, מע האָט זיי געשיקט אויף אַן אַנדער אָרט.

— איר האָט זיי כאָטש דערציילט, אַז מיר פאַרמאָגן בלויז איין האַר־מאַט און נישט מער ווי צוואַנציק האַרמאַטן־קוילן?

— דערציילט, קאָמאַנדיר. נאָר די קוילן, וואָס זיי האָבן, פּאַסן נישט פאַר אונדזער האַרמאַט.

עס איז געקומען אַן אַרטילעריסט און געמאָלדן:

— עס וועט זיין אַ ביטערע שלאַכט. עס קאָן דאָך נישט אונדזער איינציק האַרמאַטל זיך אַנטקעגנשטעלן אַ גאַנצער באַטעריע פון שונא.

דער קאָמאַנדיר האָט זיך אויפגעהויבן און אַ קוק געטאָן פון הינטער דעם ברוסטוווער.

פון וווייטנס אויפן פעלד איז געווען צו זען ווי די ווערסאַלער שטעלן זיך אויס אין שטורעם־קאָלאָנעס.

— מיר וועלן אָפּטרעטן צום היגל הינטער אונדזער באַפעסטיקונג — האָט געזאָגט דער קאָמאַנדיר.

פּופּצן מאַן האָבן אַ שלעפּ געטאָן דאָס האַרמאַטל אויף דער נייער פּאָ־זיציע. די יינגלעך האָבן איבערגעטראָגן די האַרמאַטן־קוילן. דער קאָמאַנ־דיר האָט אויף זיי מיט ליבע אַ קוק געטאָן.

— אַזוי לאַנג, ווי עס זענען פאַראַן אַזעלכע קינדער אין פּאַריז, איז נישטאָ וואָס מורא צו האָבן פאַר די ווערסאַלצעס, — האָט ער געזאָגט.

דאָס האַרמאַטל האָט פון דער נייער פּאָזיציע מיט זעלטענע שאָסן

צוגעדעקט דאָס אָפּטרעטן פון די קאָמונאַרן. זיי זענען אָפּגעטראָטן, געפאַלן אויף די קני, געשאָסן און ווידער אָפּגעטראָטן אין דער ריכטונג פון היגל.

— און דאָס אַלץ וועט אויסקומען איבערצולאָזן. — האָט געזאָגט דאָס פעטערל גאַוואָ, אָנווייזנדיק אויף די שפּייז-זאַפּאַסן און אויף אַ פול פורל מיט ביקסן. — און פעגאַס איז אויך דאָרט פאַרבליבן.

פעגאַס — דאָס פערד פון פולק — איז געשטאַנען ביים פורל און געציטערט ביים געהילך פון דער שיסעריי.

פלוצעם איז פון די רייען פון די אָפּטרעטנדיקע קאָמונאַרן אַרויסגעשפּרונגען אַ פיגורל פון א קליין יינגעלע מיט אַ גרויסער ביקס אין די הענט און זיך געלאָזט הענדום-פענדום צו דעם פאַרלאָזענעם באַפעסטיקטן אָרט.

— שטיי!... שטיי!... טיעבאָ, קער זיך אום!...

דאָס יאַטל האָט נישט געענטפערט, איז געלאָפן אויף דער גאַנצער פאַרע.

— וואָס טוסטו?... מען וועט דיך דאָך טייטן! — האָט מען געשריגן צו אים.

טיעבאָ האָט נישט געהערט, זיך געלאָזט פון היגל און איז געלאָפן צום פורל מיט געווער. אין איין אויגנבליק איז שוין פעגאַס געווען איינגעשפּאַנט. טיעבאָ איז אַריינגעשפּרונגען אין פורל, ווען איבערן ברוסטווער האָבן זיך באַוויזן די קעפּ פון צוויי ווערסאַלצעס. ער האָט, נישט צילנדיק, אויסגעשאָסן פון ביקס און אַ טרייב געטאָן דאָס פערד אין דער ריכטונג צום היגל, ווו ס'האָבן זיך געפונען די קאָמונאַרן. די חברים זיינע זענען אים געלאָפן אַנטקעגן, גלייך איבערגעקערט דאָס פורל, מיט געבראַזג אויסגעשאָטן דאָס געווער, נאַכהער ווידער אַוועקגעשטעלט דאָס פורל. פיר יאַטן זענען אין דעם אַריינגעשפּרונגען און ווידער געטריבן פעגאַסן נאָך דער רעשט פאַרמעגן, וואָס איז דאָרט פאַרבליבן. די געשרייען פון די דערוואַקסענע האָבן נישט געקאָנט אָפּהאַלטן די קינדער. דאַן האָט איינער פון די קאָמונאַרן אָנגעהויבן זיך צילן אין פערד.

— וואָס טוסטו, וואָס? — האָט אים אָנגעכאַפּט ביים אַרבל דער קאָמאַנדיר.

— איך וועל טייטן דאָס פערד, און זיי וועלן זיך אומקערן.

עטלעכע סעקונדעס האָט ער זיך געצילט און נאַכהער אַראָפּגעלאָזט די ביקס: ס'איז אוממעגלעך פון הינטן צו טרעפן אין פערד, נישט אָנרירנדיק עמעצן פון די יינגלעך, וואָס געפינען זיך אין פורל.

נאָר דאָס מאָל איז דער דרייסטער פלאַן נישט געלונגען. די ווערסאַלצעס האָבן פאַרנומען די באַפעסטיקטע פאָזיציע און אַרומגערינגלט די יינגלעך. די קאָמונאַרן האָבן געזען, ווי טיעבאָ האָט געקעמפט, ווי ס'האָט

זיך מיט אַ שווערד פֿאַרטיידיקט וויקסאַוויער, ווי ס'איז אַן אונטערגעשאָ־סענער געפֿאַלן פֿעגאַס און צוגעדעקט אונטער זיך פּיערן.

צוזען, ווי עס כאַפּט דער שונא זייערע קליינע פֿריינד, און נישט קומען צוהילף, איז נישט געווען דער שטייגער פֿון די קאַמונאַרן. עס האָבן זיך דערהערט הויכע פֿאָדערונגען צו גיין אין אַ קעגנאָנגריף. אָט די פֿאָדע־רונגען זענען אַריבער אין אַ מעכטיק געשריי, ווען עס זענען אונטערגעקומען פֿאַרשטאַרקונגען. ווי אַ באַרג־אָפּרייס האָבן זיך פֿון היגל אַ וואָרף געטאָן די קאָמונאַרן אויף דעם שונא און אים אָפּגעטריבן. די ווערסאַלצעס זענען אָפּגעטראָטן און אַוועקגעשלעפּט מיט זיך די פֿיר קליינע קאָמונאַרן.

* *
*

אויפֿצומאָרגנס האָט מען די יינגלעך געבראַכט אויף אַ פֿאַרהער. ביים טיש איז געזעסן אַ דיקער גענעראַל, אַ קאַפּיטאַן און נאָך עטלעכע מענטשן.

— באַשולדיקטער, ווי רופֿט מען אייך?

— טיעבאָ.

— וויפֿל יאָר האָט איר?

— פֿערצן.

— איר ווערט באַשולדיקט אין דעם, אַז איר האָט זיך באַטייליקט אין די פֿאַרברעכנס פֿון דער קאָמונע. ס'אַן אמת, וואָס?

— אָ, מיר האָבן אייך פּעסט דערלאַנגט!

— דער באַשולדיקטער איז זיך מודה אין דעם פֿאַרברעכן.

— דער ווייטערדיקער... באַשולדיקטער, ווי רופֿט מען אייך?

— וויקסאַוויער, דרייצן יאָר אַלט, — דערהערט זיך אַ ציטערנדיק שטימעלע.

—פֿאַרוואָס זענט איר אַוועק אַלס „דערצויגלינג פֿון דער קאָמונע“?

— מע האָט דאָרט פֿאַר מיר געזאָרגט. איך בין אַ יתום.

— מע האָט דיך געכאַפּט אין שלאַכט?

— יאָ... מיר גיבן זיך אָן שלאַכט נישט אונטער!

— דער באַשולדיקטער איז זיך מודה אין דעם פֿאַרברעכן.

דער ווייטערדיקער...

— נאָמען?

— ווינטאַינפעלד!

עס כאָכאָטשעט דער גענעראַל, עס כאָכאָטשען די זעלנער, עס שמייכ־לען די געפֿאַנגענע.

— וואָס האָסטו געטאָן אין דער באַפֿעסטיקונג?

— מיר האָבן געממיתט די ווערסאַלצעס, — האָט מרוגענדיק מיט די אויגן געענטפערט ווינטאינפעלד.

ווידער אַ געלעכטער.

— גוט, בראַווע יונגען. — זאָגט דער גענעראַל. — האַלטן זיך פאַר אויפטוער. קאַפּיטאַן — איך לייג פאַר אַלע פיר צו דערשיסן.

דער געלעכטער הערט אויף. אפילו די ווערסאַלצעס ווערן אַנגעכמורעט און קאָנען זיך קיין אָרט נישט געפינען.

— ניין... דאָס מאָל וועל איך זיין באַרמהאַרציקער, — האָט געענטפערט דער קאַפּיטאַן — איך לייג פאָר זיי גוט אָנשמייסן און זיי איבערשיקן אין מיין פולק אַלס פייקלער. מיין לואי האָט מען נעכטן דערשאָסן.

— אויב זיי וועלן אייך צוגויץ קומען, קאַפּיטאַן, האָב איך, פאַרשטייט זיך, גאָרנישט דאַקעגן. נאָר אָפּשמייסן דאַרף מען זיי פעסט, — האָט דערמאָנט דער גענעראַל.

אויף אַזאַ אופן איז באַשטימט געוואָרן דער גורל פון די פיר געפאַנגענע.

* *
*

עס זענען פאַרביי צוויי וואָכן. די יינגלעך זענען געזעסן אין פאַרק אויפן גראָז. אַלע פיר זענען געווען אָנגעטאָן אין מונדירן פון צוועלפטן פוסגייער-פולק. ביי יעדערן פון זיי איז אונטער דעם ברייטן לעדערנעם רימען מיטן האַטשיק פאַר דער פויק געווען פאַררוקט די שטעקעלעך.

— און אונדזער באַפעסטיקונג האַלט זיך נאָך, וויסטו? — האָט שעפּטשענדיק זיך אָפּגערופן וויקסאַוויער.

— ווער האָט דיר געזאָגט? — האָט גיך אַ פרעג געטאָן פיער.

— איך האָב נעכטן געהערט, ווי צוויי גענעראַלן האָבן גערעדט. איינער זאָגט: „מע דאַרף די באַפעסטיקונג נעמען פאַר יעדן פּרייז"... און דער צווייטער ענטפערט אים: „מיר שלאָגן זיך שוין אַ גאַנצע וואָך. און עס קומט גאָרנישט אַרויס".

— מיר האָבן געדאַרפט פאַלגן דעם קאָמאַנדיר און פעטערל גאַוואָ, — האָט מיט אַ זיפץ אַ זאָג געטאָן טיעבאָ.

פיער האָט אים אַ צי געטאָן פאַרן אַרבל. די קליינע פייקלער זענען אויפגעשפרונגען און זיך אויסגעצויגן אויף אַכטונג. דער קאַפּיטאַן איז צוגעגאַנגען און זיך אַוועקגעזעצט אויף אַ באַנק.

— איר זענט פון מיין פולק?

— יאָ, הער קאַפּיטאַן! — האָבן אַלע פיר ווי איין מאַן געענטפערט.

— אָט דו, — האָט דער קאַפּיטאַן געוויזן מיטן פינגער אויף טיעבאָן — טו אַ לויף און רוף אַהער די הערן אָפיצירן!

טיעבאָ האָט סאַלוטירט און איז אַוועקגעלאָפן.

דער קאַפּיטאַן איז געווען גוט אויפגעלייגט און האָט אָנגעהויבן צו שמועסן:

— איז ווער זענט איר עס אַזעלכע?

— פּייקלער, — האָט שטיל געענטפערט וויקסאַווער.

— און אויף וואָס פּייקלט איר?

— אויף בראָט־פאַנען, — האָט געענטפערט דער שטיפערישער ווינט־אינפעלד.

דער קאַפּיטאַן האָט זיך צעלאַכט.

עס זענען אונטערגעקומען די אָפיצירן.

— מיינע הערן, — האָט געמאָלדן דער קאַפּיטאַן — עס איז דער־האַלטן געוואָרן אַ באַפעל, אַ שטרענג געהיימער. ביינאַכט גייען מיר אין אַטאַקע. עס איז נייטיק אָנצופאַלן אומגעריכט און פאַרכאַפּן די באַפעסטי־קונג פאַרט־מאַליאַ. אַלע זעלנער זאָלן סיי דאָס געווער און סיי די פיס איינ־ווּיקלען אין שמאַטעס. רייכערן און רעדן איז פאַרווערט. מיר וועלן זיי פאַר־כאַפּן שלאָפנדיק, ווי די פליגן. און איצט קאָנט איר זיך גיין און ווייטער פאַר־ווייַלן.

דער קאַפּיטאַן איז אַוועק מיט די אָפיצירן.

— איר האָט געהערט? — האָט געפרעגט טיעבאָ. — דאָס האָבן זיי געערדט וועגן אונדזער באַפעסטיקונג. אונדזער באַטאַליאָן ווילן זיי ביי־נאַכט פאַרכאַפּן, ווען זיי וועלן שלאָפן!

— מע וואָלט זיי באַדאַרפט וואָרענען, — האָט אומעטיק אַ זאָג גע־טון פּיער.

— אוממעגלעך, — האָט אַ שעפּטשע געטאָן וויקסאַווער.

„מע וועט אונדז אַוועקפירן אין אָנגריף און פאַר אונדזערע אויגן וועט מען אויסמאָרדן אונדזערע חברים...“. אָט דער געדאַנק האָט פאַרשטשע־מעט די יונגע הערצער.

*   *

*

ס׳איז צוגעפאַלן די נאַכט. ס׳איז שטיל אין דעם באַלאַגערטן פּאַריז. עס שלאָפן די פאַרטיידיקער. דער קאָמונאַר אויף דער וואַך האָט אויך נישט אויסגעהאַלטן. זיך אָנגעלענט אויף דער ביקס.

און דערווייל דערנעענטערן זיך די שונאים. עס קלאַפּן נישט די זעל־נערישע שטיוול. עס הערט זיך נישט קיין רייד. שטיל דערנעענטערט זיך צו פּאַריז דער צוועלפטער פּולק. אין די ערשטע רייען געפינען זיך פיר קליינע פּייקלער. זיי גייען צוזאַמען מיט די שונאים קעגן די אייגענע.

...עס שלאָפן, פעסט שלאָפן די אויסגעמאַטערטע קאָמונאַרן.



שטיל־שטיל גנבעט זיך דער פּולק זעלנער, אָט זענען זיי שוין נאָענט... וואָס טאָן? און פּלוצלונג... האָבן די פּייקלער אָנגעהויבן קלאַפּן „אײַף אַליאַרם“. — טראַ־טאַ־טאַ, טרראַטאַ־טאַ־טאַ, טררראַטאַ!...

צערודערונג אין די רייען פון די אָנגרייפנדיקע! וואָס איז דאָס?! ווער האָט באַפוילן?! אָט דער פּויקן־געקלאַנג וועט דאָך אַלץ קאַליע מאַכן!

און די פּייקלעך פּויקן און פּויקן... זיי רופן: „צום געווער, קאָמונאַרן! צום געווער, זין פון פאָלק!„ טראַכ־טאַ־טאַ־ררר־טאַכ־טאַ! „דער שונא גרייפט אָן, דער שונא פאַרגנבעט זיך, צום געווער, קאָמונאַרן!“

דער קאַפּיטאַן האָט זיך אַ וואָרף געטאָן אויף די פּייקלער און מיט איין זעץ אַוועקגעלייגט פיערן. וואַקסאַוויער האָט זיך הויך צעוויינט און נאָך שטאַרקער געזעצט אין פּויק. דער קאַפּיטאַן האָט מיט אימפּעט אים אַ זעץ געטאָן מיט דער שווערד איבערן קאָפּ. ער איז אַנידערגעפאַלן. טיעבאָ און ווינטאינפעלד האָבן געקלאַפּט אין די פּייקלעך מיט אַלע כוחות, „טראַ־טאַ־טאַ! טראַ־טאַ־טאַ!...“

— וואָס, איר האָט איינגענומען?! — האָט געשריגן ווינטאינפעלד. — זאָל לעבן די קאָמונע! אייער כיטרער איינפאַל איז נישט געלונגען!

געטראָפן פון קוילן, זענען געפאַלן טיעבאָ און ווינטאינפעלד.

אין דער באַפעסטיקונג האָט מען זיך אויפגעכאַפּט. עס האָט אַ זעץ געטאָן די באַטאַרייע, עס האָט זיך דערהערט אַ שיסעריי פון ביקסן. די ווערסאַלצעס האָבן געמוזט אָפּטרעטן.

אויפצומאָרגנס האָבן די קאָמונאַרן געפונען פיר קליינע קערפּערס. דאָס פּעטערל גאַוואָ האָט געווײנט און באַהאַלטן זייערע פּייקלער-שטע-קעלעך.

* *
*

מיט עטלעכע יאָר צוריק איז קיין ראַטנפאַרבאַנד געקומען אַ דעלעגאַ-ציע פון פראַנצויזישע אַרבעטער. צוזאַמען מיט זיי איז געקומען אַ הויכער, גרייז-גרויער קאָמונאַר. אַלס פופצניאָריק יינגל האָט ער געקעמפט אויף די באַריקאַדן פון פּאַריז. ער האָט געבראַכט קיין מאָסקווע די פאָן פון דער קאָמונע.

דער גרייז-גרויער קאָמונאַר האָט זיך שטאַרק אינטערעסירט מיט די פּיאָנערן. דער איבערזעצער האָט אים געבראַכט צו פירן צו די פּיאָנערן פון קראַסנאַיאַ פּרעסניאַ. דאָרט האָט דער אַלטיטשקער דערציילט די געשיכטע וועגן די פיר קליינע פּייקלער און, אַרויסנעמענדיק פון טעקע די פּייקלער-שטעקלעך, זיי געגעבן דעם גרופּן-דערציער.

**באַמערקונג:** אין מאָסקווע אין מוזיי געפינען זיך די שטעקעלעך פון די קליינע פּייקלעך און די פאָן.

## פראַגעס און אויפגאַבעס:

1. מיט וואָס האָבן די קינדער געהאָלפן בעת דער שלאַכט?
2. דערציילט, וויאַזוי זענען די קליינע קאָמונאַרן אַריינגעפאַלן אין געפאַנגענשאַפט?
3. אַ וואָסער פאַרעטערישן פּלאַן פון אָנגריף האָבן געגרייט די ווער-סאַלצעס?
4. וויאַזוי זענען העלדיש אומגעקומען די קליינע פּייקלער? (דערצייל!)
5. צי ווייסטו פון ביכל וועגן נאָך העלדישע קינדער? (דערמאָן זיך און דערצייל).

## וויטאַלי ביאַנקאָ

# וועמענס פיס זענען דאָס?

איז זיך געפלויגן אַ לאַרך הויך איבער דער ערד, אונטער די סאַמע וואָלקנס. ער קוקט אַראָפּ — און פון דער הויך זעט ער ווייט־ווייט — און זינגט:

אונטער וואָלקנס כ'טראָג זיך הויך,
אומעטום מיין אויג דערגרייכט.
אַלץ וואָס טוט זיך אויף דער ערד,
זעט מיין אויג עס אומגעשטערט.

ער האָט אויפגעהערט זינגען, זיך אַראָפּגעלאָזט און געזעצט אויף אַ בערגעלע אָפּרוען.

איז אַרויסגעקראָכן פון אונטער אַ בוים אַ קופּער־שלענגל און זיך אָפּגערופן:

— פון דער הויך זעסטו אַלץ, דאָס איז אמת. נאָר אָט פון אונטן וועסטו קיינעם נישט דערקענען.

— ווי קאָן עס געמאָלט זיין? — האָט זיך פאַרוווּנדערט דער לאַרך. איך וועל באַשטימט דערקענען.

— ווילסט, לייג זיך נעבן מיר. איך וועל דיר פון אונטן אַלעמען ווייזן. און דו טרעף ווער עס גייט.

— זעסט, סאַראַ קלוגינקע! — זאָגט דער לאַרך. — איך וועל צו דיר צוגיין, וועסטו מיר אַריינלאָזן דיין גיפט. איך האָב פאַר שלאַנג מורא.

— עס איז באַלד צו זען, אַז דו פאַרשטייסט גאָרנישט, — האָט געזאָגט דאָס קופּער־שלענגל — ערשטנס בין איך נישט קיין שלאַנג, נאָר אַ פּשוטע יאַשטשערקע, צווייטנס — לאָזן קיין שלאַנגען נישט אַריין קיין גיפט, נאָר — זיי בייסן. פאַר שלאַנגען האָב איך אַליין מורא: זיי האָבן אַזעלכע לאַנגע ציין, און אין די ציינער — גיפט. און ביי מיר זע: פּיטשינקע ציינדלעך. מיט זיי וועל איך נישט נאָר קעגן אַ שלאַנג זיך נישט קאָנען פאַרטיידיקן, נאָר אפילו קעגן דיר.

— איז ווו זענען דיינע פיס, אויב דו ביסט אַ יאַשטשערקע?

— צו וואָס טויגן מיר פיס, אויב איך קריך אויף דער ערד נישט ערגער פון אַ שלאַנג?

— נו, אויב דו ביסט אויף אַן אמת אַן אָנפיסיקע יאַשטשערקע, — האָט געזאָגט דער לאַרך — האָב איך נישט וואָס מורא צו האָבן.

ער איז אַראָפּגעשפּרונגען פון בערגל, האָט די לאַפּקעס אונטער זיך פאַרלייגט און זיך אַוועקגעלייגט נעבן דעם קופּער־שלענגל.

ליגן זיי אַזוי איינס נעבן צווייטן, און דאָס קופּער־שלענגל פרעגט:

— אַנו, הויך־קוקער, דערקען ווער עס גייט, און נאָך וואָס איז ער אַהער געקומען?

דער לאַרך האָט אַ קוק געטאָן פאַר זיך און איז פאַרציטערט געוואָרן: עס גייען איבער דער ערד אַ פּאָר הויכע פּיס, און זיינע פינגער לאָזן אין דער ערד אַ טיפן שפּור. די פיס האָבן אַריבערגעשפּאַנט איבערן לאַרך און זענען פאַרשוווּנדן: מע זעט זיי נישט מער.

דאָס קופּער־שלענגל האָט געוואָרפן אַ בליק אויפן לאַרך און זיך ברייט צעשמייכלט.

ער האָט אַרומגעלעקט מיטן דינעם צינגל די טרוקענע ליפּן און גע־זאָגט:

— נו, מיין פריינד, ווייזט אויס, אַז האָסט נישט געטראָפן די רעטע־ניש. ווען זאָלסט וויסן, ווער ס'האָט איבער אונדז אַריבערגעשפּאַנט, וואָל־סטו זיך נישט דערשראָקן. און איך ליג אַזוי און טראַכט: צוויי לאַנגע פיס, פינגער אויף יעדן פוס זענען פאַראַן דריי גרויסע און איינער אַ קליינער. און איך פאַרשטיי שוין: עס גייט אַ גרויסער פויגל, אַ הויכער, וואָס האָט ליב צו שפּאַצירן איבער דער ערד — ווייל די לאַנגע שטאָרצן זענען באַ־קוועם צו שפּאַצירן. נו, וויבאַלד אַזוי איז עס פאַרבייגעגאַנגען אַ בושל.

דער לאַרך איז אויפגעשפּרונגען פאַר פרייד: דעם בושל האָט ער גע־קענט. אַ רואיקער פויגל, אַ גוטער — ער וועט קיין בייז נישט טאָן.

— ליג און שפּרינג נישט! — האָט אויף אים אַ שיפּע געטאָן דאָס קופּער־שלענגל. — זע: עס גייען ווידער פיס.

אוןווירקלעך: עס הינקען עפּעס אַ פּאָר אומבאַקאַנטע נאַקעטע פיס. די פינגער זענען ווי מיט שטיקלעך טוך צוגענייט.

— טרעף ווער דאָס איז! — זאָגט דאָס קופּער־שלענגל.

דער לאַרך טראַכט, טראַכט, און קאָן בשום אופן זיך נישט דערמאָנען, ער זאָל ווען עס איז פריער האָבן געזען אַזעלכע פיס.

— עך, דו! — האָט זיך צעלאַכט דאָס קופּער־שלענגל. — דעם איז דאָך גאָר לייכט צו דערקענען. זעסט: די פינגער זענען ברייטע, די פיס פּלאַטשיקע, זיי ספּאָטיקען זיך איבער דער ערד, ווען זיי גייען, איז דער־פאַר אין וואַסער אים באַקוועם: ער וועט אַ דריי טאָן די פיס אין אַ זייט — און זיי שניידן דאָס וואַסער ווי מיט אַ מעסער; ער וועט פאַנאַנדערשפּרייטן די פינגער — און ער האָט אַ פאַרטיקע וועסלע. דאָס איז דער טויכער — אַ וואַסער־פויגל — אַרויסגעקראָכן פון דער אָזיערע.

פּלוצעם איז פון בוים אַראָפּגעפאַלן אַ שוואַרץ קניילכל וואָל, האָט זיך אונטערגעהויבן פון דער ערד און געפויזעט אויף די עלנבויגנס.

דער לאַרך קוקט זיך צו און זעט, אַז דאָס זענען גאָרנישט קיין על־נ־בויגנס, נאָר צונויפגעלייגטע פליגל.



דאָס קנײַלכעל האָט זיך אַ דרײַ געטאָן אויף אַ זײַט — פֿון הינטן זענען בײַ דעם חיהשע לאַפּקעס און אַן עק, און צווישן דעם עק און די לאַפּקעס איז אָנגעצויגן אַ הויט.

— אוי, סאַראַ וווּנדער! — האָט געזאָגט דער לאַרך. — דוכט זיך אַ באַפֿליגלט באַשעפֿעניש, ווי איך, און אויף דער ערד קאָן איך עס בשום־אופֿן נישט דערקענען.

— אַהאַ! — האָט זיך דערפֿרייט דאָס קופּער־שלענגל. — דו קאָנסט

נישט דערקענען, אַבי דו האָסט זיך באַרימט, אַז דו זעסט ווייט, ווייט אַלץ אַרום, און קיין פלעדערמויז דערקענסטו נישט.

די פלעדערמויז האָט זיך באַלד אַרויפגעקליבן אויף אַ בערגל, אויסגעגלייכט די פליגל און איז אַוועקגעפלויגן צו זיך אויף דעם בוים.

און אָט קריכן שוין ווידער פיס: קורצע, האָריקע, אויף די פינגער טעמפּע נעגל, האַרטע דלאָניעס, וואָס זענען אויסגעקערט אין פאַרשידענע זייטן.

דער לאַרך האָט אויפגעציטערט, און דאָס קופּער־שלענגל זאָגט:

— איך ליג, קוק און טראַכט: די לאַפּקעס זענען באַוואַקסן — הייסט עס, אַז פון אַ חיה. די לאַפּקעס זענען קורץ, ווי אָפּגעהאַקטע, און די דלאָניעס זענען קרום, די גראָבע פינגער האָבן פעסטע נעגל — איז אַ סימן, אַז מיט אַזעלכע פיס איז שווער צו גיין אויף דער ערד. אָבער אונטער דער ערד צו לעבן, די ערד מיט די לאַפּקעס צו גראָבן און הינטער זיך אָפּצוּוואַרפן — איז דערפאַר זייער באַקוועם. איז טאַקע ביי מיר אויסגעקומען, אַז ס'איז אַן אונטערערדישע חיה. דער מוילוואָרף (קרעט) רופט מען אים. קוק זיך גוט איין, ווייל באַלד וועט ער אונטער דער ערד אַוועקגיין.

דער מוילוואָרף האָט זיך אונטער דער ערד פאַרגראָבן — און ס'איז ווידער קיינער נישטאָ.

דער לאַרך האָט נישט באַוויזן זיך אַ דריי צו טאָן, און ער זעט: עס לויפן איבער דער ערד הענט.

— וואָס איז דאָס פאַר אַן אַקראָבאַט? — וואונדערט זיך דער לאַרך. — צו וואָס טויגן אים פיר הענט?

— כדי איבער צווייגן אַרומצושפּרינגען אין וואַלד. — האָט געזאָגט דאָס קופּער־שלענגל. — דאָס איז דאָך אַ וועווערקע.

— יאָ, — זאָגט דער לאַרך — דו האָסט געוווּנען: איך האָב קיינעם אויף דער ערד נישט דערקענט. איצט לאָז, וועל איך דיר פאַרגעבן אַ רעטעניש:

— ביטע זייער, — רופט זיך אָפּ דאָס קופּער־שלענגל.

— דו זעסט אין הימל אַ טונקעלן פּונקט?

— איך זע, — ענטפערט דאָס קופּער־שלענגל.

— טרעף, וואָסערע פיס האָט ער?

— דו לאַכסט, צי וואָס? — זאָגט דאָס קופּער־שלענגל. — ווי קאָן איך עס אַזוי הויך זען די פיס?

— ווער לאַכט, וואָס לאַכט! — האָט זיך צעבייזערט דער לאַרך. — טראָג אָפּ דיין עק באַצייטנס, כל־זמן ס'האָבן דיך נישט אָנגעכאַפּט אָט די באַנעגלטע לאַפּעס.

ער האָט אַ שאָקל געטאָן מיטן קעפּל צום קופּער־שלענגל, זיך געשטעלט אויף די פיס און איז אַוועקגעפלויגן.

א. טשומאַטשענקאָ

# מיקלוכאָ־מאַקלאַי ביי די פּאַפּואַסן

דעם 8 סעפּטעמבער יאָר 1871, צוועלף אַזייגער בייטאָג איז די שיף „וויטיאַז" אַריין אין דעם איינגוס „אַסטראָלאַביאַ". פון „וויטיאַז" האָט מען אַראָפּגעלאָזט אַ שיפל ביי די ברעגן פון ניי־גווינייע, און דריי מאן זע־נען אין דעם אַריינגעשפּרונגען. דער קאַפּיטאַן פון דער שיף האָט זיך אי־בערגעבויגן איבערן באָרט 1 און פאַרזשמורענדיק די אויגן פון דער זון, גע־קוקט אויף זיי.

— ניקאָלאַי ניקאָלאַיעוויטש! — האָט ער אויסגעשריגן. אפשר וואָלט איר מיט זיך מיטגענומען מער מענטשן? ווער ווייסט זיי דאָרט, אָט די פּאַ־פּואַסן. איר זעט וויפל זייעריקע געפינען זיך אויפן ברעג. עס קאָן נאָך עפּעס שלעכטס געשען.

א מענטש אין אַ גרויסן הוט, איינער פון די דריי, האָט אויפגעהויבן דעם קאָפּ. ער האָט געשמייכלט. דאָס איז געווען דער באַרימטער פאָרשער מיקלוכאָ־מאַקלאַי.

— שרעקט זיך נישט, קאַפּיטאַן. ס'וועט מיר גאָרנישט געשען.

— און אַ ביקס האָט איר? ווו איז אייער ביקס? איך האָב דאָך אייך געזאָגט, איר זאָלט מיט זיך מיטנעמען אַ ביקס!

דער מענטש מיטן ווייסן הוט האָט אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ:

— עס זענען פאַראַן פּאַטשערקעס, לענטעס, טוך... צו וואָס נאָך אַ ביקס? איך האָב ליב צו רעדן מיט מענטשן אָן פולווער. — און, אַ פאָך געבנדיק מיט דעם הוט, זיך אַוועקגעזעצט אויף דער באַנק פון שיפל. די ווערעלעס האָבן זיך אויפגעהויבן, געמאַכט אַ האַלב־קרייז אין דער לופט און זיך איינגעשניטן אין וואַסער.

דער קאַפּיטאַן האָט אַ שאָקל געגעבן מיטן קאָפּ און שוין נישט הויך, נאָר גאַנץ שטיל, צווישן די ציין, געמורמלט אונטער דער נאָז:

— בלויז איין מיקלוכאָ־מאַקלאַי איז פעיק אויף אַזעלכעס. צו ווילדע צו מענטשן־פרעסער — און אַזוי: אָן אַ ביקס, אָן אַ רעוואָלווער, אָן אַ וואַך...

ער האָט אויפגערעגט אַריינגעשטעקט אין מויל זיין קורצע ליולקע און אָנגעהויבן פּיפּקען.

דאָס שיפל איז געגאַנגען צום ברעג זיכער און שנעל.

אַלץ נעענטער און נעענטער איז געוואָרן דער געלער זאַמד־פּאַס. די טונקעלע מאַסן פון געדיכטן גרינס האָט זיך פאַרוואַנדלט אין געדיכט־וואַקסנדיקע שיינע פּאַלמעס. פון די בייברעגיקע פעלדזן זענען אראָפּ־

---

1 באָרט — די זייט פון שיף.

געהאָנגען אין וואַסער שטאַרקע און עלאַסטישע צווייגן פון קריכיקע גע־וויקסן. דער ווינט האָט דערטראָגן דעם אָנגענעמען גערוך פון אומבאַקאַנטע בלומען און גראָזן, קאָלירטע פייגל, די גרויס ווי פלאַטערלעך, און פלאַטער־לעך, די גרויס ווי פייגל, זענען ארומגעפלויגן אין דער געדיכטעניש פון דיביימער.

דאָס שיפל האָט זיך לייכט אַריינגעשניטן אין זאַמד. מאַקלאַי איז אַרויסגעשפרונגען פון שיפל. אַ שמאָלע סטעזשקע האָט זיך אָנגעהויבן גלייך ביים ברעג.

— גייט מיר נישט נאָך. כ׳וועל זיך באַלד אומקערן. — האָט ער גע־זאָגט די מיטרייזנדיקע און איז שנעל אַרויפגעגאַנגען אויף דעם וואַלד־שטעגל.

## דער ערשטער פריינד

מאַקלאַי האָט פאַנאַנדערגעשפרייט די צווייגן און זיך אַרומגעקוקט. דאָס שמאָלע שטעגל האָט געפירט צו אַ ברייטן, גוט איינגעטראָטענעם פּלאַץ. אַרום זענען געשטאַנען הייזקעס. זייערע נידעריקע דעכער, געמאַכט פון פּאַלמען־בלעטער, האָבן זיך אַראָפּגעלאָזט כמעט ביז דער ערד. די טירן זענען געווען אָפן. קיין פענצטער זענען נישט געווען. דאָס ליכט איז אַריינ־געקומען אין שטוב בלויז דורך דער טיר. ער האָט זיך געשטעלט ביים אַריינגאַנג און קוים באַמערקט אין טונקלעניש פון שטוב אַן אייוועלע און אַ קוימען צונויפגעשטעלט פון שטיינער, און אַ בעט צום שלאָפן, גע־מאַכט פון באַמבוק־האָלץ; וווּ־נישט־וווּ איז אויף די ווענט געהאָנגען בינט־לעך פעדערן און מושלעס.

אַריינגיין אין הייזקע האָט מאַקלאַי נישט געוואַגט. ס׳האָט זיך אים געדוכט, אַז אַרום איז נישטאָ קיין לעבעדיק נפש. אין די בלעטער פון די ביימער האָבן רואיק געטרילערט פייגל זייערע געזאַנגען, אין גראָז האָבן געגרילצט פאַרשיידענע קריכיקעס. די שאָטנס פון די צווייגן האָבן זיך געוויגט איבער דער איינגעטראָטענער ערד.

ס׳איז אָבער געווען לייכט צו באַמערקן, אַז דאָ ערשט נישט לאַנג זע־נען דאָ געווען מענטשן. אויף דעם האָט אָנגעוויזן אַ נישט אויסגעטרונקע־נער קאָקאָס־נוס, וואָס איז אויף אַ העלפט געווען מיט „מילך“ — אַ וויים־לעכע פליסיקייט, האָט זיך געוואַלגערט אויף דער ערד. אַ וועסלע, וואָס איז געלעגן אין גראָז, איז געווען פייכט. אַ צעשפּאַלטענער באַמבוק איז געלעגן ביים אַריינגאַנג אין הייזקע. עמעץ איז דאָ געווען און געאַרבעט ביים בוים. אַ נישט פאַרענדיקט שנירל פון מושלען האָט זיך פאַרטשעפּעט אין אַ קשאַק: עמעץ האָט עס לויפנדיק פאַרלוירן, און די מושלען האָבן זיך מיט שטילן רויש, לאַנגזאַם אַראָפּגעגליטשט פון פעדעמדיקן גראָז, אויף וועלכע זיי זענען געווען אָנגעצילעוועט.

מאַקלאַי איז געשטאַנען, זיך צוגעהערט צו דעם געצווייטשער פון די פייגל, צום קלאַנג פון די ציקאַדעס, צום גערויש פון שנעלן באַרג־שטראָם. אַ שאָרך הינטער אים האָט באַלד געוועקט זיין אויפמערקזאַמקייט. ער האָט זיך שנעל אויסגעדרייט און דערזען אַ מענטש. דער מענטש איז דערציטערט געוואָרן און אָנגעהויבן אַנטלויפן.



— שטיי, שטיי! — האָט מאַקלאַי אַ געשריי געטאָן און זיך געלאָזט אים נאָכיאָגן.—האָב קיין מורא נישט, שרעק זיך נישט, איך וועל דיר גאָרנישט טאָן. כ'בין אַ פריינד! הערסט? כ'בין אַ פריינד!

דער אַנטלויפנדיקער מענטש האָט ווי עפּעס פאַרשטאַנען. ער האָט זיך אָפּגעשטעלט און אַ קוק געטאָן אויף מאַקלאַיען.

ניקאָלאַי ניקאָלאַיעוויטש איז פּאַמעלעך צוגעגאַנגען צום פּאַפּואַס און האָט פּונקט אַזוי פּאַמע־לעך, כדי אים נישט צו דער־שרעקן מיט קיין האַסטיקער באַ־וועגונג, אַרויסגענומען פון טאַש אַ שטיק טוך און אים דערלאַנגט. דער פּאַפּואַס האָט פאַרזיכטיק עס גענומען פון אים און באַטראַכט, דרייענדיק עס אויף אַלע זייטן.

און פּלוצעם האָט ער זיך צעלאַכט און דאָס טוך שנעל אָנגעטאָן אויף זיין געקרייזלטן קאָפּ.

מאַקלאַי האָט זיך שטאַרק איינגעקוקט אין פּנים פון פּאַפּואַס. ניין, קיין שום שרעקלעכס איז אין אים נישט געווען!

עס האָבן אויף אים נייגעריק געקוקט אַ פּאָר טונקעלע אויגן. דאָס גרויסע מויל, וואָס איז אינגאַנצן געווען פאַרדעקט מיט באָרד און וואָנצעס, האָט געשמייכלט.

די שוואַרצע געקרייזלטע האָר, די פלאַטשיקע נאָז, דאָס שטאַרקע, שוואַרצע לייב האָבן געגלאַנצט קעגן דער זון. אויף די הענט מיט האַרטע מוסקולן האָבן געבלינצלט בראַסלעטן, געפלאָכטענע פון טרוקענעם גראָז און באַפּוצט מיט קליינע, קאָלירטע מושלען. הינטער איינעם פון די בראַס־לעטן איז געווען צו מערקן אַ ביינערן מעסערל.

מאַקלאַי האָט הויך אויפגעהויבן די הענט מיט די האַנטפלאַכן פאָרויס.

— כ'בין אַ פריינד! אַ פריינד! — האָט ער געזאָגט דעם פּאַפּואַס. —

זעסט, איך בין אַליין! איך בין אָן געווער! כ׳וועל דיר קיין שלעכטס נישט טאָן! שרעק זיך נישט!...

דער פּאַפּוגאַס האָט עטוואָס איינגעבויגן דעם קאָפּ און זיך צוגעהערט צו די קלאַנגען פון די אומבאַקאַנטע ווערטער. ווייזט אויס, אַז ער האָט נישט געפונען קיין שום שרעקלעכס אין אָט דעם ווייסן מענטש, וועלכער איז אַהער צוגעשווומען אויף עפּעס אַ מאָדנער שיפל.

אים האָט געוווּנדערט מאַקלאַיס קליידונג. ער האָט אויסגעצויגן פּאַ-רויס אַ פינגער און פּאָרזיכטיק אָנגערירט די קלאַפּע פון דער מאַרינאַרקע. צו וואָס איז נייטיק די צווייטע פעל? הייסט עס, האָט געטראַכט דער פּאַ-פּואַס, אַז דער ווייסער מענטש האָט נישט קיין אמתע שוואַרצע, גלאַנציקע הויט, וואָס זאָל אים שיצן פון רעגן, זון און ווינט? אומגליקלעכער ווייסער מענטש!...

אַ צופרידענער פון דער דאָזיקער צוטרוילעכער באַוועגונג, האָט מאַקלאַי אַרויפגעלייגט זיין האַנט אויף דער פּלייצע פון פּאַפּואַס.

— קום מיט מיר צום ברעג, — האָט ער זיך צו אים אָפּגערופן נאָך פריינדלעכער — איך וועל דיר ווייזן מיין שיפל, איך וועל דיר שענקען טאַבאַק. איך וועל זיין דיין פריינד. פאַרשטייסט? איך — מאַקלאַי! — און ניקאָלאַי ניקאָלאַיעוויטש האָט זיך עטלעכע מאָל אַ קלאַפּ געטאָן אין ברוסט.

דער פּאַפּואַס האָט זיך ברייט צעשמייכלט. ער האָט עפּעס פאַרשטאַ-נען.

— מאַק-לאַי, — האָט ער מיט שוועריקייט איבערגעחזרט און אָנגע-וויזן אויף ניקאָלאַי ניקאָלאַיעוויטשן. און פּלוצעם האָט ער מיט כוח אַ זעץ געטון זיך אין ברוסט און אויסגעשריגן פייערלעך און שטאָלץ:

— טאוי! טאוי!

מאַקלאַי האָט פריידיק אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ:

— כ׳פאַרשטיי. דו — טאוי. איך — מאַקלאַי. דו טאוי. איך — מאַק-לאַי. אַזוי איז גוט! זענען מיר שוין באַקאַנט. זענען מיר שוין פריינד!

מאַקלאַי און טאוי זענען געשטאַנען אויפן פּלעצל צווישן די הייזקעס און זיך געפּאַטשט אין די הענט.

— טאוי! — האָט געשריגן מאַקלאַי.

— מאַקלאַי! — האָט געשריגן טאוי.

און איינער צום צווייטן האָט געשמייכלט.

— ס׳איז אַלץ אויסגעצייכנט, — האָט געזאָגט מאַקלאַי — אָט זענען מיר שוין געוואָרן פריינד.

## נייע באַקאַנטע

טאוי האָט זיך אומגעקערט אין דעם באַוואָקסענעם ווינקל און אויף זיין גאָרגלדיקער שפּראַך עפּעס אויסגעשריגן.

די צווייגן האָבן זיך לייכט אַ באַוועגט. דאָ און דאָרט האָט זיך פון אונטער די בלעטער אַרויסבאַוויזן אַ געקרייזלטער קאָפּ און טונקל־ברוינע הענט. טאַוי האָט זיי געגעבן אַ צייכן, אַז זיי קאָנען צוגיין נעענטער. די פּאַפּואַסן זענען אָבער געשטאַנען און זיך פון אָרט נישט גערירט.

דעמלט האָט מאַקלאַי גענומען איינעם פון זיי פאַר דער האַנט און אַרויסגעפירט אויף דער מיט פון פּלעצל. שפּעטער אַ צווייטן, אַ דריטן. זיי זענען געווען אַ מאַן אַכט. און יעדערן האָט ער געדאַרפט אַרויספירן און אַוועקזעצן. דאָס איז נישט געווען גאָר לייכט.

מאַקלאַי האָט אָפּגעווישט דעם שווייס פון שטערן און, אַוועקזעצנדיק דעם לעצטן, זיך אַליין געזעצט אויף אַ שטיין צווישן זיי.

ער האָט פון דער טאָרבע, וואָס ער האָט געטראָגן, אַרויסבאַקומען פאַרשידענע קלייניקייטן. דאָ זענען געווען פּאַטשערקעס, טשוועקעס, האַטשיקעס פאַר פיש־פאַנג, און שטיקלעך פון פאַרביקן טוך.

די פּאַפּואַסן האָבן מיט נייגעריקייט זיך צוגעקוקט צו די אויסטער־לישע מתנות און גערן, כאָטש אויך פאָרזיכטיק, זיי גענומען פון מאַקלאַיען.

די פּאַטשערקעס, טשוועקעס און לענטעס זענען געווען פאַנאַנדער־געטיילט. די פּאַפּואַסן האָבן פריידיק געשריגן, געפּאַטשט מיט די הענט, געפּרוווט די טשוועקעס מיט די ציין און געפּרוווט צעשמייכלטע אַדורכ־שטופּן דינע גרעזלעך דורך די לעכלעך פון די פּאַטשערקעס.

טאַוי האָט געזאָגט עטלעכע ווערטער, און צוויי יונגטלעכע האָבן זיך געלאָזט גיין צו די הייזלעך. פון דאָרט האָבן זיי אַרויסגעטראָגן קאָקאָס־ניס, בינטלעך באַנאַנען און אפילו צוויי חזירימלעך, וואָס זענען געווען זייער שטאַרק געבונדן מיט ליאַנעס.

מאַקלאַי האָט געקוקט מיט פאַרוווּנדערונג אויף דעם שפּייז־זאַפּאַס, וואָס זיי האָבן געלייגט צו זיינע פיס. טאַוי האָט פריידיק געשמייכלט.

מאַקלאַי האָט זיך אויסגעדרייט צו טאַויען און אַנטשלאָסן אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ.

— מע דאַרף נישט! איך דאַרף גאָרנישט! לאָזט עס איבער פאַר זיך. הערסט, טאַוי, לאָז עס איבער פאַר זיך!

נאָר טאַוי האָט אויך אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ. ער האָט באַפעלעריש אויסגעצויגן די האַנט, אָנווייזנדיק אויף די חזירימלעך, און שפּעטער צו מאַקלאַיען. „דיינס", — האָט באַדייט די האַנט־באַוועגונג.

מאַקלאַי האָט מיד אַ קנייטש געטאָן מיט די פּלייצעס.

— ס'וועט, ווייזט אויס, גאָרנישט העלפן... מסתמא איז ביי זיי אַזאַ מנהג.

די פּאַפּואַסישע יונגעלייט האָבן זיך אָנגעבויגן צו די מתנות, זיי הויך אויפגעהויבן איבערן קאָפּ, געשטאַנען און געוואַרט אויף מאַקלאַיס באַפעל.

מאַקלאַי האָט זיך ווידער אַרומגעקוקט. אַ דינער לבנה־שטרייף האָט

זיך שוין געליכטיקט אויף דעם בלייך־גרינעם הימל. דער אָוונט איז אומ־באַמערקט און שנעל צוגעפאַלן. טונקעלער זענען געוואָרן דיביימער. די באַרג־שפּיצן האָבן זיך געלויכטן פון וויטנס דאָ און דאָרט. און נאָך שטאַר־קער האָבן געשמעקט די בלומען, וואָס זענען אַראָפּגעהאָנגען פון די שלייפ־אַרטיקע און געבויגענע צווייגעלעך, וועלכע האָבן דערמאָנט אין רייזיקע שלאַנגען.

— נו, שוין צייט אַוועקגיין צום „וויטיאַז" — האָט געזאָגט מאַקלאַי צו די פּאַפּואַסן און זיך אַ נייג געטאָן נידעריק און ערנסט.

די פּאַפּואַסן האָבן ווי פאַרשטאַנען, וואָס עס באַטייט. די יונגטלעכע האָבן נאָך העכער אויפגעהויבן די מתנות און זיך געלאָזט פאָרויס, וויזג־דיק מאַקלאַיען דעם וועג. די איבעריקע זענען געגאַנגען פון הינטן. עמעץ האָט פאַרצויגן אַ ליד. די קלאַנגען פון ליד זענען געווען איינטאָניקע און אומעטיקע. דער וועג האָט זיך אַראָפּגעלאָזט צום ים טרעפּנאַרטיק. די סיג־נאַל־פייערן פון „וויטיאַז" איז געווען צו זען פון וויטנס, דאָס שיפל איז געשטאַנען אויפן זעלביקן אָרט.

מאַקלאַי איז אַריינגעשפּרונגען אין שיפל און האָט געוויזן טאָויען, ער זאָל זיך זעצן לעבן אים. טאָוי האָט אומזיכער אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ. נאָר ווען דאָס שיפל איז אָפּגעשווומען, האָבן צוויי לייכטע פּיראָגן זיך געלאָזן נאָך דעם און עס באַגלייט ביז דעם „וויטיאַז".

## די געזעגענונג

עס איז שוין געוואָרן 15 מאָנאַטן זינט מאַקלאַי לעבט צווישן די פּאַ־פּואַסן. ער האָט איצט שוין אַ סך פריינד.

ער אַרבעט פלייסיק און טוט זיין זאַך, אַ גרויסע און וויכטיקע זאַך. אָט איז זיין דיקער העפט: דאָס איז אַ טאָג־בוך, וועלכן ער פירט זייער פּינקטלעך. יאָ, נישט אומזיסט געפינט זיך דאָ אַזוי לאַנג מאַקלאַי. ער וויל דערוויייזן, אַז ביי די קאָלירקע מענטשן איז די הויט און די האָר פּונקט אַזאַ, ווי ביי די ווייסע.

ער האָט אויפגעעפנט אַ שופלאָד. דאָרט ליגן אין גרויסער אָרדענונג קליינינקע פּאַקעטלעך. אויף יעדן פון זיי אַן אויפשריפט: „טאָוי — 45 יאָר", „דיאַגוסלי — 38 יאָר", „ליאַלו — 18 יאָר", „סעגאַל — 23 יאָר". דאָס זענען אָפּגעשאָרענע האָר פון די פּאַפּואַסן, וועלכע ער האָט שוין עטלעכע מאָל באַטראַכט אונטערן מיקראָסקאָפּ.

ניין, זיינע קעגנער זאָגן ליגן. דאָס זענען די סאַמע געוויינלעכסטע מענטשלעכע האָר. זיי וואַקסן נישט אין קיין באַזונדערע בינטלעך. און זע־נען אויף קיין האָר נישט ענלעך אויף חיהשער פעל.

נאָכהער האָט מאַקלאַי שוין צום וויפלטן מאָל באַטראַכט זיינע קאָ־

לעקציעס, וואָס ער האָט אויפגעזאַמלט אין פאַרלויף פון זיין פאַרברענגען דאָ אויף דעם אינדזל. אָט איז אַ סקעלעט פון אַ „מאַב" — אַ קליין חיהלע, וואָס וווינט אויף די ביימער. אָט איז אַן אויסגעשטאָפּטער שוואַרצער קאַקאַדו (פּאָפּוגאַי). אָט — אַ שאַרבן פון אַ קראָקאָדיל. און גלייך דערנעבן — זאַכן פון טאָגטעגלעכן געברויך ביי די פּאַפּואַסן: אַ ליימענער טאָפּ, אַ הילצערנער טעלער — „טאַביר", „בול-ראַ" — אַ האַלדז-באַנד, געמאַכט פון רייסציינער, און אַפילו אַ „טעל-רוק" — אַ זאַק. אַ זאַק, אין וועלכן די פּאַפּואַסן טראָגן אויף דער פּלייצע זייערע קינדער. אַ סך מאָל האָט מאַקלאַי געזאָגט די מיטרייזנדיקע:

— פאַרוואָס דאַרפן די מענטשן מיט ווייסער הויט זיין האַרן און די מענטשן פון קאָלירקער הויט — קנעכט? איך וועל דערווייזן, אַז די פּאַפּואַסן זענען פעיק צו אַלץ, וואָס ס'איז פעיק דער ווייסער, אַז עס זענען נישט פאַראַן קיין העכערע און נידעריקערע ראַסן! נישטאָ קיין קנעכט און באַפעלער!

מאַקלאַי האָט צונויפגענומען זיינע זאַכן. אָט גייט ער שוין אַרויס פון זיין הייזל. די פּאַפּואַסן זיצן אויף איינגעוואַלגערטע ביימער לעבן זיין הויז און שווייגן. זייערע פּנימער זענען אומעטיק, זייערע אויגן אַראָפּגעלאָזט. אייניקע שאָקלען זיך זיפצנדיק פון איין זייט אויף דער צווייטער.

מאַקלאַי זעצט זיך נעבן טאויען און שווייגט אויך. עס איז אים אומעטיק, זייער, זייער אומעטיק.

— מאַקלאַי, — רופט זיך ענדלעך אָפּ טאוי און הייבט אויף אויף אים זיינע אויגן. — צו וואָס דאַרפסטו אַוועקפאָרן, מאַקלאַי? צי זענען מיר פאַר דיר נישט קיין ברידער?

— ניין, טאוי, איר זענט פאַר מיר אמתע ברידער.

— בלייב מיט אונדז. מיר וועלן דיר אויפבויען הייזלעך אין יעדן דאָרף. אין יעדער הייזל וועט זיין אַן אויוון. ווו דו וועסט נישט קומען, וועסטו האָבן אַ הייסן „בואם". מיר וועלן פאַר דיר אַוועקזעצן „טאַראָ", מיר וועלן גיין אויף יאַגד פאַר דיינעטוועגן, מאַקלאַי.

— פאַרהאַלט מיך נישט. איך וועל זיך נאָך צו אייך אומקערן.

— קער זיך אום וואָס שנעלער, מאַקלאַי.

אַזוי גיך, ווי איך וועל נאָר קאָנען, — האָט געזאָגט מאַקלאַי.

סאַאול און ליאַלו האָבן, שטייענדיק ביז איבער די קני אין וואַסער, אים געהאָלפן פּאַקעווען זיינע זאַכן אין שיפל. דאָס שיפל האָט זיך געוואַקלט. אָנהאַלטנדיק זיך ביי דעם רודער, האָט טאוי, אויך שטייענדיק איבער די קני אין וואַסער, מיט אַלע כוחות איינגעהאַלטן דאָס שיפל.

— פאַרטיק! האָט געזאָגט מאַקלאַי. — מע קאָן שוין פאָרן.

— מאַקלאַי! — זאָגט שטיל סאאול און ציט מאַקלאַיען פאַר דער פּאָלע פון זיין מאַרינאַרקע.

נאָר מאַקלאַי פּאָכעט בלויז מיט דער האַנט.

אָט איז שוין די שיף „איזומרוד". ציט זיך צו זעגענען.

די פּאַפּואַסן נעמען אים אַרום, דריקן שטאַרק צו זייערע ליפּן צו זיינע.

— ווען וועסטו צוריקקומען, מאַקלאַי? — פרעגט אים נאָך אַמאָל טאוי.

— אינגיכן, גאָר אינגיכן.

טאוי פאַרשטייט אים. צום לעצטן מאָל קוקן די פּאַפּואַסן אויף מאַק־לאַיען.

„וואָס נאָך וואָלט מען געקאָנט זאָגן די פריינד ביים געזעגענען?" נאָר מאַקלאַיען איז איצט שווער אַ וואָרט צו זאָגן.

— עמע־מע! עמע־מע! — שרייען די פּאַפּואַסן צו מאַקלאַיען.

— זייט געזונט, פריינד! — ענטפערט זיי מאַקלאַי מיט די זעלביקע ווערטער.

די לעצטע אויסרופן ווערן דערטרונקען אין פאַרטויבנדיקן פייף פון שיף, וועלכע דרייט אוים איר פאָדערשטע טייל רעכטס.

און פּלוצעם, ווי אַן ענטפער אויף דעם געזעגענונגס־פייף, דערהערט זיך אויפן ברעג אַן אומרואיק און הילכיק קלאַפּן פון פּויקן. מאַקלאַי נעמט אַראָפּ דאָס היטל. ער קוקט, נישט אָפּרייסנדיק דעם בליק, אויף די רויטע זעגלען פון די פּיראָגן.

— איך וועל זיך נאָך אומקערן, — שעפּטשען זיינע ליפּן — איך וועל זיך נאָך אומקערן!

## סוף

און מיקלוכאָ־מאַקלאַי האָט געהאַלטן וואָרט. ער האָט זיך צו זיינע פריינד, די פּאַפּואַסן, נאָך צוויי מאָל אומגעקערט. צוויי מאָל האָבן אים זיינע פריינד באַגעגנט מיט געזאַנג און טענץ. צוויי מאָל האָט ער זיי געבראַכט אין שווערע, אין אייזן - געקאָוועטע קאַסטנס פאַרשידענע אויסטערלישע מתנות.

נאָר די צייט איז נישט געשטאַנען אויף אַן אָרט! די צייט איז זייער, זייער גיך געפלאָסן, און ער האָט נאָך נישט דערגרייכט אַלץ, וואָס ער האָט געוואָלט.

ער האָט געוואָלט שאַפן אַ קולטורעל דערפל ביים ברעג פון שטילן אָקעאַן. נאָר אַלע זיינע באַמיונגען אין פעטערבורג ביי דער צאַרישער מאַכט האָבן זיך געענדיקט מיט גאָרנישט.

וואָס אַן אמת, זיינע רעפעראַטן זענען געווען זייער אינטערעסאַנטע, און אַלע געלערנטע האָבן מיט דער גרעסטער אויפמערקזאַמקייט זיי אויס־

געהערט. אָבער דער צאַרישער רעגירונג איז עס אינגאַנצן נישט אָנגעגאַנגען. די געלערנטע האָבן זיך געקאָנט זאָגן, וואָס זיי ווילן, וועגן דעם אויסגעצייכנטן און מוטיקן רייזענדער, נאָר קיין קאָפּיקע האָט מען אים נישט געגעבן. זיינע קאַסטנס מיט די קאָלעקציעס זענען געשטאַנען פאַרקלאַפּטע. זיינע אַרבעטן זענען נישט געדרוקט געוואָרן.

* *
*

מע דערציילט, אַז זיין הייזל אויף סווייעס, איז געשטאַנען זייער לאַנג. די פּאַפּואַסן האָבן אָפּגעהיטן די וווינונג פון זייער פריינד. קיין איין טשוואָק האָבן זיי נישט אַרויסגעצויגן פון די ווענט פון אָט־דעם קליינעם הייזל, קיין איין זאַך האָבן זיי נישט אַרויסגעטראָגן פון דאָרטן.

מע דערציילט נאָך, אַז אָפּט פלעגן קומען די פּאַפּואַסן זיצן אַ ביסל ביי דער הויכער שוועל פון גאַניקל און לאַנג זינגען לידער וועגן דעם ווייסן מענטש, וואָס איז אַ ברודער צו די פּאַפּואַסן.

זיין הויז שטייט פּעסט.
קוק אין דעם אַריין, יונגע לבנה!
פאַר די מענטשן פון האָרענדרו איז ער אַ ברודער —
דיין זון, יונגע לבנה.

## פראַגעס:

1. פאַרוואָס האָט מיקלוכאָ־מאַקלאַי אַזוי לאַנג געלעבט צווישן די פּאַפּואַסן?
2. פאַרוואָס האָבן די פּאַפּואַסן אים ליב געקראָגן?
3. וואָס האָט מיקלוכאָ־מאַקלאַי מיט זיינע אויספאָרשונגען געוואָלט באַווייזן זיינע קעגנער?
4. פאַרוואָס האָבן די פּאַפּואַסן נישט געוואָלט, ער זאָל פון זיי אַוועקפאָרן?
5. פאַרוואָס איז מאַקלאַיען נישט געלונגען פאַרווירקלעכן זיין פּלאַן און אויפבויען צווישן די ווילדע אַ קולטורעל דערפל?

# צום פּאָלוס!

(דערציילט פון העלד פון ראַטנפאַרבאַנד מ. וואָדאָפּיאַנאָוו)

.1

דער אַעראָפּלאַן פליט איבער אַן אייזיקער וויסטע. איך פיר אים אויף צפון. די פּאַרטיי און רעגירונג האָבן מיר געהייסן אַוועקפירן אַ וויסנשאַפטלעכע עקספּעדיציע צום צפון־פּאָלוס[1], ווו ס׳האָט נאָך קיין איינציקער מענטש נישט פאַרבראַכט קיין ווינטער! ביסלעכווייז הייבן מיר זיך אַליין העכער. עס בלאָזט אַן אַנטקעגנדיקער גלייכמעסיקער ווינט. דער אַעראָפּלאַן גייט רואיק: עס הוידעט אים נישט. און פאַר דער הוידעניש האָבן מיר מורא געהאַט מער ווי פאַר אַלץ — די מאַשין איז איבערגעלאָדן מיט מענטשן, שפּייז, געצייג, און ביי אַ שטאַרק הוידען קאָנען נאָך ביים אַעראָפּלאַן אָפּפאַלן די פליגל.

די מאָטאָרן אַרבעטן גוט. עס שיינט העל די זון. פאַר אונדז האָבן זיך באַוויזן עפּעס ברוינע פלעקן. מיין חבר האָט גענומען דעם שפּאַקטיוו, זיך איבער מיר איבערגעבויגן און אַ זאָג געטאָן:

— אַ נעפּל!

„נישט שרעקלעך, — האָב איך געטראַכט — מיר וועלן זיך היינט אַלציינס דערשלאָגן צום פּאָלוס“.

דער נעפּל־פאָרהאַנג האָט זיך אויפגעהויבן אַלץ העכער און העכער. אינגיכן זענען מיר אַריינגעפאַלן אין די וואָלקנס. אונדז האָט זיך נישט געוואָלט אָפּטרעטן. מיר האָבן באַשלאָסן צו פליען ביז דער לעצטער מעגלעכקייט. ווען די אייבערשטע און אונטערשטע וואָלקנס וועלן זיך צונויפשליסן, און דער אַעראָפּלאַן וועט זיך אָנהייבן באַדעקן מיט אייז — דעמאָלט וועט קיין אויסוועג נישט זיין, און מע וועט מוזן זיך צוריקקערן.

אינגיכן האָבן די וואָלקנס אָנגעהויבן שיטערער ווערן. די העלע זון האָט געבלענדט די אויגן. אירע שטראַלן האָבן געפינקלט אויף דער גלאַנציקער מאַראַנצן־קאָליריקער אויבערפלאַך פונעם אַעראָפּלאַן. פיר פּרעכטיקע מאָטאָרן האָבן געזונגען זייער גלייכמעסיק, ריטמיש, זינגעריש ליד.

.2

אונטן האָט זיך אויסגעשפּרייט אַ גרויסע אייזיקע וויסטע. ווו־נישט־ווו האָט איר איבערגעשניטן אַ וואַסערל, וואָס האָט דערמאָנט אין אַ שמאָל

[1] וויסנשאַפטלעכע עקספּעדיציע צום צפון־פּאָלוס — רייזע פון געלערנטע אויסצופאָרשן די געביטן ביים „שפּיץ“ פון דער ערד — ביים פונקט, ווי ס׳גייט אַדורך די אַקס פון דער ערד.

טייכל. זי האָט זיך געצויגן אויף הונדערטער קילאָמעטער און ס׳האָט זיך געדוכט, אַז זי האָט נישט נישט קיין אָנהייב און נישט קיין סוף.

— אין צוואַנציק מינוט אַרום וועלן מיר זיין ביים פּאָלוס! — האָט מיר געמאָלדן דער שטורמאַן[3].

אַנשטאָט צו ענטפערן שאָקל איך צו אים מיטן קאָפּ. און אַליין קוק איך אַראָפּ אונטן. אפשר וועל איך באַמערקן עפּעס אַ פענצטערל אין די וואָלקנס!

די דאָזיקע לעצטע צוואַנציק מינוט האָבן זיך געצויגן באַזונדערס לאַנג.

אַלע מענטשן אין אַעראָפּלאַן האָבן געוואַרט מיט אומגעדולד אויף דעם קורצן וואָרט „פּאָלוס!“.

און אָט איז דער שטורמאַן ווידער צוגעקומען פון זיין אָבסערוויר־בריקל[3] און האָט מיט אַ רואיקער, שטילער שטים געזאָגט:

— אונטער אונדז איז דער פּאָלוס!

דער פּאָלוס! דורות־לאַנג האָט דער מענטש געשטרעבט אַהער זיך צו דערקלייבן. אייניקע האָבן, אַוועקשענקענדיק זייער לעבן, געמאַכט אַ וועג צום שפּיץ פון דער וועלט. און אָט איך, מיט יאָרן צוריק אַ דערשלאָגן דאָרפיש יינגל, בין איצט אַ פליער, וואָס איז דערצויגן געוואָרן דורך דער באָלשעוויסטישער פּאַרטיי, און געפין זיך איבער דעם סאַמע פּאָלוס! צי וואָלט איך געקאָנט ווען־נישט־איז וועגן אַזוינס אפילו טרוימען?

באַלד האָט זיך איבערן אַעראָפּלאַן אַדורכגעטראָגן די נייס, אַז מיר זענען שוין אויפן פּאָלוס! ווען איך האָב אויסגעדרייט דעם קאָפּ אויף אַהינטער, האָב איך געזען די גליקלעכע פּנימער פון מיינע חברים.

עס איז צו מיר צוגעגאַנגען דער ראַדיסט[4]:

— חבר קאָמאַנדיר, ס׳איז פאַראַן צו דיר אַ ראַדיאָגראַמע.

איך האָב זי געעפנט. די ראַדיאָגראַמע איז געווען פון מאָסקווע:

„טאַטע, דעם עקזאַמען האָב איך אויסגעהאַלטן אויף „זייער גוט“. כ׳בין אַריבער אין פערטן קלאַס. וואָווע האָט אויך אויסגעהאַלטן אויף „גוט“. „וויערא“.

ווען איך בין אַרויסגעפלויגן פון מאָסקווע, האָב איך געשלאָסן מיט מיין טאָכטער אַן אָפּמאַך. זי האָט זיך פאַרפליכטעט צו לערנען אויף „זייער גוט“, און איך — אויף „זייער גוט“ דערפליען צום פּאָלוס. און אָט גיט זי מיר צו וויסן, אַז זי האָט די פאַרפליכטונג אויסגעפירט, און איך קאָן איר

---

[2] שטורמאַן (ביי פליער) — ספּעציאַליסט, וואָס פירט דעם אַעראָפּלאַן.

[3] אָבסערוויר־בריקל — דאָס אָרט פון וואַנען דער שטורמאַן קוקט אויפן וועג.

[4] ראַדיסט — ראַדיאָטעלעגראַפיסט, דער וואָס נעמט אויף און שיקט אַרויס דורך ראַדיאָ־טעלעגראַמעס.



נאָך נישט ענטפערן. מיר זענען דאָך נאָך דערווייל איבערן פּאָלוס. צי וועט אונדז געלונגען אַראָפּשטייגן?...

3.

די זון האָט זיך באַהאַלטן, מיר געפינען זיך ווידער אין דער געדיכטער „מילך“ פון נעפּל. אַלע זענען צו צו די פענצטער — יעדער האָט געוואָלט וואָס גיכער זען, ווי עס זעט אויס דער פּאָלוס.

איך האָב געבעטן דעם צווייטן פּילאָט, ער זאָל אַראָפּקוקן, און אויב די וואָלקנס גרייכן ביז דעם סאַמע אייז, זאָל ער מיר וואָרענען, ווייל אַנ־דערש קאָן איך זיך נאָך אַריינשניידן אין די אייז־היגלען. אַליין האָב איך אַכטונג געגעבן אויף די אַפּאַראַטן.

1.000 מעטער — מע זעט גאָרנישט; 900 מעטער — מע זעט גאָרנישט; 800... 700... דורך די וואָלקנס האָט אויף אַן אויגנבליק אַ פינקל געטאָן אייז און ווידער איז אַלץ פאַרשווונדן.

600 מעטער... און מיר זענען אַרויס פון די וואָלקנס.

ווי ווייט דער בליק האָט געגרייכט, האָבן זיך געציגן העל־ווייסע אייז־פעלדער מיט בלויע אָדערן פון וואַסער.

„ווער וועט בלייבן גערעכט? — האָב איך מיר געטראַכט. — די, וואָס האָבן געזאָגט, אַז אויפֿן פּאָלוס קאָן מען נישט אַראָפּשטייגן, צי מיר?“

איך מאַך אַ קרייז, איך קלייב מיר אויס אַ פּאַסיקע אייז־שטיק. דער אַעראָפּלאַן האַלט זיך אין איין אַראָפּלאָזן.

— מיכאַיל וואַסיליעוויטש, איך זע אַ גלאַטע אייז־פּלאַך! — האָט אויסגעשריגן איינער פֿון די חברים.

— אויף מיין אייז־פֿעלד זעין זיך. אָט איז עס! — שרייט אַ צווייטער.

— ניין, מיינס איז גלייכער!

— אָט האָסטו דיר. יעדער האָט שוין דאָ אויפֿן פּאָלוס אַן אייגן אייז־פֿעלד, נו, און איך? מיט וואָס בין איך ערגער פֿון אַנדערע? אויך איך האָב אָנגעהויבן זוכן „מיין“ אייז־פֿעלד...

און אָט האָב איך באַמערקט אַ גרויסע לענגלעכע אייז־שטיק.

איך קלער מיר: „מיר זענען געגאַנגען אַנטקעגן דעם ווינט — הייסט עס, אַז דער ווינט דאַרף דאָ בלאָזן לענגוים דעם אייז־פֿעלד. מע וועט קאָנען זיך אַראָפּלאָזן אויף אים“.

.4

דאָס אייז־פֿעלד האָט זיך געצויגן אויף אַ קילאָמעטער צען. אין מיטן איז געווען צו באַמערקן אַ גלייכע און ריינע פּלאַך. ס'איז געווען דייטלעך צו זען, אַז דאָס אייז איז דיק און שוין זייער אַלט.

איך האָב זיך נאָך אַמאָל אויסגעדרייט און ווידער געפֿלויגן איבער דעם אייז־באַרג. דער שטורמאַן האָט געעפֿנט דאָס אונטערשטע טירל פֿון זיין אָבסערוויר־בריקל און איז גרייט געווען אויף מיין באַפֿעל צו וואַרפֿן אַ רויך־ראַקעטע. זי ברענט איינגאַנצן אַנדערטהאַלבן מינוט. אין דער צייט דאַרף איך מאַכן אַ קרייז, לויטן רויך זיך דערוויסן, אין וואָסער ריכטונג בלאָזט דער ווינט און אַראָפּשטייגן.

אָט האָט זיך געענדיקט דער אייז־באַרג. פֿאַר מיר איז אַ גלייכע פּלאַך. איבערן ווייסן שניי שפּרייט זיך מיר אַנטקעגן אַ שוואַרצער רויך. איך שליס אויס די מאָטאָרן, און נידער אַראָפּ צום אייז... די מאַשין לאָזט אַראָפּ דעם עק, און אין אַ צוויי סעקונדעס אַרום שווימט זי שוין אויף דער הייך פֿון איין מעטער איבערן אייז. דער אַעראָפּלאַן פֿאַרלירט אַלץ מער זיין שנעלקייט, לאָזט זיך אַראָפּ... אָט האָט ער לייכט אָנגערירט דעם שניי, וואָס איז דורך קיינעם נישט באַטראָטן געוואָרן און איז אַוועקגעפֿאָרן פֿאָרויס.

ער איז אָפּגעלאָפֿן אַ 240 מעטער און זיך אָפּגעשטעלט. מיר זענען אויפֿן פּאָלוס!

דאָס איז געשען דעם 21 מאַי אין יאָר 1937, 11 אַזייגער מיט 35מינוט.

לעוו קאַסיל

# אַ בריוו מיט אַן אויסלענדישער מאַרקע

ווען די שיף איז געשטאַנען אין ווייטן האַפן, האָט דער קעסל־הייצער געשיקט צו זיין זון אַ בריוו:

„גוט־מאָרגן דיר, טייערער זון! ווי לעבט זיך דיר? כ'האָב זיך שטאַרק פאַרבענקט נאָך מיין יינגעלע. דעם בריוו שרייב איך דיר פון אַן אויסלענדישן האַפן, ווו עס שטייט אונדזער גוואַרדייאישע[1] שיף.

איצט איז אין דרויסן אַ גוטער וועטער, אָבער ס'איז זייער הייס. דער ים דאָ, אויך די גאַנצע געגנט איז זייער אינטערעסאַנט, און דאָך נישט אַזוי ווי ביי אונדז. ווען ביי אונדז איז טאָג, איז דאָ נאַכט. ווען ביי אונדז איז אָוונט, איז דאָ־הי — באַגינען. אַ סך מיידלעך גייען דאָ אין הויזן. דערפאַר האָב איך אין איין לאַנד געזען זעלנער אָנגעטאָן אין קליידלעך. די פּאָליציי ווידער טראָגט קורצע הייזלעך, ברילן און אַ שירעם. ביי די רייכע זענען דאָ די הינט שטאַרק צעפּיעשטשעט. אַזעלכע חשובע הינט, אַז די באַלעבאַטים פירן זיי נישט אויפן שטריקל, ווען זיי נעמען זיי אויף שפּאַציר. די רייכע הינט שלאָפן אויף ווייכע קישעלעך, פאָרן זיך דורך אויף אויטאָמאָבילן, און אָרעמע מענטשן וואַלגערן זיך אויף דער הוילער ערד.

אַפּישן און שילדן גייען דאָ אַרום צווישן מענטשן אין די גאַסן. די קאַפּיטאַליסטן דינגען דאָ אָרעמעלייט, אַרבעטלאָזע, הענגען אויף זיי אָן שווערע רעקלאַמעס אויף די אַקסלען, און גאַנצע טעג טראָגן זיי זיך אַזוי אַרום מיט זיי.

פיש פליען דאָ אַרום אין דער לופט. איין פיש איז צו אונדז אַריינגעפלויגן. איך האָב אים געכאַפּט, און דער מעכאַניק האָט אים פאָטאָגראַפירט. איך שיק דיר דאָס בילד מיט דעם פיש. דעם פיש האָב איך אויסגעטריקנט און וועל אים דיר ברענגען. איך האָב פאַר דיר נאָך אַ מתנה: אַ שיפעלע. אַ שיפעלע מיט אַן אמתן זעגל, וואָס קאָן שווימען מיטן ווינט און קעגן ווינט. דאָס שיפל האָט מיר געשאָנקען איינער אַ היגער פישער. ער האָט זייער ליב דאָס סאָוועטישע פאָלק. באַזונדערס — אונדזערע ים־לייט. געהערט, אַז איך האָב אַ זון אינדערהיים, האָט ער געבראַכט אַ מתנה. אונדזער לאַנד האָט מען ליב אומעטום. אפילו דאָס וואָרט „פּיאָנער" פאַרשטייט מען. אָבער איך זאָג: מיין זון איז נאָך נישט קיין פּיאָנער, ער איז נאָך צו קליין אויף צו זיין אַ פּיאָנער. ער איז ביי מיר אַן „אָקטיאַבערל". האָבן זיי אויך פאַרשטאַנען. ס'איז דערפאַר, ווייל אונדזער חודש אָקטיאַבער איז ענלעך צו זייער אָקטאָבער.

[1] גוואַרדייאישע — אַזוי הייסן די בעסטע מוסטערהאַפטסטע, העלדישסטע מיליטער־טיילן.

נו, זיי געזונט, זונעלע. טומל נישט אינדערהיים, פאָלג דער מאַמען און מיך פאַרגעס נישט. איך שיק דיר פאַרשידענע מאַרקעס פון די לענדער, ווו מיר זענען געשטאַנען אויפן אַנקער. אינגיכן וועלן מיר זיך זען. דעמלט וועל איך דיר דערציילן וועגן די אַלע ווייטע לענדער. איך בין דאָרט גע־ווען, איבערן ים־אָקעאַן געשוווּמען, דער ווינט האָט אויף מיר געבלאָזן, דאָס וואַסער האָט מיך באַגאָסן, איבער די וואָנצעס איז עס גערונען, אָבער אין מויל איז דאָס וואַסער נישט אַריין. און ס'איז גוט אַזוי, ווייל דאָס וואַ־סער פון ים איז געזאַלצן".

## פראַגעס:

1. וואָס פאַר אַן אויסטערלישע זאַכן האָט געזען דער קעסל־הייצער אין די ווייטע לענדער?
2. וואָס דערציילט ער וועגן דעם, ווי עס לעבט זיך די הינט און וואָס וועגן די אַרבעטלאָזע?
3. פאַרוואָס האָבן די אַרבעטער פון די קאַפּיטאַליסטישע לענדער אַזוי ליב דעם ראַטנפאַרבאַנד?
4. פאַרוואָס זענען ביי אונדז אין לאַנד נישט פאַראַן קיין אַרבעטלאָזע און צי איז שטענדיק ביי אונדז קיין אַרבעטלאָזיקייט נישט געווען?

## רעטעניש

לייענסטו די אותיות פון רעכטס מיט אַ סדר,
פאָרסטו אין דעם איבער ימען און טייכן.
לייענסטו לינקס, טראָגט עס שופּן פאַר קליידער,
און שווימט זיך אין וואַסער, ווי קיינער זיינס גלייכן.

דוד ספּארד

# שימעלע פאָרט אויף אַ זומער־קאָלאָניע

די לעצטע וואָכן האָט שימעלע נישט אויפגעהערט צו קלערן וועגן דער זומער־קאָלאָניע. צום ערשטן מאָל וועט אים אויסקומען אויף אַזאַ לאַנגער צייט זיך צעשיידן מיט טאַטע־מאַמע. די חברים האַלטן אין איין דערציילן וועגן די שפּאַצירן, וואָס זיי האָבן געמאַכט פאַראַיאָרן זומער אין די בערג, וועגן זייער אַרבעט אין פעלד. אָבער שימעלע שטעלט זיך דאָס אַלץ פאָר זייער נישט קלאָר. עס ציט אים און שרעקט. די לעצטע פאָר טעג פאַרן

אוועקפאָרן איז ער שוין גאָר אַרומגעגאַנגען ווי אין שלאָף. די מאַמע, ז
נאָר זי איז געקומען פון דער אַרבעט אין קאָאָפּעראַטיוו, האָט זי זיך גלייך
געכאַפּט צום אויספאַרריכטן און צוגרייטן שימעלעס זאַכן אין וועג אַריין,
ווי ער זאָל פאָרן נישט אויף אַ חודש, נאָר אויף יאָרן. דערביי האָט זי
אים געהאַלטן אין איין אָנזאָגן:

— זעסט, שימעלע, דאָ האָסטו די העמדער, און דאָ אַ וואַרעמען סוועטער. זאָלסט נישט פאַרגעסן אים אָנצוטאָן!... די אָוונטן זענען דאָרט קילע, און קאָנסט זיך נאָך צוקילן. דאָס שאַליקל וועסטו גלייך אָנטאָן, זע אַליין וויפל האַנטוכער דו האָסט, וויפל סקאַרפּעטקעס...

שימעלע האָט דאָס אַלץ געהערט ווי דורכן שלאָף און אויף אַלץ צוגעשאָקלט מיטן קאָפּ. אַ טאָג פאַר שימעלעס אָפּפאָרן האָט די מאַמע זיך אָפּגערופן צום טאַטן:

— ווייסט, איך האָב חרטה אויף דער גאַנצער זאַך.

נאָר דער טאַטע האָט איר שנעל באַרואיקט:

— אַמאָל האָבן אונדזערע קינדער געקאָנט נאָר טרוימען וועגן אַ ביסל גרינס, וועגן פאַרברענגען אַ גאַנצן חודש אויף דער פרישער לופט, איצט ווען מיר קאָנען אונדזערע קינדער פאַרשאַפן אַזעלכע פאַרגעניגנס — קרימסטו זיך נאָך...

די מאַמע האָט נישט אָפּגעענטפערט. זי האָט געוווסט, אַז דער טאַטע איז גערעכט.

און אָט איז געקומען די שעה פון אָפּפאָרן. ביי דער באַן איז געווען אַן ענגשאַפט, אַ טומל און אַ געפילדער. די טאַטעס, די מאַמעס און סתם באַגלייטער האָבן געהאַלטן אין איין אַריינשרייען דורך די פענצטער פון די וואַגאָנען, ווי גראָד איצט זאָלן זיי זיך האָבן דערמאָנט דאָס סאַמע וויכטיקסטע. מע האָט געגעבן אָנגעזאָגט די קינדער, וויאַזוי זיי דאַרפן זיך פירן, ווי צו עסן, ווי צו טרינקען, ווי צו שלאָפן. די קינדער פון אינעווייניק זענען אויך נישט געבליבן הינטערשטעליק און געהאַלטן אין איין רופן צו די טאַטעס, צו די מאַמעס ביז...

ביז דער צוג האָט שטיל און אומבאַמערקט אָנגעהויבן רירן פון אָרט. אויף אַ ווײַלע איז דער טומל געוואָרן נאָך גרעסער. אָבער ביסלעכווייז האָט דער טומל זיך געלאָשן, געוואָרן שטילער, געדעמפטער און ווייטער. די קינדער זענען געבליבן שטיין שווייגנדיק־פאַרטראַכט ביי די פענצטער פון די וואַגאָנען און זיך באַמיט אויפצוכאַפּן די פנימער פון די אייגענע, וועלכע האָבן זיך אָפּגערוקט אַלץ ווייטער און ווייטער. פאַר זייערע אויגן האָט זיך אַלץ מער און מער אָנגעהויבן אויסשיילן די גאַנצע שטאָט, איינגעהילט אין אַ בלוילעך־גאָלדענעם נעפּל, ווי אַ ווייט בילד. עפּעס איז זיי געוואָרן באַנג און אַ שאָד, און זייערע הערצער האָבן זיך אָנגעפילט מיט אַ גרויסער צאַרטער ליבע צו זייערע היימען.

אָבער דאָס אַלץ האָט נישט געדויערט לאַנג. די גרינע פרישע פעלדער, וועלכע זענען שנעל פאַרבייגעלאָפן, זענען פיל געוועזן מיט אָן אַ שיער צוזאָגנדיקע פריידן. די הויכע זאַנגען, וועלכע האָבן זיך אַזוי וויכטיק און קאָמיש געשאָקלט, האָבן דערמאָנט אין די פריידיק-פאַרבראַכטע טעג פון פאָריקן זומער, ווען די זעלבע קאָלאָניע האָט זיך געשטעלט צו הילף ביים שניט אין דעם דערנעבנדיקן לאַנדווירטשאַפטלעכן קאָאָפּעראַטיוו. וואָס פאַר אַ פריידיקע, אינטערעסאַנטע טעג עס זענען דאַן געווען! דאָס געפיל פון אויסגעפירטער פליכט און פון ברענגען נוצן דעם היימלאַנד האָט אַלעמענס הערצער אָנגעפילט מיט שטאָלץ און אומבאַשרייבלעכער פרייד. דער דאַנקבריוו, וועלכן זיי האָבן דאַן באַקומען פאַר זייער פרוכטבאַרער, שיינער אַרבעט באַשיינט נאָך ביז היינט די וואַנט פון שול...

די שווייגנדיק-שווערע שטימונג איז צו ביסלעך פאַרשוווּנדן. חברה האָט זיך אָנגעהויבן פאַרווײַלן, און דער וואַגאָן האָט זיך פּאַמעלעך אָנגעפילט מיט מונטערע קולות און יונגע געלעכטערס. דאָס בלענדנדיקע עלעקטרישע ליכט, וואָס האָט פּלוצעם אַ פליי געטאָן איבערן גאַנצן צוג, האָט נאָך מער אויפגעמונטערט דאָס יונגוואַרג. פון ערגעץ אַ ווייטן וואַגאָן האָט זיך דערטראָגן אַ מעלאָדיע פון אַ פריילעך סקויטן-ליד, און גלייך איז דער גאַנצער צוג פאַרוואַנדלט געוואָרן אין איין ליכטיק געזאַנג, פון וועלכן עס האָט זיך געטראָגן דער רוף צו פרייד און לעבן.

ער האָט זיך איצט געטראָגן, דער צוג, ווי אַ פייערדיקע פייל דורך די פאַרנאַכטיקע ווייטן אַלץ פאָרויס און פאָרויס, און געוועקט די דרימלענדיקע פעלדער מיט פּאַסן ליכט און יוגנטלעך געזאַנג. אָנלויפנדיקע כאַטעס האָבן אים אַנטקעגנגעטראָגן צעשמייכלטע געזיכטער און אַ פריינדלעך פאָכען פון הענט. דאָרפישע יינגלעך און מיידלעך, שפּאַצירנדיק אויף די וועגן, האָבן אים באַגלייט מיט וואַרעם-פאַרבענקטע בליקן און אים נאָכגעשיקט פריינדלעכע ווונטשן.

שימעלע איז די גאַנצע צייט געשטאַנען ביים פענצטער און איינגעזאַפּט אין זיך צוזאַמען מיט די שמעקנדיקע פעלד-ריחות, די דאָזיקע היימישע וואַרעמקייט פון הערצער, און אַ געפיל פון נאָענטקייט צו אַלץ אַרום האָט באַהערשט זיין גאַנץ געמיט.

# אינהאַלט:

